י. פּאַפּיערניקאָוו

# פון אַלץ
# צו
# ביסלעך

* מיט יידיש
* מיט יידישע און נישט-יידישע שרייבער
* פאַרצייכענונגען
* נסיעות

פאַרלאַג
י.ל. פרץ
ישראל

תשל"ד - 1974

# דער ערשטער איינדרוק

## (אַנשטאָט אַ הקדמה)

דער ערשטער איינדרוק פון אַ נאָך־נישט געזעענער דערשיינונג איז על־פּי־רוב אַזאַ, וואָס לאָזט זיך שוין אַ גאַנץ לעבן נישט פאַרגעסן, אַפילו ווען מען האָט שוין נאָך איר געזען אַ סך שטאַרקערע און אינטערעסאַנטערע דערשיינונגען.

איך מיין דאָ, דעם ערשטן איינדרוק פון מיין אָנקומען אין יאָר 1924 צו די ברעגעס פון ארץ־ישׂראל,ביים יפוֹער פּאָרט.

אָנגעקומען בין איך מיט נאָך אַ סך הונדערטער יידן פון פּוילן און ליטע. געווען איז עס אין חודש יולי, ווען אין ארץ־ישׂראל איז בדרך הטבע זייער גוט „אונטערגעהייצט״, חמסיניק און שטיקנדיק אויף נישט צו קאָנען אָטעמען.

פון דעסטוועגן האָבן מיר, די פּאַסאַזשירן, גענומען פאַר ליב דעם שוין צו הייסן „קבלת פּנים״ — כאָטש די שיף אונדזערע האָט אין משך פון פיר טעג און נעכט געשניטן דעם ים ווי אַ מעסער אין פּוטער. שווער איז מיר געוואָרן אויפן האַרצן ערשט דעמאָלט ווען כ׳האָב פון דער שיף אַראָפּ, אַ צוויי הונדערט מעטער ווייט פונעם ברעג — אַ קוק געטאָן אויף דער שטאָט יפוֹ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ טונקל־בלוי־פּאַרוואָלקנטער באַרג פון וועלכן ס׳האָט זיך אַראָפּגעשאָטן אַ שטאָט, וואָס האָט זיך ווי געפּרעגלט אויף אַ פאַן און געקרויכערט אַזוי, אַז כ׳האָב אין האַלדז דערפילט אַ שטיקנ־דיקן טשאַד...

נאָך ערגער איז אָבער געווען דער קבלת־פּנים, וואָס עס האָבן אונדז געמאַכט פון אונטן־אַרויף — אַ גרופּע מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אויף

די אַלטע, צעפּרעסענע שטיינער פון פּאָרט, געמאַכט צו אונדז סימנים מיט די הענט און, מיט חוזק אַרויפגעשריגן: יאָלדן, גייט נישט אַראָפּ! דרייט אויס די שיף אויף צוריק!...

ווי כ׳האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, זענען די שרייער געווען אַ גרופּע קאָמוניסטן פון פּע־קאַ־פּע, וואָס גערופן האָט מען זיי דעמאָלט „מאָפּסן״.

דער אמתער שטיין אויפן האַרץ האָט זיך מיר אָבער געלייגט פון זען אָט וואָס פאַראַ בילד:

אויף די ריזיקע, גראָע שטיינער וואָס אַרום ברעג זענען, ווי אַוועק־געלייגטע ריזיקע באַלעמס, געשטאַנען אויף די קני אַ קאַראַוואַן מיט קעמ־לען, אויף וועלכע האַלב־נאַקעטע, באָרוועסע אַראַבער מיט ברייטע פלודערן און מיט רויטע פעסקעס און טיכער אויף די קעפּ האָבן מיט ווילד געליאַרעם אַרויפגעקאָלערט אייזערנע פעסער מיט צעמענט, און זיי מיט שטריק אַרומגעבונדן אַרום די קעמלבייכער. פון דער שווערער משׂא האָבן די קעמלען נישט געקאָנט זיך שטעלן אויף די פיס און האָבן ביים אויס־גלייכן זיך, אַרויסגעלאָזט אַזעלכע קרעכצן, ווי די ערד וואָלט אונטער זיי געציטערט...

קאַרגע פופציק יאָר שוין לעבט אין מיר דער דאָזיקער ערשטער איינ־דרוק פון מיין אָנקומען אין ארץ־ישׂראל; איך זע נאָך אַלץ דאָס ערשטע עקזאָטישע גיהנום־בילד מיט די קעמלען, וואָס ברעכן זיך אונטער דער לאַסט פון אייזערנע פעסער צעמענט, און ס׳גייט נאָך אַלץ מיר נאָך דאָס קרעכצן זייערס, וואָס דערמאָנט אָן גרענעצלאָזער מאַטערניש און פּיין פון רשעות...

ווי אַ סימבאָל פון מדבר פאַרנעמט דער קעמל אַ גרויס אָרט אין מיינע ערשטע לידער פון ארץ־ישׂראל, וואָס מען האָט עס גערופן „פּאַלעסטינע״. נאָך היינט, ווען כ׳קער זיך בדמיון אום צו מיינע ערשטע יאָרן אין ארץ־ישׂראל — וואַקסט פריִער פאַר אַלץ אויס פאַר מיר דער קעמל, וואָס שטעלט זיך ווי אויף פיר אויסשריי־צייכנס אַוועק פאַר מיר מיט אַ הויך־פאַרריסע־נעם קאָפּ, ווי מיט אַ פרעגצייכן אויף — וואוּהין?...

י. פּ.

# צער פון יידיש

אונטערן קעפל „צער פון יידיש״ האָב איך נאָך מיט אַ סך יאָרן צוריק אָנגעהויבן שרייבן אַ ציקל לידער, וואָס אַ סך פון זיי זענען שוין אין משך פון דער צייט געוועזן פאַרעפנטלעכט. איך קער זיך איצט נאָך אַ מאָל אום צו דער דאָזיקער אָנגעווייטיקטער טעמע יידיש, אָדער יידיש־העברעיִש — אין די ראַמען פון מיינע בלעטלעך זכרונות וועגן ארץ־ישׂראל — אָנהייבנ־דיק פון דער פערטער עליה מיט וועלכער איך בין געקומען אין לאַנד אַריין.

כ׳האָב אויך נישט בדעה צו באַהאַנדלען איצט די גאַנצע פּרשה יידיש פון אַ קולטור־היסטאָרישן אַספּעקט און צו ברענגען דאָ אַלע שוין אַלטע און גוט באַקאַנטע פאַקטן פון אַמאָליקע יידיש־רדיפות, מיט וואָס מען וואָלט געקאָנט אויספילן נישט איין בוך. איך וויל בלויז פון די עטלעכע צענדליק יאָר יידיש־מאַרטיראָלאָגיע ברענגען צום אויסדרוק כאָטש אַ קליינעם טייל פון דעם, וואָס מיר אַליין איז אויסגעקומען אויסצושטיין — פאַר שרייבן יידיש אין ארץ־ישׂראל.

נאָך פאַר מיין קומען קיין ארץ־ישׂראל האָב איך אין פוילן געוווסט, אַז דער ישוב אין ארץ־ישׂראל וויל נישט קיין יידיש, אַז נישט נאָר ער וויל נישט, נאָר ער באַקעמפט יידיש ווי צום שאַרפסטן, און אַז די העברעיִ־שע יוגנט האָט אַפילו געשאַפן אַן אַנטי־יידיש בריגאַדע, אַ „גדוד מגיני השׂפה״, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע מיט כּוח צו באַקעמפן יידיש. כ׳האָב נאָך אין פוילן געהערט ווי דעם דאָקטאָר חיים זשיטלאָווסקין, וואָס איז געקומען אויף אַ באַזוך קיין ארץ־ישׂראל, און אין יפו געדאַרפט האַלטן אַ רעפעראַט אין יידיש — האָבן די גדודניקעס פאַרשלאָסן אין זיין צימער און אים נישט אַרויסגעלאָזט צו גיין האַלטן דעם רעפעראַט. כ׳האָב

פון דעסטוועגן נישט פאַרשטאַנען זענען ווי עס איז מעגלעך, אַז יידן וואָס, נישט זיי, און נישט זייערע קינדער זענען געבוירן געוואָרן אין ארץ־ישׂראל, נאָר אין פוילן, ליטע און רומעניע, ווו דער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט גערעדט, געשריבן און געשאַפן יידיש — זאָלן זיין אַזוי פיינטלעך צו דער שפּראַך פונעם פאָלק, אַז זיי זאָלן זי אַפילו פיזיש באַקעמפן.

ווי איך האָב שוין באַמערקט, זענען די פּאַקטישע קעמפער, ריכטיקער געזאָגט: באַקעמפער פון יידיש, געווען די ארץ־ישׂראלדיקע יוגנט, וואָס האָט צום באַדויערן, באַקומען דערויף די שטומע הסכּמה פון די גייסטיקע פירער פונעם ישוב.

איך וויל זיך אָבער האַלטן ביי דעם, וואָס איך האָב זיך מיטן דאָזיקן קאַפּיטל, לכתּחילה, אָנגעצייכנט: דערציילן נאָר וועגן יענע דיסקרימינאַציעס און באַליידיקונגען, וואָס איך האָב, ווי אַ יידישער שרייבער, אָפּגעפילט, ווי מען זאָגט עס: אויף דער אייגענער הויט...

די יידיש־פיינטלעכע אַטמאָספער האָב איך דערפילט שוין באַלד נאָך מיין אָנקומען אין ארץ־ישׂראל, אין יאָר 1924. געווען איז עס אויפן קבלת־פּנים, וואָס די לינקע פּועלי־ציון האָט פאַר מיר איינגעאָרדנט ביי זיך אין לאָקאַל, אין אַ גרויסן, הילצערנעם באַראַק, וואָס איז אויף זאַמדן געשטאַנען ווי אַ שייער, אויף דער גרענעץ צווישן תּל־אביב און יפו, נאָענט צום ים. שוין האַרט פאַרן אָנהייבן דעם אָוונט האָב איך אין לאָקאַל צווישן די פּועלי־ציון־חברים דערפילט אַ געשפּאַנטקייט און אַ פיבער פון אויסערגעוויינלעכע צוגרייטונגען, ווי ערב אויפנעמען אַ קאַמף;ביים אַריינגאַנג האָבן די אָרדנער אַוועקגעשטעלט אַ דאָפּלטע שמירה פון אינעווייניק און פון דרויסן; שטרענג קאָנטראָלירט די איינלאַדונגען און געהאַט יעדן „פרעמדן" אויפן אויג... ווען איך בין שוין געזעסן אויף דער טריבונע און געהערט די באַגריסונגען, האָב איך גלייכצייטיק געהערט ווי אין דרויסן טוט זיך עפּעס. די העברעיִש־קעמפער פון „גדוד מגיני השׂפה" צוזאַמען מיט סתם אָנגעלאָפענע פון די ארחי־פרחי — האָבן זיך געוואָלט מיט כּוח אַריינרייסן אין לאָקאַל אַריין און יעדעס מאָל געוואָרן אָפּגעשטויסן דורך די אָרדענונג־היטער. דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט זייער פיל מאָל. ווען איך אַליין

האָב גענומען אַ וואָרט און געלייענט מיינע לידער — האָבן שטיינער אין דרויסן געקנאַקט אין די ברעטער, ווי אַ שווערער האָגל...

מיין ערשטער „קבלת־פּנים" איז אָבער נאָר אַ טראָפּן פונעם ים טרוי־עריקע אַנטי־יידיש־אַרויסטרעטונגען, אין וועלכע די העברעיִשע גע־זעל־שאַפטלעכקייט איז געווען „גאָט די נשמה שולדיק"...

# איך פאַר מיט יידיש

שרייבנדיק וועגן מיין „צער פון יידיש" אין ארץ־ישׂראל, וואָלט איך געוועזן ווייט נישט אָביעקטיוו ווען כ'זאָל נישט דערמאָנען אויך מיין ביסל פרייד פון יידיש אין ארץ־ישׂראל. אומגעריכטע, נישט דערוואַרטע פרייד, — דווקא אין די יאָרן, ווען ס'איז אָנגעגאַנגען דער פאַרביטערטסטער קאַמף קעגן יידיש. דאָס ביסל פרייד פון יידיש האָב איך דעמאָלט געהאַט אַ דאַנק מיין אָפטן „אַרומשלעפּן זיך" איבער די קיבוצים.

וואָס אַן אמת בין איך אין יענער צייט נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך „אַרומגעשלעפּט" איבער די קיבוצים. ווער עס איז צו זיי געקומען אויף באַזוך צו אַ קרוב אָדער אַ פריינד; ווער — אַ שמעק צו טאָן, צי עס האָט עפּעס אַ זין זיך אָנצושליסן אין אַזאַ קאָלעקטיוו לעבן; איינער — ווייל ער איז אין שטאָט געווען אַרבעטלאָז און סתם געהאַט צו פיל צייט, און איינער, אַזאַ ווי איך — צוליב בלויזן אינטערעס צו באַקענען זיך מיטן קיבוצישן לעבן. איך מוז אָבער באַמערקן, אַז פון דער דעמאָלטיקער יידישער שרייבער־גרופּע אין ארץ־ישׂראל, בין איך געווען דער איינציקער, וואָס האָט אָפט באַזוכט די קיבוצים אין אַלע ווינקעלעך פונעם לאַנד. ווי מען האָט מיר דעמאָלט אין די קיבוצים באַמערקט (מיט נישט ווייניק פאַרדראָס), זענען אויך די העברעיִשע שרייבער זעלטן־ווען צו זיי אַראָפּגעקומען.

מיינע באַזוכן אין די קיבוצים פלעגן די קיבוצניקעס אויסנוצן, פאַרבייגן אַ ווייל זייער אַנטי־יידיש־פּרינציפּ און דורכפירן, לכבוד מיר, אַ ליטעראַרישע פאָרלעזונג, צו וועלכער זיי וואָלטן מיך ספּעציעל נישט איינגעלאַדן. נישט אין אַלע קיבוצים איז מיין אויפטרעטן אין יידיש אָנגעקומען לייכט. געווען קיבוצים ווו איין טייל פון די חברים האָבן מיך געוואָלט

הערן אין יידיש און אַ צווייטער טייל האָט זיך געשטעלט קעגן, און זענען שוין ביידע צדדים מסכּים געווען, האָט זיך אַריינגעמישט די קיבוצישע יוגנט, וואָס האָט געדראָט מיט אויפרייסן די פאָרלעזונג...

עס זענען אויך געווען פאַלן ווו די קיבוצישע קולטור־פירער, די תּרבותניקעס, איז באַפאַלן ממש אַ פּחד, ווען זיי האָבן מיך דערזען און, געווען זיכער, אַז דאָס בין איך געקומען צו זיי אַריינשמוגלען „יידיש־קאָנטראַ־באַנד". אַזאַ פאַל האָב איך געהאַט אַ מאָל אין „גבעת", אָדער, ווי מען האָט זי דעמאָלט גערופן: „קבוצת פינסק", און אין „גיניגר", ווו מען האָט מיר געגעבן אַ קאַפּוליער אָנצוהערעניש, אַז מען הערט זייער נישט גערן ביי זיי קיין יידיש...

אין עלטסטן קיבוץ אין עמק, אין „עין חרוד", וואָס צוליב זיין פאַרנעם און חשיבות איז ער געווען און געבליבן דער מפא"יישער „וואַטיקאַן" (פונעם וואָרט וותיק) — האָב איך אין משך פון לאַנגע יאָרן באַזוכן אין אים זייער חבר, דעם מאָלער אַפּטעקאַר (אתר ז"ל), דאָרט נישט געקאָנט דורכברעכן די אַנטי־יידיש־וואַנט און אויפטרעטן מיט מיינע ארץ־ישׂראל־לידער אין יידיש. ערשט מיט יאָרן שפּעטער, האָט מען מיר צו אַן הזכּרה נאָך די אומגעקומענע זעקס מיליאָן יידן דערמעגלעכט צו ווערן אָפיציעל איינגעלאַדן פונעם קיבוץ און זיך צו באַטייליקן מיט לייענען מיינע לידער געווידמעט דעם יידישן חורבן. נאָכן דאָזיקן יזכור־אָוונט, האָט מיך „עין חרוד" איינגעלאַדן אויף אַ וואָך שפּעטער אַ צווייט מאָל צו הערן מיינע לידער.

מיט אַ סך יאָרן פריִער נאָך, פאַר מיין דורכברעכן די אַנטי־יידיש־פעסטונג אין „עין חרוד", האָט מען מיך אין 1933 פּלוצלונג איינגעלאַדן אין נאָמען פון אַ גרופּע יונגע העברעיִשע שרייבער — אָנטייל צו נעמען אויף זייערע קאָלעקטיווע ליטעראַרישע אונטערנעמונגען. פאַרשטייט זיך, אַז כ'האָב די איינלאַדונג גערן אָנגענומען.

די כּוונה פון די העברעיִשע שרייבער איינצולאַדן אויף זייערע אויפטריטן אַ יידישן שרייבער האָט אויסגעזען צו זיין אַן עקספּערימענט, ווי אַזוי דאָס העברעיִשע פּובליקום וועט עס אויפנעמען, און אפשר האָבן זיי אויף אַזאַ אָוונט געמיינט מיר פּשוט צו באַווייזן ווי יידיש איז אַלץ און אַלעמען דערווידער? ווער ווייסט?!

כ׳געדענק שוין נישט פון וויפל און פון וועמען די גרופּע איז באַשטאַ־נען. כ׳געדענק נאָר, אַז איך בין געווען דער איינציקער יידיש־שרייבער וועמען מען האָט איינגעלאַדן צום דאָזיקן עקספּערימענט.

דער ערשטער אַרויספאָר פון דער גרופּע איז געווען אין אַ ראש־השנה ביי נאַכט אין קיבוץ „גבעת השלושה״ ביי פּתח־תקווה. צום ליטעראַרישן אָוונט זענען, אויסער די חברים פון קיבוץ, זיך צונויפגעקומען הונדערטער אַרבעטער פון דער גאַנצער אַרומיקער געגנט. אַז כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויפן גרויסן עולם, בין איך, וואָס אַן אמת, געוואָרן אַ ביסל אומרויִק, באַקומען אַ שטיקל „טרעמע״; ווער ווייסט — האָב איך געטראַכט — וואָס פאַראַ „קבלת־פּנים״ עס דערוואַרט מיך פאַר „מיין״ יידיש און וואָס פאַראַ שפּיצל די העברעיִשע קאָלעגן וועלן מיר אָפּטאָן.

כּדי נישט צו רייצן קיינעמס געפילן צו העברעיִש, האָב איך באַשלאָסן נישט צו לייענען מער ווי איין ליד און — געוואָרט אויף מיין ריי.

בעת דער פאָרזיצער, אַ חבר פון קיבוץ, האָט אָנגעמאָלדן מיין אויפ־טריט אין יידיש, איז אין זאַל מיט איין מאָל געוואָרן אַזוי שטיל, אַז כ׳האָב זיך אַזש דערשראָקן; אָט איצט — האָב איך געטראַכט — הייבט זיך אָן מיין מפּלה, און ווער ווייסט מיט וויפל פּוילע אייער מען וועט מיך מכבד זיין... אַז כ׳האָב מיט אַ היפּשער טרעמע דורכגעלייענט מיין ליד און שנעל גענומען אַראָפּגיין פון דער טריבונע, האָב איך צו מיין גרויסער איבער־ראַשונג באַקומען שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן, וואָס קיבוצניקעס זענען איבער־הויפּט נישט געוווינט צו געבן, און ס׳האָבן זיך דערהערט אַ סך קולות: „עוד! להמשיך! ׳האָראַ׳! ׳האָראַ׳!״ און נאָך נעמען פון מיינע לידער, וואָס זענען פאַר אַ סך פונעם עולם געווען באַקאַנט פון פריִער. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ אָנגענעמע איבערראַשונג האָט מיר צוגעגעבן מוט און — כ׳האָב דורכגעלייענט אַ היפּשע צאָל לידער.

אַז מיר זענען נאָכן אָוונט שפּעט ביי נאַכט אַלע צוזאַמען געפאָרן מיט אַ ספּעציעלן אויטאָ צוריק קיין תל־אביב, האָט איינער פון דער גרופּע העברעיִשע שרייבער צו מיר אַ זאָג געטאָן מיט שפּאַס: — נו, פּאַפּיערניקאָוו, האָסט היינט אַריינגעשאָסן אַ „גאָל״!

דעם צווייטן „גאָל״ האָב איך מיט אַכט טעג שפּעטער „אַריינגעשאָסן״ אין ראשון־לציון.

צו דעם דריטן קאָלעקטיוון אָוונט האָט מען מיך שוין נישט איינגעלאַדן — מחמת די העברעיִשע יונגע שרייבער־גרופּע האָט פון ערגעץ באַקומען אַ „ווונק״, אַז זי זאָל אויפהערן צו מאַכן אַזעלכע יידיש־העברעיִשע עקספּע־רימענטן...

נישט לאַנג נאָכן אויסשאַלטן מיך פון דער גרופּע, האָט דער העברעיִ־שער דיכטער אַלכּסנדר פּען, וואָס האָט נישט אָנגעהערט צו קיין שום שריי־בער־גרופּע, מיר געמאַכט אַ פאָרשלאַג, כ׳זאָל מיט אים אַרויספאָרן אין עמק לייענען אונדזערע שאַפונגען אין די קיבוצים. עטלעכע וואָכן זענען מיר אַזוי אַרומגעפאָרן, ער — מיט זיינע העברעיִשע לידער, און איך — מיט יידישע און ס׳האָט אונדז, חלילה, ביידן נישט פאַרשאַדט די שפּראַך־שותּפות... פאַרקערט, ס׳האָט נאָך געהאַט אַ שטיקל פּעולה: אלכּסנדר פּען, וואָס זיין ערשטע שפּראַך איז געווען רוסיש און די צווייטע העברעיִש, — האָט זיך פון מיר אויסגעלערנט יידיש.

# צוליב יידיש

שרייבנדיק מיינע בלעטלעך דערמאָנונגען וועגן ארץ־ישראל — אָנ־הייבנדיק פון דער פערטער עליה, מיט וועלכער איך בין געקומען אין לאַנד אַריין — האָב איך איצט די געלעגנהייט צו ענטפערן אויף אַ קשיה, וואָס נישט איינער האָט מיך געפרעגט מיט צענדליקער יאָרן צוריק.

געפרעגט האָט מען מיך, הלמאי באַזינגענדיק די חלוצים און דאָס חלוצישע לעבן אין די קיבוצים, בין איך פון דעסטוועגן נישט געוואָרן קיין קיבוצניק — היתכן?

וויל איך, ראשית־כל, ענטפערן ווי אַ ייד — מיט אַ קשיה אויף אַ קשיה: ווו שטייט עס געשריבן, אַז יעדע ליבע מוז זיך ענדיקן מיט חתונה־האָבן?... והשנית — האָב איך אין די ערשטע יאָרן פון קומען אין לאַנד אַריין נישט איין מאָל ערנסט געטראַכט וועגן אָנשליסן זיך אין וועלכן ס׳איז קיבוץ פונעם „השומר הצעיר״; כ׳האָב אַפילו געמאַכט עטלעכע פּרוּוון דאָס דורכצופירן און נישט געקאָנט, צוליב דער פיינטלעכער אַטמאָספער צו יידיש אין די קיבוצים, איבערהויפּט מצד די קיבוצישע תרבותניקעס...

אין גאַנצן אויפצוגעבן דעם געדאַנק פון אָנשליסן זיך אין אַ קיבוץ, האָט מיך אַ געשעעניש, וואָס קאָן באַצייכנט ווערן פאַר גרענעצלאָזער גראָב־יונגערישער הפקרות, אָדער פאַר קולטור־וואַנדאַליזם: געשען איז עס אָנהייב די דרייסיקער יאָרן, אין נס־ציונה, אין אַ מחנה פונעם „גדוד עבודה״, וואָס האָט אויף נישט אייגענעם באָדן געלאַגערט, ווי ציגייַנער אין באַראַקן און געצעלטן, און זיך נישט פאַרנומען מיט קיין לאַנד־וויר־טשאַפט, נאָר מיט בויאַרבעט פון „עבודת חוץ״.

ווי אין אַלע קיבוצים פון יענער צייט — בין איך אויך צופעליק „אַריינגעפאַלן" אין דער גדודישער מחנה און אַרויס מיט זיי אַרבעטן ביים לייגן דעם כביש פון נס־ציונה ביז רחובות. נאָך עטלעכע וואָכן אַרבעטן אונטער אַ ברענענדיקער זון ביי „חצץ", ביי צעהאַקן גרויסע שטיינער אויף קלענערע און אויף גאָר קליינע — האָב איך זיך גענומען אַ ביסל „חופש" און אַריינגעפאָרן אַ „לעב טאָן" אין תל־אביב.

אַז כ'בין אין עטלעכע טעג אַרום צוריקגעקומען פאַר נאַכט אין דער מחנה אַריין, האָב איך דערזען אָט וואָס: איבערן גאַנצן שטח, וואָס די מחנה האָט פאַרנומען, האָט דער פאַרנאַכטיקער ווינט זיך אַרומגעיאָגט מיט מענגעס ווייסע פּאַפּירענע בלעטער און יעדער, וואָס איז פון דער מחנה מיר אַנטקעגן געקומען, האָט אין דער האַנט געהאַלטן אַזאַ בלעטל, דערין אַריינ־געקוקט און אַוועקגעוואָרפן.

אַז כ'האָב עס דערזען האָט מיר, געדענק איך, אַ זעץ געטאָן אין האַרץ; כ'האָב אינסטינקטיוו דערפילט, אַז דאָס דאַזיקע בילד מיט די צעוואָרפענע פּאַפּירן איבערן שטח, האָט אַ שייכות מיט מיר און כ'האָב, מיט אומרו, גע־לאָזט זיך גיין צו מיר אין באַראַק, ווו כ'האָב פון אונטער מיין אייזערנעם בעטל אַפערגערוקט מיין אָפן־געלאָזט קעסטל, אין וועלכן כ'האָב אויך גע־האַלטן מיינע מאַנוסקריפּטן און — ס'איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן: דאָס האָט אין דרויסן דער ווינט זיך אַרומגעיאָגט מיט מיינע לידער...

נאָכן דאַזיקן בלוטיקן שפּאַס, וואָס עס האָט געמאַכט מיט מיר אַ גדו־דישער „חברה־מאַן" — בין איך מיט אַ טייל פון מיינע אָפּגעראַטעוועטע לידער צו מאָרגנס צוריקגעפאָרן קיין תל־אביב.

# צי בין איך אַ פּרינציפּיעלער יידישיסט

אין יענע „הייסע" יאָרן פון קאַמף קעגן יידיש אין ארץ־ישׂראל, ווען די „קרימטשאַקעס" * פונעם „גדוד מגיני השׂפה" ** האָבן אויף רוסיש זיך געשלאָגן פאַר העברעיִש און געגעבן קלעפּ פאַר יידיש — אין יענע יאָרן האָט נישט איין העברעיִש־קנאי געוואָלט איך זאָל אים אויפריכטיק זאָגן צי איך שרייב יידיש ווייל איך קאָן נישט קיין העברעיִש, אָדער דערפאַר ווייל איך בין אַ פּרינציפּיעלער יידישיסט.

נישט געפינענדיק פאַר נויטיק זיך צו פאַרענטפערן פאַר מיין „חטא" צו שרייבן יידיש אין ארץ־ישׂראל, פלעג איך די פאַראינטערעסירטע פרע־גער געבן אַן אויסמיידנדיקן ענטפער, אָדער — כ׳פלעג זיי „אָפּשיקן" צו דער מאַמען מיינער, זיי זאָלן ביי איר פרעגן צי זי איז אַ פּרינציפּיעלע יידישיסטקע...

איין מאָל נאָר האָב איך זיך געלאָזט פּראָוואָצירן אויף געבן אַן ענטפער אויף דער פראַגע צי כ׳בין אַ פּרינציפּיעלער יידישיסט.

געווען איז עס נאָך די ערשטע אַכצן יאָר פון מיין לעבן אין ארץ־ישׂראל און, נאָך מיין דורכבערעכן אַן אַנטי־יידיש־פּעסטונג: דעם קיבוצישן „וואַטיקאַן" עין־חרוד, וועלכער האָט, ווי איך האָב שוין ערגעץ־ווו דער־ציילט — מיך איינגעלאַדן צו אַ יזכור־אָוונט נאָך די זעקס מיליאָן אומגע־קומענע יידן. נאָכן רושם וואָס מיינע חורבן־לידער האָבן געמאַכט דאָרט, האָט דער פאָרזיצער פונעם יזכור־אָוונט מיך איינגעלאַדן אויף נאָך אַן

---

* די בחורים געקומענע פון קרים.

** די אָרגאַניזירטע יוגנט־קעמפער קעגן יידיש.

אָונטס — צו הערן פון מיר מיינע ארץ־ישׂראל־לידער. ווען כ׳האָב געענ־דיקט לייענען, האָט זיך דער פאַרזיצער, נישט אָפיציעל, צו מיר אַ בעם געטאָן איך זאָל אים פאַר „כּל עם ועדה״ זאָגן, הלמאַי איך שרייב נישט קיין העברעיִש און, צי בין איך אַ פּרינציפּיעלער יידישיסט. דער קיבוצי־שער עולם איז געזעסן געשפּאַנט, געוואַרט אויף מיין תשובה און, איך האָב דעם „פּראָוואָקאַטאָר״ מיינעם אַ נעם געטאָן אויף אַ „קרייץ־פאַרהער״ — ער זאָל מיר זאָגן פון וואַנען, פון וועלכער שטאָט, אָדער שטעטל, אין פּוילן, ער איז געקומען קיין ארץ־ישׂראל, אויף וואָסער שפּראַך האָבן גערעדט זיינע טאַטע־מאַמע און ער אַליין, און — דערוווּסט האָב איך זיך פון אים, אַז נישט נאָר ער, נאָר אַפילו זיין זיידנס זיידע האָט גערעדט נישט קיין אַנדער לשון נאָר יידיש.

— פאַר וואָס זשע — האָב איך אים געפרעגט — זענט איר קעגן יידיש ?

— צוליב מיין איינשטעלונג צום ציוניזם און צו דער באַנייטער ארץ־ישׂראל־היים, האָב איך אויך באַשלאָסן צו באַנייען אונדזער אַלטע שפּראַך העברעיִש און, נישט רעדן מער קיין יידיש.

— זענט איר דאָך — זאָג איך — אי אַ פּרינציפּיעלער קעגנער פון יידיש אי אַ פּרינציפּיעלער העברעיִסט. איך, דערקעגן, בין פון יידיש נישט אַוועק, ווי כ׳בין נישט אַוועק פון זיך, אַזוי, אַז יידיש איז ביי מיר נישט קיין פּרינציפּיעלער ענין, ווי יידיש איז נישט געווען קיין פּרינציפּ ביי טאַטע־מאַמען און ביי מיליאָנען יידן, וואָס רעדן און האָבן גערעדט און געשאַפן אויף יידיש אוצרות צו וועלכע מען קאָן נאָך לעת עתה, די ביידע העברעיִשע ליטעראַטור נישט פאַרגלייכן. כ׳בין קיין מאָל נישט געווען קיין קעגנער פון העברעיִש און האָב העברעיִש קיין מאָל נישט באַקעמפט, ווי העברעיִסטן באַקעמפן יידיש און מאַכן מיך פאַר אַ „יידישיסט מובהק״. „העברעיִש דאַרף מען רעדן, נאָר יידיש רעדט זיך״ — האָט אַ מאָל געזאָגט ביאַליק, און איך זאָג, אַז ס׳איז פּשוט נאַטירלעך, לייכטער און וואַרעמער צו שרייבן אויף דער שפּראַך, וואָס מען האָט זי געזויגן מיט דער מאַמעס מילך — איידער אויף אַ שפּראַך, וואָס מען האָט זיך זי אויסגעלערנט.

דאָס איז, „בערך", אַלץ וואָס כ'האָב אין מיין פּאָלעמיק געזאָגט דע־מאָלט אויף מיין אַרויסטריט אין עין־חרוד.

מיין פּאָרזיצער, וואָס איז געווען נישט ווייניקער פאַרעקשנט פון מיר, האָט מיינע אַרגומענטן נישט אָנגענומען און געבליבן ביי זיינע פּרינציפּן: קעגן יידיש און פאַר העברעיש.

אין עין־חרוד האָט מען פון יענעם יידישן אָוונט מיינעם — מער קיין יידיש נישט געהערט...

# מיט מיינע „קוזינען״ און „שוועסטערקינדער״

אַז כ׳בין אין יאָר 1924 געקומען קיין ארץ־ישׂראל, איז פאַר מיר געווען אַן איבערראַשנדיקע אַנטפּלעקונג, אַז די אַראַבער געהערן אָן מיט מיר, און איך מיט זיי — „קוזינען״ און „שוועסטערקינדער״. געהערט האָב איך עס טאַקע פון זיי אַליין, פון די אַראַבער — בעת זיי פלעגן פון אַ ייד באַקומען אַן אויסגעבעטענעם ציגאַרעט, געוואָרן באַפרידיקט פון אַ גוטן „באַקשיש״ אָדער סתם זיך אונטערגעחנפעט.

כּדי צו באַווייזן בפועל ממש, אַז זיי געהערן זיך אָן מיט אונדז, יידן, „שמעלקע שבשמעלקע״, אַז טראָץ דעם וואָס זייער נביא איז מאָהאַמעד — שטאַמען זיי, ווי מיר — פון אברהם אָבינו — פלעגן זיי צונויפנעמען פון די הענט די צוויי ווייזפינגער און רייבן זיי איינעם אָן אַנדערן, ווי זיי וואָלטן געריבן אַ שטיין אָן אַ שטיין, כּדי אַרויסצושלאָגן פון זיי פייער און, דערביי זאָגן: „סאַוואַ־סאַוואַ״, נאָענט, הייסט עס, ווי אַ פינגער צו אַ פינגער, אָדער — זיי פלעגן די צוויי ווייזפינגער פאַרבייגן, אַריינגעמען אַ פינגער אין אַ פינגער, ווי אַ רינג אין אַ רינג און „באַווייזן״ ווי זיי זענען מיט אונדז, יידן, געקניפּט און געבונדן — איינס!...

טראָץ די אַלע באַווייזן און פאַרזיכערונגען מכּוח זייער קרובהשאַפט מיט אונדז, האָט מען מיר, פון דעסטוועגן, אַנגעזאָגט צו זיין מיט זיי גע־היטן בעת אַ שפּאַציר פון תל־אביב — צו דער, דעמאָלט אַראַבישער שטאָט יפו, אָדער ערגעץ אין אַ זייטיק געסל ווו עס וווינען נישט קיין יידן.

ס׳האָט מיר אָבער נישט געהאָלפן מיין היטן זיך און כ׳בין נישט איין מאָל, אומגעריכט, געבליבן מיט זיי אונטער פיר אויגן און איינגעשטעלט מיין לעבן...

דאָס ערשטע מאָל האָב איך זיך מיט איינעם פון מיינע „קוזינען״ און „שוועסטערקינדער״ געטראָפן פון דער נאָענט, נישט אונטער צוויי, נאָר אונטער דריי פאָר אויגן.

געווען איז עס אין יאָר 1926 אין תל־אביב, וואָס האָט נאָך נישט געציילט, ווי איצטער — קרוב אַ האַלבן מיליאָן יידן, נאָר — ביי אַ 30־35 טויזנט יידן, מאַקסימום.

אין איינער אַ ווייסער נאַכט אין חודש יולי, ווען די לבנה איז אַזוי גרויס און העל, אַז מען קאָן אונטער איר ליכט לייענען אַ בוך אָדער ווערן פון איר לונאַטיש אַרויסגעצויגן אויף אַ האַלבער נאַכט אין דרויסן אַרויס אונטערן פרייען הימל — האָט זיך מיר פאַרגלוסט מיט אַ מיידל מאַכן אַ שפּאַציר צום ים און זיך אַוועקצוזעצן אויף דער וויכער, זאַמדיקער שויס, די פלאַזשע, וואָס איז שוין לאַנג געווען אָפּגעקילט פון דער בייטאָגיקער היץ און אָפּגעליידיקט פון מענטשן.

זענען מיר ביידע, איך און דאָס מיידל — געצויגן אַזוי פון דער ווייסער נאַכטשיינקייט — געגאַנגען לענג־אויס דעם ברעג פון ים און פאַרגאַנגען אַזוי צום ווייטסטן תל־אביבער שפּאַצירפּונקט פון יענער צייט: צום באַרג, ווו אין דער הויך אויף זיין שפּיץ, איז געלעגן אַ קליין, אַלט אַראַביש בית־הקברות. אויפן נאַקעטן זאַמד, צו פוסנס דעם פאַרוואַקסענעם באַרג, האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט אַ ביסל אָפּצורוען, לאָזן זיך אַ ביסל פעכערן פונעם ים־ווינט און זיך פאַרוויגן פונעם וויכן, זיידענעם ים־רויש.

ווי מיר זענען אַזוי געזעסן אָנגעלענט אָן באַרג, ווי אָן אַ קישן, האָבן מיר פלוצעם דערהערט הינטער זיך אַ פאַרדעכטיק שאָרכן, ווי אַ שלאַנג וואָלט פונעם ווילדן גראָז אַראָפּגעפּויזעט גלייך צו אונדז. ווען מיר האָבן, דערשראָקענע, זיך אויפגעזעצט, איז שוין ביי מיין זייט געזעסן אַ באָרוועסע ווילד־צעשויבערטע געשטאַלט אין וועלכער כ׳האָב דערקענט איינעם פון מיינע „שוועסטערקינדער״; ער האָט גאָרנישט גערעדט און גאָרנישט געפרעגט; פאַררויכערט אַ ציגאַרעט, אים שטאַרק געצויגן און בעת־מעשׂה זייטיק געקוקט אויף לינקס און אויף רעכטס, געוואָלט זיך איבערצייגן צי אויסער איך מיטן מיידל איז קיינער אַרום אונדז נישטאָ.

מיין באַגלייטערין האָט אינסטינקטיוו פאַרשטאַנען, אַז דער אַראַבער מיינט נישט אַזוי מיך ווי זי, און זי האָט מיט ציטער אין די הענט זיך פעסט אָנגעהאַלטן אין מיין אָרעם... איך, ביי וועמען דער מוח האָט, צוליב דער געפאַר, גענומען אַרבעטן שנעלער און שאַרפער ווי געוויינטלעך

— האָב זיך צוגעבויגן צום מיידל און איר שטיל, אויפן אויער, באַפעלעריש אַ זאָג געטאָן: הייב זיך אויף און גיי, איך וועל נאָכקומען! זי האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעשטעלט און גענומען גיין אין דער ריכטונג פון וואַנען מיר זענען געקומען. אַז זי איז שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ פּופציק טריט, האָט זיך אויך דער „רויבפויגל", דער אַראַבער, אויפגעשטעלט און גענומען גיין נאָך איר. ערשט, ווען ער איז אָפּגעגאַנגען ביי אַ פופציק טריט, האָב איך, אומבאַמערקט פאַר אים אויפגעהויבן אַן אייזערנע צוזאַמענגעפּרעס־טע רייף, וואָס איז צופעליק געלעגן פאַר מיינע פיס און, גענומען דער־מיט גיין נאָך אים. דערזען אַז איך גיי נאָך אים — איז ער געבליבן שטיין, ווי גרייט מיט מיר אויפצונעמען אַ קאַמף; כ׳האָב אָבער קיין סך צייט אים נישט געגעבן אויף צוצוגרייטן זיך דערצו, מחמת, כ׳האָב גענומען אים אַנטקעגנלויפן און געטאָן צו אים אַזאַ שפרונג צו, אַז איידער ער האָט באַוויזן זיך אַ וואָרף צו טאָן אויף מיר האָט ער, דערפילנדיק מיין אייזער־נע רייף איבער זיינע פּלייצעס, אַזוי גיך גענומען לויפן און אַנטלויפן, אַז כ׳האָב שוין דעם צווייטן זעץ מיט דער רייף נישט באַוויזן אים צו געבן...

מיין געוואַגטן, פיזישן פאַרמעסט מיטן אַראַבער האָב איך געהאַט צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס איך האָב אין ארץ־ישראל זייער גיך פאַרלוירן דאָס געפיל פון פחד פאַר גויִים, און אויך פון מיין דערוויסן זיך, אַז דעם שטאַרקסטן אַראַבער אַנטוואָפנט מען מיטן ערשטן קלאַפּ, וואָס מען גיט אים...

אַ צווייטע, זייער אומהיימלעכע באַגעגעניש מיט מיינס אַ „שוועסטער־קינד", האָב איך געהאַט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער און דאָס — נישט אין האַלבער נאַכט, נאָר אין אַ מיטן העלן זוניקן טאָג.

געווען איז עס אויפן וועג פון עפולה, צום קיבוץ „מרחביה". כדי איינ־צושפּאָרן אַ ביסל גאַנג מיטן כביש, בין איך אַרויף אויף אַ פעלד מיט זאַנגען און גענומען אים דורכשניידן מיטן אויסגעטראָטענעם סטעזשקעלע, וואָס האָט זיך געצויגן איבער אים, ווי אַ שראַם אויף אַ ליכטיק פּנים...

געפינענדיק זיך שוין אין סאַמע מיטן פעלד, האָט זיך אין דער זאַנגי־קער שטילקייט פּלוצעם דערטראָגן צו מיר אַ טופּען פון פערדישע פיס,

געמישט מיט אַ מענטשלעך סאָפּען פון איילִיקייט. כ'האָב נישט באַוויזן נאָך אַרומצוקוקן זיך און צו זען פון וואַנען דאָס טופּען און סאָפּען קומט, איז שוין האַרט נעבן מיר געשטאַנען אַ ברוין, שלאַנק פערד, אויף וועלכן ס'איז געזעסן אַ צעהיצטער צעכראַסטעטער בעדוּינער מיט אַ ווייס טוך און שוואַרצן בייגל אויפן קאָפּ און מיט אַ זובריִע (אַראַביש האַלב־רונדיק מעסער) אין דער זייט, אויף די לענדן; דער בעדוּינער האָט עפּעס געשריגן אויף מיר, געצאַרנט, געקריצט מיט די ווייסע ציינער און געבליצט מיט די שוואַרצע אויגן, געכאַפּט זיך אַלע ווײַלע צו דער זובריע און מיט דער האַנט געוויזן מיר אויף זיין האַלדז, אַז ער וועט מיך שטעכן...

נישט פאַרשטייענדיק וואָס ער וויל פון מיר, האָב איך אין גרויס שרעק און פאַרצווייפלונג געזוכט מיט די אויגן אין דער שטילער אַרומי־קייט און אויסגעקוקט הילף פון עמעצן, וואָס זאָל אים פאַרשטיין און קאָנען מיט אים רעדן. צו מיין גליק האָב איך פון גאַנץ ווייט אויפן כביש דערזען פאָרן אַ דיליזשאַנס מיט צוויי פּאַסאַזשירן. ווי אַ טרינקענדיקער אין אַ טייך האָב איך אויפגעהויבן ביידע הענט אין דער הויך און מיט אַלע כּוחות גענומען רופן. דער דיליזשאַנס האָט זיך אָפּגעשטעלט, די צוויי פּאַסאַזשירן זענען אַראָפּ פון אים, גענומען גיין צו מיר, זיך דערנענטערט און צו־געקומען. געווען זענען עס צוויי אייראָפּעיִש־געקליידטע אַראַבער מיט רויטע פעסקעס אויף די קעפּ.

איך האָב זיי אָנגעוויזן אויפן בעדוּינער, וואָס דראָט מיך צו דערהרגע־נען און, געבעטן ביי זיי זיי זאָלן אים פרעגן וואָס ער וויל פון מיר. זיי האָבן מיט אים איינגעטענהט, און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַן אַראַביש פעלד איבער וועלכן ער איז דער שומר, און אַז איך האָב, לויט זיינע רייד, געטראָטן אויף גאָטס גאָב, וואָס דאָס איז אַ גרויסע זינד, פאַר וועלכער עס קומט אַ גרויסע שטראָף. נאָך אַ שטיקל חקירה ודרישה צווישן די צוויי קריסטלעכע אַראַבער מיטן בעדוּינער, האָט ער מיט אַ פוס אַ קיצל געטאָן דאָס פערד אונטערן בויך, און אַוועק מיט אים — פייל פון בויגן...

# איך פּראָלעטאַריזיר זיך...

ווי אַ „לייכטער פּאַסאַזשיר", בין איך אין ארץ־ישׂראל אָנגעקומען מיט אַ שווער געמיט, און מיט הענט, וואָס האָבן קיין מאָל נישט געאַרבעט, נישט געהאַט קיין פּאַך אויף צו קאָנען זיין אומאָפּהענגיק פון ליטעראַטור, בפרט פון יידישער ליטעראַטור — אין אַ לאַנד פון שׂנאה פון יידן צו יידיש. נישט קאָנענדיק קיין העברעיִש, איז מיר, בלית ברירה, נישט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג, ווי צו פּרוּוון טאָן דאָס, וואָס עס האָבן דאַן געטאָן אַ סך טויזנטער געקומענע טאַטע־מאַמעס קינדער, וואָס האָבן אין זייער לעבן נישט איינגעטונקען, ווי מען זאָגט עס, אַ פינגער אין קאַלטן וואַסער, נישט אַריינגעקלאַפּט קיין טשוואָק אין דער וואַנט און אין ארץ־ישׂראל געווען געצוווּנגען נעמען זיך צו פיזישער אַרבעט און זיך פּראָלעטאַריזירן.

בכדי צו פּראָלעטאַריזירן זיך און צו האָבן דאָס רעכט אויף אַרבעט, האָב איך קודם־כל באַדאַרפט רעגיסטרירן זיך אין דער אַרבעט־ביוראָ, די „לשכת העבודה" ביי דער אַלגעמיינער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע „הסתד־רות". נאָכן אַרויסגעבן מיר אַן אַרבעטער־קאַרטע, האָט מיר אָבער דער פּקיד דערקלערט, אַז כ׳וועל אין תל־אביב נישט קאָנען בלייבן, מחמת, ס׳וועט גיך נישט זיין פאַר מיר קיין שטאָטישע אַרבעט און מיך גע־עצהט אַריבערצופאָרן קיין פּתח־תקווה, ווו ס׳איז ממש אַן אָנרייסעניש אויף הענט. בלית ברירה בין איך אַוועק קיין פּתח־תקווה, און פאַר טאָג, ווען פון די ביימער און קרומע דעכלעך האָט ווי נאָך אַ רעגן געטריפט פון דער ביינאַכטיקער טראָפּישער פייכטקייט — בין איך אַרויס, ווי ס׳איז געווען דעמאָלט אָנגענומען, אויפן מאַרקפּלאַץ, ווו כ׳האָב שוין געטראָפן אַרומ־דרייען זיך עטלעכע צענדליק בחורים, וואָס האָבן אויסגעזען נישט אויס־געשלאָפן, געפרוירן און הונגעריק...

נאָכן אָפּשטיין אַזוי בערך אַ שעה צייט האָט, רייטנדיק אויף אַן אייזעלע, אָנגעהאָצקעט מיט אַ גרויסן שטרויענעם הוט אויפן קאָפּ, און מיט אַ בייטשל

אין דער האַנט, דער אַרבעט־געבער: אַ יונג מיט אַ פּאָר פעטע פּיסקעס און פעטן קאַרק, אין גרינע בריטשעס און אין ברוינע שטיוולעטן. געווען איז דער בר־נש איינער פון די קולאַקישע זינדלעך, וואָס פלעגן, צוליב די זאַמדן, כּמעט אַ גאַנצן טאָג נישט אַראָפּגיין פון די אייזעלעך און אַפילו אַריינרייטן אויף זיי אין די קאָלאָניסטישע קראָמען. אַז מיר, חברה אַרבעט־זוכער, האָט זיך געכאַפּט אַז דאָס רייט אונדזער ברויטגעבער, האָבן מיר אָן אַ קאָמאַנדע, פון זיך אַליין, זיך צעשטעלט אין אַ ריי. דער יונג איז צו אונדז צוגעריטן, זיך אָפּגעשטעלט, און אַראָפּשפּרינגענדיק פונעם זאָטל גענומען לאַנגזאַם פאַרבייגיין פאַר אונדז אַהין און צוריק און צו באַ־טראַכטן אונדז מיט אַ געניט אויג פון אַ פערדהענדלער, דערנאָך גענומען יעדן איינעם טאַפּן די מוסקולן און אויסבראַקירן... נאָך איידער דער יונג האָט באַוויזן צוצוקומען צו מיר, בין איך מיט אַ פלאַמיק פּנים פון טיפער באַליידיקונג און צאָרן, הינטערווײילעכץ אַרויס פון דער ריי, און אין זעלבן טאָג צוריקגעפאָרן קיין תּל־אביב, און אין דער „לשכּה" געזאָגט אַ תּירוץ, אַז מען האָט מיך אויסבראַקירט...

די „לשכּה" האָט מיר געגעבן אַ צעטל אויף צו פאָרן קיין כּפר־סבא צו לייכטער אַרבעט און באַקומען האָב איך דאָרט אַזאַ אַרבעט מיט וועלכער איך וואָלט באַשטראָפט פאַרברעכער...

באַשטאַנען איז די אַרבעט אין מיסטיקן אַ פּרדס פון אַ פופציק־זעכציק דונאַם. כּדי דורכצופירן די דאָזיקע אַרבעט, האָט מען באַדאַרפט פון אַ זייער טיפן גרוב אַרויסנעמען אַן אָנגעזאַמלט שיטער מיסט פון בהמות, אָנפילן דערמיט זעק, און אויף אַלע פיר דורכקריכן מיט זיי צווישן דער געדיכטעניש פון ביז־צו־דער־ערד צעוואַקסענע, שטעכיקע צווייגן, און אויסשיטן זיי צופוסנס די ביימער. בעתן טראָגן די נאַסע זעק אויף די פּלייצעס, איז די שיטערקייט, אויסגעמישט מיט מיין אייגענעם שווייס, מיר פאַרקראָכן אונטערן קאָלנער פונעם העמד, געררונען איבער מיין לייב און כ'בין געווען דערביי געצוווּנגען נישט שטאַרק צו אָטעמען, כּדי נישט דערשטיקט צו ווערן פונעם געשטאַנק... פון דער דאָזיקער אַר־בעט, וואָס איז ווי אַלע אַרבעטן אין יענער צייט, געוואָרן אָנגענומען אויף „קבלנות" (אויף שטיק) — איז מיר פאָרגעשטאַנען צו פאַרדינען צען פּיאַס־

טער אַ טאָג, ווייל כ׳האָב זיך פיזיש נישט געקאָנט פאַרגלייכן צו די „איינ־רייסער״, ווי עס האָבן געהייסן די יעניקע, וואָס פלעגן וועלן איינער דעם אַנדערן איבעריאָגן, פאַרדינען מער, און טאַקע נושא־חן זיין אויך ביים אַרבעט־געבער...

פון דעם, אַז כ׳וועל פון פרדס אַרויסשלאָגן קוים צען פיאַסטער אַ טאָג — האָב איך זיך דערוווּסט מיטאָגצייט, און כ׳האָב זיך שוין נאָך מיטאָג נישט אומגעקערט צו דער אַרבעט, פאַרשטרייקט הייסט עס, נישט געוואָלט אַזוי ביליק זיך פאַרקויפן צו אַזאַ קאַטאָרזשנער אַרבעט און כ׳בין ווידער צוריקגעקומען קיין תל־אביב.

מער האָט מיך די „לשכה״ אין די קאָלאָניעס נישט געשיקט; מיך גע־לאָזט אין תל־אביב און מיך געשיקט צו שוואַרצער אַרבעט, צו בנין, ווו כ׳האָב אַ גאַנצן טאָג געדאַרפט גיין איבער די הילצערנע רושטאָוואַניעס און טראָגן ציגל ביז צום דאַך צו.

אויפן צווייטן, אָדער דריטן טאָג גיין מיט דער „טראַגע״, וואָס האָט זיך מיר שוין ביז בלוט אַריינגעשניטן אין די אַקסלען, האָב איך איין מאָל אין מיטן גיין מיט דער משׂא, דערפילט ווי די „טראַגע״ איז מיר מיט איין מאָל געוואָרן שווערער ווי זי איז געווען; אַז כ׳האָב פאַרווּנדערט אויס־געדרייט אַ ביסל דעם קאָפּ הינטער זיך, האָב איך נאָך באַוויזן מיטן אויג צו כאַפּן דעם אַרבעט־אויפזעער (אַליין אַן אַרבעטער, אַ הסתדרותניק), וועל־כער איז מיר נאָכגעגאַנגען פון הינטן און מיר צוגעלייגט אַ ציגל נאָך אַ ציגל אויסער דער נאָרמע. אַן אויפגעקאָכטער האָב איך נישט לאַנג טראַכטנדיק געטאָן פון זיך אַ שליידער אַראָפּ די משׂא; צעבראָכן ביז איינעם דעם גאַנצן שטויס ציגל, און דער עיקר: שיר אָפּגעהאַקט מיט זיי די פיס ביים געטרייען משרת פונעם באַלעבאָס פון הויז און — בין געפלויגן פון דער אַרבעט...

נאָך דער געשיכטע מיט די ציגל, האָב איך זיך אַ לאַנגע צייט נישט געוויזן אין „לשכת העבודה״, און כ׳בין אַזוי אַרום, אויטאָמאַטיש אַרויסגע־פאַלן פון דער אַרבעט־צוטיילונג.

פון דעסטוועגן, האָב איך אין נישט איין תל־אביבער הויז און נישט אין איין כביש — מיין חלק בלוט און שווייס. פראָלעטאַריזירן זיך, האָט זיך מיר אָבער נישט איינגעגעבן.

# איך ווין אין „מאַסקאָביאַ" *

אין יאָר 1926, ווען איך מײנע טאָג־ און נאַכט־וואַנדערונגען איבער די תל־אביבער גאַסן, סקווערן און ים־ברעג, איז מײן חצי נחמה געווען די צרות רבים — האָבן זיך פלוצעם פאַרשפּרײט קלאַנגען, וואָס האָבן זיך באַשטעטיקט, אַז די פּאַראַפּיע „מאַסקאָביאַ" האָט צוליב איר שלעכטן עקאָנאָמישן מצב, באַשלאָסן צו פאַרדינגען די וווינונגען פון אירע אײנ־שטאָקיקע בנינים, וואָס געפינען זיך אינעם הויף אַרום דער צערקווע. בלית ברירה האָט זי די וווינונגען געמוזט פאַרדינגען צו ײדן, מחמת די אַראַ־בער פון די דעמאָלט ליגנדיקע דערפער וואָלטן די וווינונגען נישט גע־דונגען, ווײל זײ זענען, פשוט, נישט געוווינט געווען צו וווינען בײ יענעם, און דער עיקר, ווײל זײ זענען געווען צו אָרעם אויף צו קאָנען זיך פאַר־פליכטן צו צאָלן דירה־געלט; די רײכע, ווידער, האָבן זיך אין די וווינונ־גען נישט געניטיקט, מחמת זײ האָבן געהאַט דירות אין זײערע אײגענע הײזלעך.

אויך נישט אַלע דאַכלאָזע ײדן פון תל־אביב, איבערהויפּט משפחות, האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דאָזיקן „גליק" מיט די וווינונגען אין „מאַסקאָ־ביאַ"; געווען איז עס דערפאַר, ווײל צוצוקומען ביז צו דער צערקווע, וואָס שטײט אין גאַנצן צוויי קילאָמעטער פון תל־אביב, האָט מען געדאַרפט דורכגײן עטלעכע אַראַבישע דערפלעך, וואָס זענען אין יענער צײט געווען

* „מאַסקאָביאַ" — אַזוי האָבן די צערקווע גערופן די אַראַבער פון יפו און פון דער אומגעגנט אַרום דער צערקווע. „מאַסקאָב" איז אויף אַראַ־ביש מאָסקווע. „מאַסקאָבי" האָט בײ די אַראַבער געהײסן אויך יעדער אײנער, וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד.

די פיינטלעכע נעסטן פון רויבער און איבערפּאַלער אויף יידיש לעבן און אויף יידיש פאַרמעגן. אַזאַ גאַנג אַהין איז אַפילו אין אַ מיטן העלן טאָג געווען אַ ריזיקאַלישע אונטערנעמונג אויף וועלכער עס האָבן זיך געקאָנט אַנטשליסן נאָר יונגע בחורים, און דאָס — נאָר גרופּעסווייז.

צו איינער אַזאַ „עקספּעדיציע" צווישן וועלכער עס זענען אויך גע־ווען צוויי קינסטלער: דער מאָלער פּרעסמאַן (וווינט אין פּאַריז) און דער מאָלער וואָווע קיבעל (געשטאָרבן אין דרום־אַפריקע) — בין איך צוגע־שטאַנען דער פינפטער און מיר האָבן זיך, באַוואָפנטע מיט געוואַגטקייט, אַראָפּגעלאָזט צו דער „מאָסקאָביאַ" ווו די אייגנטלעכע באַלעבאַטים איבער די וווינונגען זענען געווען אַ גרופּע עלטערע נאָנעס, וואָס האָבן זיך אויסגעהאַלטן פון פאַרקויפן דאָס גרינס פונעם באָדן, וואָס זיי אַליין האָבן באַאַרבעט אינעם גרויסן הויף אַרום דער צערקווע.

נאָך אין זעלבן טאָג, ווען מיר מאָבן ביי די נאָנעס געדונגען אַ צימער פאַר אונדזער „פינפטל", זענען מיר צוריקגעגאַנגען קיין תל־אביב, כּדי צו ברענגען אַהין אונדזער ביסל אָרעמקייט.

קיינער פון אונדז האָט קיין בעט אין דער וווינונג נישט געברענגט. פון דעסטוועגן האָבן מיר זיך באַלד אין די ערשטע שעהען איינגעאָרדנט מיט אונדזער באַלעבאַטישקייט און, ביי נאַכט, אויסגעבעט מיט וואָס ווער עס האָט נאָר געהאַט, געשמאַק געשלאָפן אויפן הילצערנעם דיל צווישן נאַקעטע פעסט געבויטע גראָבע ווענט פון די רוסישע הייזקעס, וואָס זענען באַוואָרנט פאַר די ארץ־ישׂראלדיקע פּרעסט און שנייען...

אינעם ערשטן פרימאָרגן אין דער נייער דירה, איז אונדזער גרעסטע זאָרג געווען: אַפּראָוויזאַציע...

קיינער פון אונדז האָט נישט געאַרבעט, געלעבט, אָדער פון „סיועה", וואָס איז באַשטאַנען פון 25 ־ 35 פּיאַסטער אַ חודש, אָדער — פון כאַפּן אין גאַס קליינע הלוואהלעך פון 2־3 פּיאַסטער...

בעת מיר האָבן איבערגענומען פון די נאָנעס דעם צימער, האָבן מיר צווישן זיך צונויפגעקלאַפּט עטלעכע שילינג פאַרן ערשטן חודש דירה־געלט און — זיך אויסגעבייטלט — כאָטש „לייג די ציין אויף די פּאָליצעס".

דעם ערשטן טאָג האָבן מיר נאָך ווי עס איז, געכאַפּט אויף באָרג אַ ברויט ביי די נאָנעס, וואָס האָבן פאַר זיך אַליין געבאַקן. דערפאַר אָבער, האָבן מיר שוין דעם צווייטן טאָג גוט אונטערגעהונגערט. צו אונדזער גליק האָבן זיך אויפן דריטן טאָג דערמאָנט אָן אונדז צוויי אונדזערע אַלעמענס באַקאַנטע שטאָטישע אַרבעטער, שטיקלעך פּאַרדינער, וואָס האָבן געהאַט אַ באַזונדער גרויסן סענטימענט פאַרן מאָלער קיבעל — האָבן זיי זיך אין אַ שיינעם טאָג אַראָפּגעלאָזט צו אונדז אויף אַ באַזוך פון תל־אביב און מיט זיך מיטגעברענגט אויף עטלעכע טעג שפּייז. היות זיי האָבן זיך צו אונדז אַראָפּגעלאָזט זייער אָפּט און מיט נישט קיין ליידיקע הענט — האָט עס ביי אונדז אין אַ גרויסער מאָס געלינדערט אויף די שווערסטע זאָרג, און מיר האָבן אין צערקווע־הויף אָנגעהויבן זיך פילן, ווי „ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן"...

שעהען לאַנג פלעגן מיר זיך יעדן טאָג זאָרגלאָז אַרומדרייען, ווי אין אַ פאַרלאָזענעם פּאַראַדיז, צווישן בייטן גרינס, שאָטנדיקע ציפּרעס־אַלייען; געזעסן אונטער פייגנביימער און אונטער אַלטאַנעס, ווי אונטער גרינע חופּהס; געגאַנגען איבער פאַרבאָרגענע סטעזשקעלעך, טרעפּ און טרעפּ־לעך; באַזוכט די הייל, וואָס האָט דער פּאַראַפּיע געדינט (און דינט נאָך אַוודאי) אויף דורכצופירן די ריטועלע צערעמאָניע פון „כריסטאָס וואָס־קרעס" (פון יעזוסעס געבורט) אין דער „ווייַנאַכט"; אַ צערעמאָניע, וואָס מיר, יידן, האָבן נישט געקאָנט בייזיין צוליב טאַקטישע און פּאַקטישע טעמים וועגן וועלכע מיר וועט נאָך אויסקומען צו דערמאָנען.

איך מוז אָבער פריִער פאַר אַלץ באַמערקן, אַז נישט אַריינגערעכנט אונדז, די פינף „אַוואַנטוריסטן", האָט מען אין צערקווע־הויף כמעט נישט געזען קיין מענער — אויסער דעם אַראַבישן שומר ביים שטענדיק פאַר־מאַכטן טויער, און דעם אַלטן גלאָקן־ציִער, וואָס האָט אויך געטאָן אַלע שוואַרצע אַרבעטן און געהאָלפן די נאָנעס פון הויף.

זייער בולט האָט דאָס פעלן פון מענער דאָרט זיך אָנגעזען אין אַ זונטיק אין דער פרי בעת דער תפילה אין צערקווע. ווען נישט מיר, די פינף יידישע בחורים, וואָס פלעגן אויפן רוף פונעם גלאָק זיך אָנטאָן און אַריינגיין אין אים — וואָלטן זיי אסור געהאַט אַ מנין...

פאַר אונדזער טאָלעראַנץ פלעגט אונדז דער „פּאָפּ״ אויך מכבד זיין מיט אַ שמעק צו טאַן פונעם ווייַרויך, וואָס ער האָט אונדז צוגעטראָגן האַרט צו דער נאָז... דערפאַר האָבן מיר שפּעטער, בעת מיר האָבן אים באַגעגנט אין הויף, געזאָגט אים אַ ברייטן „זדראַסטוויטע״, געפּרוווט אַפילו עטלע־כע מאָל פאַרטשעפּען אים אויף אַ שמועס, נאָר — אומזיסט! ער האָט אויסגעמיטן צו ענטפערן אויף אונדזערע פראַגן און מיר האָבן אויפגעהערט אים צו באַאומרויִקן... נאָר איין מאָל, בעת ער איז, ווי יעדן זונטיק נאָכן אָפּריכטן די תּפילה, אַרומגעגאַנגען איינער אַליין איבערן גרויסן הויף, און איך בין אים גראָד אַנטקעגנגעקומען מיט מיין „זדראַסטוויטע״, האָט ער זיך פּלוצעם אָפּגעשטעלט און געפרעגט מיך פון וועלכן לאַנד איך קום, ווי לאַנג איך בין שוין אין „פּאַלעסטינע״, און פאַר וואָס מיר, די פּאָר יידישע בחורים, וווינען נישט צווישן יידן אין תּל־אביב, נאָר דווקא דאָ, אין הויף פון אַ צערקווע...

איך האָב אים אויפגעקלערט אַזוי ווי די זאַך איז פאַקטיש געווען, נאָר ער האָט זיך געמאַכט נישט פאַרשטיין, געווען אומצופרידן מיט מיינע דער־קלערונגען, געוואָלט מיך כּסדר כאַפּן ביי אַ ליגן, ביז ער איז, גייענדיק מיט מיר, אַרויס מיטן אַלטן, גוט באַקאַנטן אַנטי־יידן־פּזמון פון דער צאַרישער צייט: ווען נישט מיר, די יידן, וואָלט די צערקווע נישט געווען אין אַזאַ שלעכטן מצב, אַז מען זאָל אַזש דאַרפן פאַרדינגען צו יידן די רוסישע דירות; אַז די יידן האָבן פאַרכאַפּט גאַנץ רוסלאַנד און פאַרטריבן פון זייער היים אַלע גייסטלעכע, וואָס ריכטן איצט אָפּ גלות; אַז יידן זענען קאָמוניסטן, וואָס ווילן ביי די אַראַבער צונעמען זייער הייליק לאַנד „פּאַ־לעסטינע״. אאַז״וו... נאָכן אָפּזאָגן זיין אומזיניקן פּזמון, האָט ער, נישט וועלנדיק הערן מיין פאַרטיידיקונג, זיך לייכט פאַרנויגט פאַר מיר, גע־לאָזט מיך שטיין און אַוועק פראַווען זיין התבודדות אַרומדרייענדיק זיך איבערן צערקווע־הויף ווי אַ געפאַנגענער אויף דער פריי...

נאָך דער געשיכטע מיט זיין אַנטיסעמיטישן אַרויסטריט האָבן מיר אים אַלע אָנגעהויבן אויסצומיידן, אויפגעהערט אים צו באַגריסן און נישט געקומען מער שמעקן ביי אים ווייַרויך... צוליב דער זעלבער סיבה זענען מיר אויך אין זייער „נאָווי גאָד״ אין דער „ווייַנאַכט״ נישט געגאַנגען זען

די צערעמאָניע פון יעזוסעס געבורט. מיר האָבן בלויז אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט איינשלאָפן צוליב די שכורע מענער־קולות, געבראַזג פון פלעשער און פון ווייבערישע קוויטשערייען און געוויינען, וואָס האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן פון איינס פון די אַרומיקע הייזער, ווו די פּאַראָפּיע האָט גע־פייערט די הייליקע ווייַנאַכט־סעודה...

ווי מיר האָבן זיך אויף צו מאָרגנס דערוווּסט, זענען צו דער סעודה געקומען אויך געסט פון דער רוסישער עמיגראַציע, וואָס האָבן זיך אויף טויט אָנגעטרונקען און זיך צעשלאָגן צוליב די פרויען...

אַ פּאָר טעג שפּעטער, נאָך דעם ווי די „חשובע" רוסישע געסט זענען אַוועק פונעם הויף, זענען אויך מיר, דאָס „פּינפּטל", נעלם געוואָרן, נישט חלילה ווייל מיר האָבן אָן זיי נישט געקאָנט לעבן, נאָר ווייל מיר זענען שוין שולדיק געווען פאַר עטלעכע חדשים דירה־געלט און פאַר אַ סך ברויט, וואָס מיר האָבן געגעסן אויף באָרג.

אַז איך זאָג: נעלם־געוואָרן, מיין איך עס טאַקע פּשוטו כמשמעו, אַז די באַלעבאָסטעס אונדזערע, די נאָנעס און אויך דער גלאָקן־ציִער און דער שומר ביים טויער — זאָלן אונדז נישט באַמערקן: אין אַ זייער פינצטערער שטאַרק רעגנדיקער אין־מיטן־דער־נאַכט, ווען אַלץ אַרום איז געלעגן פאַר־זונקען אין אַ טיפן שלאָף, זענען מיר איינציקווייז, ווי שטילע קעץ, אַרויס אין פינצטערן הויף, זיך פאַרגנבעט צום נידעריקסטן טייל פונעם הויכן גע־מויערטן פּאַרקן, אויף דער גיך אַריבערגעוואָרפן איבער אים אונדזערע ווייכע קלומיקעס און, אַזוי גיך איינער נאָכן אַנדערן, מיט דער הילף פון אַ בוים, אַרויפגעכאַפּט זיך אויף אים און אַריבערגעשפּרונגען אויף דער צווייטער זייט.

אַרייַנגעקומען קיין תּל־אביב זענען מיר געוויקלטע אין קאָלדרעס און דורכגעווייקטע ביזן לעצטן פאָדעם...

# אַ מעשה מיט פערל און נאָך עפּעס...

געווען איז עס אין תל־אביב, בימי דעם קאַפעהויז „שלג לבנון״, וואָס האָט אַ סך אַזעלכע ווי איך פאַרטראַכטן אַ שלעכט אומבאַקוועם צימער, אָדער אַ גאַנץ דירהלאָזן, וואָס פלעגט שעהען לאַנג אָפּזיצן ביי אַ גלאָז טיי, קאַווע, אָדער פאַרטיע שאַך. אַגב, פלעגט דאָס טישל אין „שלג לבנון״ מיר פערזענלעך דינען אויך אַלס שרייבטיש, ביי וועלכן כ׳האָב אונטער רעשיק געריידן, געדיכטן רויך פון סיגאַרעטן און געקלאַפּ פון שאַך־פיגורן — אָנגעשריבן דאָס רוב פון מיינע ארץ־ישראל־לידער.

אין איינעם אַ זומערדיקן אָוונט בעת כ׳בין, ווי געוויינטלעך, געזעסן אין דרויסן פאַרן קאַפעהויז, איז צו מיר צוגעקומען עמעצער פון מיינע תל־אביבער באַקאַנטע, און מיר איבערגעגעבן, אַז אין דער פרי זענען ביים פאָרזיצער פון יידישן ליטעראַטן־קלוב געווען צוויי געהיים־אַגענטן און זיך געפרעגט אויף מיר. אַז כ׳בין אויף צו מאָרגנס אַוועק צום פאָרזיצער געוואָר ווערן צו וואָס די געהיים־פּאָליציי זוכט מיך, בעת איך בין, דאַכט זיך, אין גאַנצן כשר, און מיט קיין פּאָליטיק פאַרנעם איך זיך נישט — האָב איך זיך דערוווסט פאָלגנדיקס:

ביי איינער אַ רייכער תל־אביבער „גברת״ האָט מען אַוועקגעגנבעט פאַר אַכט הונדערט פונט פערל, און אין גרויס פאַרצווייפלונג — האָט זי זיך אָנגעהאָנגען אָן אַן אומשולדיק אַרבעטער־מיידל, מיינע אַ באַקאַנטע.

ווי אַזוי די באַגנבעטע פרוי איז געפאַלן אויף די שפּורן פון דער גניבה, איז גאַנץ „איינפאַך״: היות דאָס מיידל האָט געאַרבעט אינעם זעלבן הויז, ווו די פרוי האָט געוווינט, האָט די פרוי באַלד נאָך דער גניבה ביי איר זיך אָנגעטראָפן מיטן דאָזיקן מיידל, וואָס האָט גראָד געהאַט אַ פאַרווונדעטן באַנדאַזשירטן פוס, און — די „גברת״ איז באַלד אַוועק מעלדן דער פּאָליציי, אַז נישט אַנדערש, נאָר דאָס דאָזיקע מיידל האָט זיך דעם

פּוס צעהאַקט בעת זי איז מיט די געגנבעטע פּערל געלאָפן פון די טרעפּ... ס׳האָט זיך פאַרשטייט זיך געלייגט אויפן „שׂכל״, און מען האָט דאָס מיידל אַרעסטירט. וועט איר דאָך פרעגן: „וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס מיט מיר? איז די מעשׂה אַזאַ:

אויף צו מאָרגנס נאָכן אַרעסט פונעם מיידל, בעת אין איר וווינונג איז אויסער מיר קיינער נישט געווען, און איך בין מיר, ווי ביי זיך אין דער היים, באַקוועם געלעגן אויף דער סאָפע, עפנט זיך די טיר און ס׳קומט אַריין אַ רייך־געקליידטע פרוי; דערזען פאַר זיך אַן אומבאַקאַנטן מענטש, דערצו נאָך אַ פרוי — האָב איך זיך פשוט, צוליב טאַקט און אַ ביסל העפלעכקייט, געטאָן אַ זעץ אויף; די פרוי האָט מיך פון אונטער אַ געשלייערטן הוט געפרעגט אויף עמעצן, זיך גוט אַרומגעקוקט, דערקלערט, אַז זי האָט אַוודאי אַ טעות, זיך אַנטשולדיקט און — אַוועק אין דער פּאָליציי מעלדן, אַז זי האָט שוין אויך דעם שותּף צו די פּערל... פאַר אַ באַווייז קעגן מיר, האָט זי אָנגעגעבן, אַז ווען זי איז אַריינגעקומען, האָב איך זיך ראַפּטום אויפגעזעצט, זיך פאַרלוירן און זי מאָדנע באַטראַכט...

נאָך אַזעלכע „קלאָרע באַווייזן״, האָט זיך די געהיים־פּאָליציי אַרויסגע־לאָזט מיך זוכן און כ׳בין אין באַגלייטונג פונעם פּאָרזיצער פון קלוב, אַוועק זיך איבערגעבן אין די הענט פון דער „גערעכטיקייט״.

— אָט האָט איר דעם גנב! — האָט מיין באַגלייטער הויך אָנגעמאָלדן מיך, בעת מיר זענען אַריינגעקומען אין אויספאָרש־צימער. איידער מען האָט נאָך באַוויזן זיך צו נעמען צו מיר האָב איך געעפנט מיין פול־געפּאַקטע טעקע, געטאָן פון איר אַ שיט אַרויס אַ באַרג מיט ביכלעך אויפן טיש אַרויף, און אַ זאָג געטאָן: אָט האָט איר די פּערל! געווען זענען עס אַ גרעסערע צאָל עקזעמפּלאַרן פון מיין נאָר־וואָס דערשינען לידער־זאַמלונג „די פיר און צוואַנציקסטע שעה״. די פּאָליציי האָט, באַטראַכטנדיק מיינע „פּערל״, זיך איבערגעשמייכלט איינער מיטן אַנדערן, זיך געפילט נישט איבעריק באַקוועם, דערקלערט פאַר אונדז, אַז ס׳איז פשוט אַ פּאַרדריס־לעכער טעות, און אַז מען אַנולירט די גאַנצע אומגעלומפּערטע באַשולדי־קונג קעגן מיר און דעם מיידל. פון דעסטוועגן האָב איך ביים אַרויסגיין פון

פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט געמוזט איבערלאָזן דעם אָפּדרוק פון מיינע צען פינ־גער... אַזוי האָט ביי מיר געפּאָדערט, נישט חלילה די יידישע פּאָליציי אין דינסט ביי די ענגלענדער, נאָר דאָס טערקישע געזעץ, וואָס קאָן מאָראַליש באַליידיקן אויך אַ האָטענטאָט...

צוליב אַזאַ טערקיש געזעץ, וואָס זאָגט, אַז מען מעג יעדן איינעם, אויב די נאָז זיינע געפעלט נישט, חושד זיין אין אַ גניבה, און אים אַפילו פון גאַס אַראָפּנעמען אויף פּאָליצייאישער אויספאָרשונג — בין איך מיט יאָרן שפּעטער, נאָך דער געשיכטע מיט די פּערל, נאָך אַ מאָל געווען אַן אָביעקט פון אַזאַ „פּערלדיק" פּאָליצייאיש ספּעקטאַקל, וואָס בעט זיך, אַז מען זאָל עס ביי דער געלעגנהייט דערציילן:

אין איינעם אַ מיטן העלן טאָג, בעת איך האָב אַהיימגייענדיק פון גאַס זיך געפונען שוין פאַרן הויז פון מיין וווינאָרט, איז פאַר מיר פּלוצעם אויסגעוואַקסן אַ פּאָליציי־מאַן און, מיך געהייסן גיין מיט אים אין דער נעבנדיקער פּאָליציי־סטאַציע. אויף מיין פראַגע: פאַר וואָס?! — האָט מיר דער פּאָליציסט באַוויליקט צו ענטפערן בלויז: וועסט שוין געוואָר ווערן, קודם — קום! און אַז פּאָליציי, דערצו נאָך פון אחינו בני ישׂראל, הייסט גיין — קאָן מען קיין „דבר אחר" נישט זיין און מען גייט. אַריינ־קומענדיק אין דער פּאָליציי־סטאַציע, האָב איך שוין געטראָפן נאָך ביין פאַרשוינען, וועלכע מען האָט, ווי מיך, פון גאַס אַריינגעבעטן בישט צו קיין מנין, און כ'האָב זיך דערוווּסט פאָלגנדיקס:

היות דאָס טערקיש־האָטענטאָטישע געזעץ זאָגט, אַז אויב עמעץ קומט אין דער פּאָליציי מעלדן, אַז מען האָט אים באַגנבעט, און ער גיט אויך אָן סימנים ווי דער גנב האָט, ווי אים דאַכט זיך, אויסגעזען — האָט די פּאָליציי דאָס רעכט זיך אַרויסצולאָזן (נישט איבער דער שטאָט) נאָר אין דרויסן אַרום דער פּאָליציי־סטאַציע אין וועלכער מען האָט געמאָלדן וועגן דער גניבה און, פאַרהאַלטן אויף קאָנפראָנטאַציע צען ענלעכע צום גנב... פאַרשטייט זיך, אַז פאַרהאַלטן ווערן נאָר „געמיינע מענטשן": אַרבע־טער און אָרעמע לייט וועמען די פּאָליציי האָט באַזונדערס פיינט, ווייל, ווי דער האַר אַזוי דער דינער...

דער סוף איז געווען, אַז מען האָט אונדז אַלע צען אויסגעשטעלט אין אַ שורה, אויפגענומען אונדזערע נעמען און אַדרעסן. היות לויט די אָנגעגעבענע סימנים, האָט דער גנב געטראָגן אַ ווייס רעקל און איך אַ טונקל — האָט מיר אַ פּאָליציסט געברענגט פון ערגעץ אַ ווייס רעקל און מיך געהייסן איבערטאָן זיך. צו מיין גליק, האָט מיך דער באַגנבעטער נישט „דערקענט״ אויך אין ווייסן רעקל...

אַ דריט מאָל האָב איך געהאַט די „זכיה״ צו ווערן איינגעלאַדן צו דער פּאָליציי — צוליב אַ יידישן זשורנאַל, וואָס אַ גרופּע יידישע שרייבער און איך בתוכם, האָבן בשעתו אַרויסגעגעבן. איינגעלאַדן האָט מען די גאַנצע גרופּע, נאָר יעדן באַזונדער. אַז כ׳האָב ביים יידישן פּאָליציי־אָפיציר געפרעגט פאַר וואָס ער האָט מיך גערופן צו אַן אויספאָרשונג, האָט ער מיר גאַנץ לאַקאָניש געענטפערט: מיר וועלן באַקעמפן יידיש, ווי מיר באַקעמפן קאָמוניזם...

# אַן אייזעלע פאַר אַ שילינג...

די טראַגיקאָמישע געשיכטע, וואָס איך גיי דאָ דערציילן, איז אַזאַ אַלטע, אַז איך געדענק שוין אַזש נישט ווי עס האָט געהייסן מיין שותּף צו איר און ווי אַזוי מיר זענען בכלל געוואָרן שותּפים — נישט צום גורל, נאָר צום צימער אין אַ צריף אויף נוה־שאנן — אין יענער צייט, ווען אין נוה־שאנן זענען נאָך כּמעט נישט געווען קיין געמויערטע הייזער און אויך נישט קיין כּבישים, נאָר זאַמדן און רויע, רויטע חמרה.

איך ווייס אויך נישט ווו ער געפינט זיך היינט, מיין געוועזענער מיט־וווינער, און צי געפינט ער זיך נאָך בכלל אין לאַנד. שוין פינף און דרייסיק יאָר ווי איך האָב אים מער נישט געזען און אין ערגעץ נישט באַגעגנט; כ׳געדענק נאָר, אַז ער איז פון פאַך געווען אַ „באַלאַטשיק״, וואָס האָט אין יענער צייט פונעם גרויסן עקאָנאָמישן קריזיס אין לאַנד, ווען אַ סך טויזנטער אַרבעטער זענען אַרומגעגאַנגען אַרבעטלאָז און געלעבט פון די פינף און צוואַנציק פּיאַסטער אַ חודש „סיוע״ וואָס די הסתדרות האָט געגעבן — האָט מיין „שותּף״ געאַרבעט איין אָדער צוויי טעג אין דער וואָך און געווען פון די גליקלעכע...

זיין גליק האָט אָבער אויך נישט לאַנג אָנגעהאַלטן און ער איז געבליבן זיצן מיט מיר אין צריף און, טראַכטן וועגן אַן אויסגאַנג פונעם שווערן מצב. נאָך לאַנג טראַכטן, איבערטראַכטן און פּלאַנירן צו וואָס זיך צו נעמען — האָבן מירביידע זיך דערטראַכט, אַז ווען מיר וואָלטן געהאַט אונדזער אייגנס אַן אייזל אויף צו קאָנען מיט אים איבערפירן בעטאָנענע בלאָקן, זאַמד, זיפּזיף און כּדומה אַזעלכע בוי־מאַטעריאַלן — וואָלטן מיר געהאַט פּרנסה ברווח; די פראַגע איז נאָר געווען: ווו נעמט מען געלט אויף צו קויפן אַן אייזל?

האָבן מיר דאָך אַ גרויסן גאָט — האָט ער זיך איבערגענומען מיט אונדזער געבעט און זאָרג און אונדז צוגעשיקט די ישועה:

איין מאָל, בעת מיר זענעןביידע געזעסן ביים ליידיקן טיש און גע־דאגהט, האָט אין אָפענעם פענצטער פון צריף זיך דערזען אַ קאָפּ פון אַ קליין אַראַביש יינגל, וועלכער האָט אונדז עפּעס אָנגעבאָטן צו קויפן; אַז מיר זענען צו צום פענצטער, כּדי צו זען מיט וואָס ער האַנדלט, האָבן מיר געזען, אַז ער איז נישט אַליין: מיט אים איז געשטאַנען אַ פיר־פיסיק באַשעפעניש, וואָס נאָר די לאַנגע אויערן האָבן עדות געזאָגט, אַז עס איז אַן אייזעלע; דאָס אויסגעדייווערטע באַשעפעניש מיט דער צעפּאַסעוועטער פעל און אויסגעקראָכענעם עק האָט דאָס אַרומגעריסענע, באָרוועסע אַראַב־טשיקל געהאַלטן נעבן זיך צוגעבונדן אויף אַ שטריקל און — עס פאַר־געלייגט אונדז צו קויפן ביי אים פאַר גאַנצע דריי שילינג...

נאָך אַ קורץ דינגען זיך מיט אים, איז ער איינגעגאַנגען אויף אַ שילינג און מיר האָבן מיט גרויס שׂמחה פאַר דעם גרויסן נס, וואָס איז אונדז געשען, צוגעבונדן דאָס אייזעלע צום פענצטער. דאָס אייזעלע איז גע־שטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַ פאַרמשפּטער ערב דער עקזע־קוציע און, ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אָט, אָט און ס׳וועט טאָן אַ פאַל צו דער ערד און אויסציִען די קאָפּעטעס...

מיר, ווידער, זענען פול געוואָרן מיט פרישע זאָרגן וועגן עסן פאַרן אייזעלע אויף וועלכן, ס׳איז פּשוט, אַ צער בעלי־חיים, און אויסער דעם — אַז ס׳וועט נישט קריגן דאָס איריקע — וועט זי אונדז נישט קאָנען געבן דאָס אונדזעריקע, נישט קאָנען שלעפן פאַר אונדז דעם יאָך פון פּרנסה.

נאָך עטלעכע שעה זיין פאַרנומען מיטן גורל פון אונדזער פיר־פיסיקן ברויטגעבער, האָבן מיר פּלוצעם דערהערט ווי אין דרויסן טומלט זיך עפּעס אויפן אַראַבישן שטייגער: אַ סך שטימען און אַ סך קולות פאַלן זיך אַריין איינס אין אַנדערן און הייבן זיך צוזאַמען אויף, ווי אַ געדיכטער שטויב אין אַ הייסן ווינט. מיר האָבן נאָך נישט באַוויזן צוצוגיין צום פענצטער אַ קוק צו טאָן, וואָס עס איז געשען — איז אונדזער צריף געווען ווי באַלאַ־גערט פונעם גאַנצן שכנותדיקן אַראַבישן דאָרף „סאַלאַמע״, וואָס האָט זיך צוזאַמען מיט די פרויען און קינדער, און מיט עטלעכע אַראַבישע פאָלי־

ציאָנטן אין שפּיץ — זיך אַרויסגעלאָזט זוכן „אונדזער" אייזעלע, וואָס מען האָט דאָרט ביי עמעצן אַוועקגעגנבעט...

נישט לייכט האָט זיך אונדז איינגעגעבן דעם אַראַבישן המון אויפצו־קלערן פון וואַנען מיר האָבן דאָס אייזעלע און — די מחנה האָט, ווי „דער שטורעם איבער אַזיע", זיך אַ לאָז געטאָן איבער אַלע אַרומיקע וועגן אויפצוזוכן דעם גנב, און מיר, איך מיט מיין שותּף, האָבן ווידער געדאַנקט דעם רבונו־של־עולם פאַרן צווייטן נס, וואָס ער האָט מיט אונדז געטאָן: באַפרייט אונדז פונעם אייזעלע, אונדז אומגעקערט דעם שילינג, און גע־לאָזט אונדז אָפּקומען נאָר מיט אַ ביסל שרעק...

# אונטער דער רויטער פאָן

שוין פון דער פריסטער יוגנט אָן, האָט זיך ביי מיר אַנטוויקלט (ווייזט אויס, אַן איינגעבוירענער פעלער) דאָס געפיל קעגן אונטערוואַרפן זיך יענעמס ווילן, יענעמס באַשלוסן, און דאָס אָנוואַרפן מיר אַ דיסציפּלין צו גיין, ווי מען זאָגט עס אויף פּאַרטיי־לשון: אין שפּאַן.

מיין איינגעבוירענער געפיל פאַר אינדיווידועלער פרייהייט, אַ געפיל, וואָס האָט זיך מיט דער צייט פאַרוואַנדלט ביי מיר אין אַ באַוווסטזיניקער שטרעבונג — איז שפּעטער געשטאַנען אין פולשטענדיקער סתירה מיט מיין אָנגעהעריקייט צו אַ סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, אין וועלכער איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט אָפּהיטן די דינים פונעם סאָציאַליס־טיש־קאָלעקטיוויסטישן שולחן־ערוך.

צוליב מיינע אינדיווידואַליסטישע נטיות, פלעג איך, למשל, שטאַרק פאַרפעלן אויף די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען; דורכלאָזן פּאַרטייאישע לעק־ציעס וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע, מאַרקסיזם און באַראַכאָוויזם, און זעלטן זיך ווייזן אויף אַן עפנטלעכן פּאַרטיי־מיטינג אויף וועלכן מיר איז שווער געווען אויסצוהערן אַלע רעדעס אַפילו פון מיינע אייגענע חברים. דאָס גרעסטע אָפּקומעניש פלעגט אָבער זיין פאַר מיר ווען כ׳האָב געדאַרפט, אויפן רוף פון מיין פּאַרטיי, זיך באַטייליקן אין אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע; זיך איינשטעלן, הייסט עס, אונטער דער רויטער פאָן, און גלייך מיט אַלע־מענס פּיסטריט דורכמאַרשירן די גאַסן פון שטאָט. לכתחילה, פלעג איך זיך איינשטעלן, אָדער ווי נאָר דער „צוג" האָט גענומען רירן פלעג איך פון אים נעלם ווערן, כּדי צו קאָנען זיין בלויז אַן אָבסערוואַטאָר און זען דעם גאַנצן פּאַראַד פון דער זייט, און דער עיקר: צו זען אויך דעם אויפמאַרש פון די אַנדערע אַרבעטער־פּאַרטייען אין די אַנדערע טיילן פון שטאָט.

נאָר ווייזט אויס, אַז פאַר יעדער זינד מוז מען פריִער אָדער שפּעטער אָפּקומען די פאַרדינטע שטראָף און איך בין פאַר נישט אָפּהיטן די דינים פונעם פּאַרטייאישן שולחן־ערוך באַשטראָפט געוואָרן פון סאָציאַ־ליסטישן גאָט פון יושר און גערעכטיקייט — מיט דער שטראָף פון מוזן אַ גאַנצע, לאַנגע ווינטערנאַכט ליגן אונטער דער רויטער פאָן פון מיין געוועזענער פּאַרטיי פּועלי־ציון.



געווען איז עס נאָך מיין ערשטן אָנקום קיין ארץ־ישׂראל, אין יאָר 1924 אין תּל־אביב.

געקומען בין איך, ווי איך האָב שוין ערגעץ־ווו דערציילט, מיט אַ פּאָר העמדער און מיט אַ בינטל לידער, אָן מעגלעכקייטן צו דינגען פאַר זיך אַ צימער אַפילו אויף די ערשטע פאָר נעכט.

שוין פון דער ערשטער נאַכט מיינער אין ארץ־ישׂראל האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ פּרשה נאַכט־וואַנדערונגען און פון נעכטיקן דאָרט ווו כ׳האָב נישט געטאָגט, און פאַרקערט. כ׳האָב גענעכטיקט ביי אַלע מיינע באַקאַנטע וועמענס אַדרעסן איך האָב נאָר אויסגעפונען, און אַז ס׳האָבן זיך מיר אויסגעלאָזט אַלע אַדרעסן — האָט מיך אויפגענומען אַ באַנק אין „שׂדרות רוטשילד״, דאָס נאַכטיק פייכטע זאַמד ביים ברעג ים, און אין אַ רעגנגאַכט — אַ טאַקסי, וואָס דער שאָפער האָט שלעכט פאַרמאַכט... אַז מיינע געוועזענע פּאַרטיי־חברים האָבן זיך אָבער דערוווּסט, אַז אין מיינע נאַכט־וואַנדערונגען בין איך צופעליק אַריינגעפאַלן ווינען אין איינס פון די געצעלטן ביים ים, ביי די „מאָפּסן״, ווי מען האָט דעמאָלט גערופן די ארץ־ישׂראלדיקע קאָמוניסטן — האָבן מיינע פּאַרטיי־חברים מיר דערלויבט צו נעכטיקן ביי זיך אין אייגענעם פּאַרטיי־קלוב.

געפונען האָט זיך דער קלוב אויף די דעמאָלטיקע תּל־אביבער זאַמדן, נישט ווייט פון ים. געווען איז עס אַ גרויסער הילצערנער שיטער־צונויפגע־קלאַפּטער צריף, ווי אַ שייער, פול מיט הילצערנע פּראָסטע, נישט געהיבלטע

בענק און מיט עטלעכע לאַנגע נישט געדעקטע חתונה־טישן אָנגעלייגט מיט צייטונגען און זשורנאַלן פון לאַנד און פון אויסלאַנד.

געהאַט האָט דער קלוב אויך אַ צונויפגעקלאַפּטע עסטראַדע פאַר פאַר־לעזונגען און פאָרשטעלונגען; אויף איר אין סאַמע מיטן — אַ לאַנגן טיש מיט אַ גרינעם טוך איבערגעדעקט, און אין דער זייט, אין אַ ווינקל — אַ פּראָוויזאָרישע שאַנק מיט אָפענע פּאָליצעס פאַרן קלוב־אינוווענטאַר, צווישן וועלכן ס'איז אויך געלעגן אַ צונויפגעלייגטע די רויטע יום־טובדיקע פאַרטייפאָן, וואָס אויך אונטערגעניים איז זי געווען מיט רויטן זייד, געהאַט אויפשריפטן אויסגעהאָפטענע פון גאָלד, און געווען איז זי באַפּוצט מיט גאָלדענע פראַנזן און טראָלדן, וואָס האָבן איר צוגעגעבן אַ סך חשיבות און וואָג, און געמאַכט זי ענלעך צו אַ פּרוכת...



אין איינער אַ ווינטערדיקער האַלבער נאַכט, בעת איך בין אין די מלבושים און אַפילו אין די שיך געלעגן, „אויסגעבעט" אויף צוויי צונויפ־געררוקטע בענק אין פינצטערן צריף און, געוואַרט, אַז דער שלאָף זאָל מיך נעמען — איז פּלוצעם דער דרויסן געוואָרן אומרויִק מיטן אומרו פון ערב אַ שטורעם, וואָס איז פון מינוט צו מינוט געוואַקסן און געוואָרן אַלץ שטאַר־קער און דראָענדיקער. ווי סטייעס הינט, אָפּגעריסענע פון די קייטן האָבן זיך ווינטן מיט געוווי אַ וואָרף געטאָן אויפן צריף און אַזוי לאַנג אים געשטורעמט מיטן גאַנצן כּוח — ביז דער צריף האָט אָנגעהויבן אונטער־קרעכצן פון שוואַכקייט און צו וויגן זיך ווי אַ שיף אַ באַלויכטענע פון בליצן, אַ שיף אַ פאַרהילכטע פון דונערס און אַ פאַרשמיסענע פון רעגנבייטשן, וואָס האָבן געפּויקט אויף די דעכלקעס און אויף די הילצערנע ווענט, ווי מען וואָלט אויף זיי איבערגעקערט וואַגאָנען חצץ...

וועגן איינשלאָפן האָט שוין נישט געקאָנט זיין קיין רייד. כ'האָב בלויז געטראַכט וועגן איין זאַך: וועגן וואָס בעסער זיך צו שיצן פאַר דער קעלט און פאַרן רעגן, וואָס האָט אָנגעהויבן אַריינרינען דורך אַלע שפּאַרעס און לעכער. כ'בין ראַפּטום אַראָפּ פון די בענק, אָנגעצונדן די עלעקטריע און

גענומען נישטערן איבערן גרויסן צריף, כּדי צו געפינען מיט וואָס נאָך זיך צוצודעקן. זוכנדיק אויך אין דער שאַנק אויף דער עסטראַדע, האָב איך אַרויסגענומען פון איר די צונויפגעלייגטע רויטע פאָן און אַוועק מיט איר צו מיין געלעגער.

אונטער מיין אייגענעם מאַנטל, און אונטערן גרינעם טוך מיט דער רויטער פאָן איבערגעדעקט פון אויבן — האָב איך, אַן אַרומגעהילטער און אַרומגעוויקלטער איבערן קאָפּ — קוים דערוואַרט זיך אויף טאָג...

# מיט סעדיהן, „מיין" שערער

איך ווייס נישט צי ס׳וואָלטן אַ סך שרייבער געקאָנט, ווי איך, ביישטיין דעם נסיון און אין משך פון יאָרן שערן זיך ביי איין און דעם זעלבן שערער — נישט אויסגעבן זיך פאַר אים מיט דער שרייבערישער פּראָפעסיע.

דערוווּסט זיך, אַז איך בין אַ שרייבער, אַ פּאָעט, האָט זיך מיין פרענקישער שערער סעדיה נישט פון מיר, נאָר פון אַ זייטיקן גאַסט זיינעם. אַז ער האָט זיך עס סוף־כל־סוף דערוווּסט, האָב איך דערקענט פון זיין געענדערטער באַנעמונג צו מיר, בעת כ׳בין איין מאָל, נאָך דריי חדשים נישט זיין ביים אים, געקומען זיך שערן. זיין געענדערטע באַנעמונג האָט זיך געמערקט שוין פון זיין ענטפערן מיר אויף מיין „שלום". עפּעס האָט ער זיך דאָס מאָל טיפער פאַרנויגט פאַר מיר און דעליקאַטער ווי געוויינטלעך פאַרוואָרפן איבער מיר דאָס ווייסע ליילעך מיט דער פאָרזיכטיקייט, ווי ער וואָלט געגאַנגען שערן נישט מיך, נאָר אַ פּרוי... ווי נישט אין זיין געוווינהייט האָט ער בעתן שערן מיך, ווי געשעמט זיך צו קוקן מיר גלייך אין די אויגן און כ׳האָב געפילט, אַז דאָס מאָל וועט ער מיך נישט לאָזן, ווי מיין שטייגער איז, זיצן און שווייגן; געפילט, אַז עפּעס גרייט ער זיך מיט מיר צו רעדן און, זוכט אויף דעם אַ פּאַסיקע פאָרעם. כ׳האָב קיין טעות נישט געהאַט.

בעת מיין שערער סעדיה האָט מיטן שערל געהאַלטן שוין ביים אָרומצופּן און אויסגלייכן מיר די איבעריקע, צו לאַנגע האָר אויפן קאָפּ, האָט ער זיך אויסגעגלייכט פנים־אל־פנים מיט מיר, געטאָן אַ לייכט הוסטל און נישט דרייסט געפרעגט מיך בלשון אַתּה: איז עס אמת, אַז דו ביסט אַ משורר? — יאָ, — האָב איך קורץ באַשטעטיקט.

נאָך מיין ענטפער האָב איך באַמערקט ווי אַ לייכטע רויטקייט האָט זיך צעשפּילט אויף זיין יונג טונקל־ברוין פנים און די שוואַרצע, גלאַנציקע אויגן האָבן זיך נאָך מער צעגלאַנצט.

— האָב איך צו דיר אַ בקשה — האָט ער זיך שוין אָנגענומען מיט מער דרייסטקייט.

— לאָמיר הערן, אין וואָס גייט עס דיר?

ביי סעדיהן האָט זיך צעבונדן די צונג און ער האָט מיר געזאָגט אין וואָס עס גייט אים:

— איך האָב — זאָגט ער — אַ מיידל אין ירושלים, ס׳הייסט נישט איך האָב זי, נאָר כ׳וואָלט זייער געוואָלט זי האָבן... שרייב איך איר וועגן דעם, נאָר ס׳איז נישט דאָס... איך וואָלט איר געוואָלט אָנשרייבן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זי אַ נעם טאָן... אין גראַמען... איך דאַרף דאָך דיר נישט זאָגן וואָס... האָסט עס מן־הסתּם שוין נישט איין מאָל געשריבן... כ׳וויל, חלילה, נישט אומזיסט! כ׳וועל דיך דערפאַר שערן אַ גאַנץ יאָר אָן געלט...

— ס׳וועט דיר, מיין איך, נישט לוינען — זאָג איך אים מיט געמאַכטן ערנסט און מאַך אים אויפמערקזאַם, אַז איך שרייב נאָר אין יידיש און אַז עס וועט דאַרפן קאָסטן דאָס איבערזעצן עס אויף העברעיִש.

— כ׳בין גרייט צו באַצאָלן אויך פאַר דער איבערזעצונג — האַלט זיך סעדיה ביי זיין פאָרשלאָג.

— צו וואָס, זאָג איך, דאַרפסטו איבערהויפּט באַשטעלן ביי מיר, אַז דו קענסט נעמען פון פאַרטיקן, פון וואַנען עס נעמען אַ סך משוררים — פון שיר השירים...

— ניין, ניין — איז סעדיה נישט מסכּים. — איך וויל זי זאָל מיינען, אַז דאָס געשריבענע איז פון מיין אייגענעם קאָפּ...

געזען, אַז כ׳וועל אַזוי לייכט נישט אַרויסדרייען זיך פון אים, האָב איך כּלומרשט מסכּים געווען: — נו גוט, — זאָג איך — איך נעם אָן דיין כאַ־שטעלונג, נאָר ווי אַזוי, פרעג איך דיך, קאָן מען שרייבן וועגן אַ מענטש, וואָס מען קען אים נישט פּערזענלעך? איך האָב זי דאָך קיין מאָל פאַר די אויגן נישט געזען און, בכלל... אפשר — זאָג איך — וואָלסטו זי גע־ברענגט אַ מאָל צו מיר?...

— ניין, דאָס איז אוממעגלעך! איך קאָן זי דיר — זאָגט ער — אָפּ־משלען ווי זי זעט אויס... — און תּוך כּדי דיבּור נעמט סעדיה פאַר מיר שילדערן איר הייך און ברייט; וואָס פאַר אַ האָר, אויגן און נאָז זי

האָט, נישט פאַרגעסנדיק קיין איין דעטאַל אירן, אַקוראַט ווי ער וואָלט זי ביי מיר איינגעמאָלדן...

אַוועקגעגאַנגען בין איך פון אים מיט אַן אָפּמאַך, אַז דאָס קומענדיקע מאָל ברענג איך אים מיין ליד.

אַז כ׳בין אין דריי חדשים אַרום געקומען צו סעדיהן זיך שערן, געקומען אָן אַ ליד, נאָר מיט אַ צוגעגרייטן תירוץ פאַר וואָס איך האָב עס נישט אָנגעשריבן — האָט מיך שטאַרק געחידושט הלמאי סעדיה נעמט מיך אויף גלייכגילטיק און קאַלט, ווי אַמאָל, פאַר אונדזער אָפּמאַך. נאָך מער האָט מיך געוווּנדערט, וואָס ער פרעגט מיך אַפילו נישט צי כ׳האָב אים געבראַכט זיין באַשטעלונג...

— נו, סעדיה, היינט וועסטו מיך אַוודאי שערן אויפן חשבון פון מיין ליד! — האָב איך געפּרווּוט אים דערמאָנען אונדזער אָפּמאַך.

— אָ, וועגן דעם ליד מיינסטו? — האָט ער זיך געמאַכט כלא־יודע, און צוגעגעבן: — דאָס ליד... דאָס ליד איז מיר שוין נישט נויטיק!

— היתּכן? — פרעג איך, — איבערגעריסן מיטן מיידל?

— ניין — זאָגט ער — כ׳האָב מיט איר חתונה געהאַט...

צוליב סעדיהס חתונה איז בטול געוואָרן נישט בלויז זיין טראַנזאַקציע מיט מיר, נאָר אויך זיין באַציִונג צו מיר, ווי צו אַ דיכטער...

# בריווטרעגער

געווען איז עס אין יענע יאָרן ווען כ'האָב אין ארץ־ישׂראל אַזוי לאַנג נישט געהאַט קיין דאַך איבערן קאָפּ, ביז כ'האָב איין מאָל געמאַכט אַן עקס־פּראָפּריאַציע, פאַרכאַפּט מיט געוואַלד אַ דאַכשטיבל, וואָס געווען איז עס אַ וואַששטיבל אויף צו וואַשן וועש. עקספּראָפּירירט די דאָזיקע „ווױנונג" האָב איך אין אַ פירשטאָקיק בשותפותדיק הויז פון לינקע פּועלי־ציוניסטן מיט וועלכע כ'האָב אין יענע יאָרן געהאַט אַן אידעיִשע שייכות. געשטאַנען איז דאָס הויז (וואָס שטייט נאָך, נאָר שוין אָן פּועלי־ציוניסטן) אין תל־אביב אויף זרובבל־גאַס נומער 10, נאָענט פון ים, ווו ס'האָט זיך אין יענער צייט געפונען דער ערשטער פּועלי־ציון־קלוב: דער גרויסער הילצערנער באַראַק ווי אַ שייער אויף תבואה.

אין זעלבן הויז, ווו איך האָב יאָרן לאַנג געוווינט אויפן דאַך, פלעג איך אויך באַקומען צוגעשיקט די פּאָסט, וואָס דער בריווטרעגער פלעגט אַריינ־וואַרפן צו מיר אין פּאָסטקעסטל. צוליב דעם וואָס ער פלעגט די פּאָסט ברענגען אין דער פרי, אין אַזאַ שעה ווען כ'בין נישט געווען אין דער היים, — האָבן מיר אין משך פון יאָרן קיין מאָל נישט געזען זיך פאַר די אויגן און זיך נישט געקענט.

אין איינעם אַ הייסן, זומערדיקן נאָכמיטאָג, בעת כ'בין געגאַנגען אַהיים און זיך דערנעענטערט צו מיין הויז, איז נעבן אים געשטאַנען אַ בריווטרע־גער, אַ באַלאָדענער מיט אַ שווערן לעדערנעם טאַש איבער די אַקסלען. שוין נאָענט פון אים, אַז אונדזערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט, האָט ער מיך נישט דרייסט אַ פרעג געטאָן: זענט איר עס דער משורר פון דעם הויז?

דערהערט פון מיר, אַז איך בין דער, אויף וועמען ער וואַרט, האָט זיך דאָס ישיבה־בחורשע דיך באַוואַקסענע פּנים זיינס לייכט פאַררויטלט און ער האָט מיר געזאָגט וואָס ער וויל פון מיר:

— איך וויל — האָט ער געזאָגט — איר זאָלט מיך אויסהערן.

— פאַר וואָס נישט? איך בין גרייט אייך צו הערן — זאָג איך.
— דאָ, אין גאַס זאָל איך זינגען?...
— וואָס הייסט איר ווילט זינגען? — קוק איך אויף אים ווי אויף איינעם וואָס איז נעבעך געררירט...
— יאָ, — זאָגט ער — נישט רעדן פאַר אייך, נאָר זינגען; פאַר וועמען דען זאָל איך זינגען, אויב נישט פאַר אַ משורר?...
— יאָ — זאָג איך — איך בין טאַקע אַ משורר, אָבער נישט קיין זינגער!...

דאָ האָט ער מיך שוין אין גאַנצן נישט פאַרשטאַנען און כ׳האָב אים אויפגעקלערט אַז אַ משורר אויף העברעיִש, מיינט מען אַזאַ, וואָס שרייבט שירים און נישט אַזאַ, וואָס זינגט ביי אַ חזן. פון דעסטוועגן — זאָג איך צו אים — אַז איר זענט שוין דאָ, קומט אַרויף צו מיר, כ׳בין באמת אַ בעלן אייך צו הערן, מחמת כ׳האָב זייער ליב געזאַנג, כ׳בין אַליין אַ מאָל געווען אַ משורר ביי גרשון סיראָטאַ און כ׳בין נאָך היינט אַ שטיקל מנגן.

גייענדיק מיט מיר איבער די טרעפּ צו מיר אַרויף, האָט ער מיר דערציילט, אַז אין פּוילן האָט ער געזונגעןביים טאַטן, דעם חזן פון שטעטל, און אַז ער האָט געהאַט אַן „אָבערע צע״ (די אויבערשטע צע), וואָס ער האָט אין ארץ־ישׂראל זי פאַרלוירן, און אַז ער חלומט נאָך אַלץ צו ווערן אַ זינגער, נאָר די אַרבעט, דאָס זיין אַ בריוועטרעגער — מאַכט פון אים אַ תּל, און דער עיקר: וואָס ביי דער אַרבעט מאַכט מען מיט אים לצנות, ווייל ער גייט כּסדר אַרום און זינגט, פּרוּווט — זאָגן זיי — צי די „כּלי״ איז אים נישט פאַרזשאַווערט געוואָרן...

אַז ער איז אַריין מיט מיר אין מיין דאַכשטיבל, האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שווערע לעדערנע טאָרבע מיט פּאָסט, זיך אַוועקגעזעצט, און נאָכן אַרומווישן דעם שווייס פונעם פּנים און פונעם ראַנד אַרום היטל — זיך אויפגעשטעלט און מיט אַ ווילדער טענאָר־שטים געזונגען „דערלאַנגען״ מיר איינס נאָך איינס: אַ „שטיקעלע״ קוואַרטין, אַ „שטיקעלע״ ראָזענבלאַט, הערשמאַן, פּינטשוק, און אַז ס׳איז געקומען צום „דערלאַנגען״ סיראָטאַס „רצה״ — האָט ער אַזאַ נעם געטאָן אויף אַרויף, ווי ער וואָלט ביי מיר אויפן דאַך צוריקגעפונען זיין פאַרלוירענע „אָבערע צע״...

נאָכן אָפּזינגען אַזוי אַ קאַרגע שעה, האָב איך אים געדאַנקט פאַרן נחת־רוח, וואָס ער האָט מיר פאַרשאַפט, אים אויסגעדריקט מיין גרויס התפעלות און אים „צוגעזאָגט” אַ גרויסע זינגער־קאַריערע.

וואָס דער בריוטרעגער האָט דערגרייכט מיט זיין „כּלי”, ווייס איך נישט, ווייל איך בין אין צווישנצייט געוואָרן אַ „יורד”: כ׳בין אַראָפּ פונעם דאַך; זיך איבערגעצויגן אויף טשערניכאָווסקי־גאַס און באַקומען אַ נייעם בריוטרעגער, אַ בריוטרעגער אַ ליבהאָבער פון יידיש: די יידישע צייטונ־גען, וואָס ער האָט מיר געדאַרפט ברענגען פרייטיק, פלעגט ער אַהיימנעמען צו זיך אויף שבת און זיי מיר אָפּברענגען זונטיק אָדער מאָנטיק... כ׳בין נישט געווען קעגן דעם, אַז ער זאָל מיינע צייטונגען דורכלייענען, כ׳האָב אים נאָר געבעטן, אַז אויב ער וויל איך זאָל נהנה זיין פון זיין ווייבס שבתדיקע מאכלים, זאָל ער עס מיר ברענגען אין אַ טעלערל און — נישט אויפן פּאַפּיר פון די צייטונגען...

# אַ חלום, אַ וואָר

דערציילן חלומות, וואָס מען זעט אין שלאָף, איז די פּריווילעגיע פון פּרויען, וואָס זענען בטבע גלויביקער און איבערגלויביקער פון מענער. פון דעסטוועגן ווילט זיך מיר דאָ דערציילן איינס פון מיינע נאַכט־חלומות, וואָס פרויד אַליין וואָלט זי מיר נישט געקאָנט פּותר־חלום־זיין. איך זאָג: נאַכט־חלומות — ווייל מיינע שענסטע חלומות, וואָס קיין איינע פון זיי איז נישט מקוים געוואָרן, האָבן זיך מיר געחלומט נישט ביי נאַכט אין שלאָף, נאָר אויף דער וואַך, אין דער וואָר.

דערציילן דעם נאַכט־חלום ווילט זיך מיר דערפאַר, ווייל ער לעבט נאָך אין מיין געדעכעניש און כ׳זע אים נאָך איצטער אַזוי קלאָר, ווי ער וואָלט זיך מיר ערשט יענע נאַכט געחלומט — כאָטש, געחלומט האָט ער זיך מיר מיט איבער דרייסיק יאָר צוריק.

שוין דער פאַקט, וואָס איך געפין נאָך פאַר נייטיק צו דערציילן אים — באַווייזט ווי שטאַרק איך האָב זיך בשעתו, דורכגענומען מיט זיין מיסטישער וויזועלער רעטעניש.

*

געווען איז עס אין יאָר 1927 אין תל־אביב, ווען כ׳בין געלעגן אַ קראַנ־קער אין שפּיטאָל „הדסה״, אין יענער צייט ווען מען האָט מיין ערשט בוך ארץ־ישׂראל־לידער „אין זוניקן לאַנד״, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע, געברענגט מיר אין שפּיטאָל אַריין און עס אָוועקגעלייגט מיר אויפן קישן, בעת איך בין געשלאָפן.

איין מאָל, אין אַ מיטן העלן טאָג, בעת איך בין מיט אַ הויכער טעמפּעראַטור אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף, ווי אונטער אַ נאַרקאָז,

חלומט זיך מיר, אַז איך דערזע זיך פּלוצעם שטיין אין גאַס, און שטוין אויף דעם, וואָס די זון האָט, נאָך ווייט צו נאַכט, געטאָן ראַפּטום אַ פאַרגיי און געלאָזט נאָך זיך אַ פאַרנעפּלטן חלבנעם הימל. נאָך מער האָב איך זיך געוווּנדערט, וואָס אַלע קראָמען זענען געשלאָסן און פאַר־מאַכט אונטער טיר און לאָדן און וואָס אַלע איינוווינער אין שטאָט גע־פינען זיך, ווי איך, אין גאַס, און אַלע שטראָמען זיי, שווייגנדיק און טיף ערנסטע, ווי אין שול אַריין צו כּל־נדרי, אין איין ריכטונג.

שטיי איך אַזוי אַ פאַרחידושטער און קוק ווי אַ שטאָט מענטשן גייט אַוועק אין אַ פּאַר מיר אומבאַוווּסטער ריכטונג און איך באַשליס עמעצן אַ פרעג צו טאָן וווהין מען גייט דאָס, און וואָס אַזוינס איז געשען, נאָר קיינער האָט קיין צייט נישט אַפילו אויף אַ רגע זיך אָפּצושטעלן און מיר צו ענטפערן. נאָר עמעץ האָט מיר סוף־כּל־סוף איילִיק צוגעוואָרפן: אַ לוויה!

— ווער איז געשטאָרבן?

— אַ דיכטער.

— ווי הייסט ער?

דעם ענטפער האָב איך שוין נישט געהערט, מחמת יענער איז געוואָרן פון מיר ווי אַוועקגעריסן מיטן מענטשנשטראָם, און אויך איך אַליין בין שוין נישט געשטאַנען, נאָר געשטויסן און געשלעפּט געוואָרן שוין נישט פון קיין שטראָמען, נאָר פון מענטשן־כוואַליעס, וואָס האָבן מיך געטראָגן ביז — אויף נישט צו קאָנען מער גיין פאָרויס אָדער צוריק. די גאַס, ווי גרויס זי איז געווען, איז זי געווען איין ים פון מענטשן; ים — פון פאָרנט, ים — פון הינטן, און אין מיטן ים פון קעפּ — אַ שוואַרצער אָרון, געטראָגן אויף אומגעזעענע אַקסלען, ווי ער וואָלט געשווומען אַן אויפגעטויכטער פון אַ טויטן ים... פּלוצעם האָט דער מענטשן־ים זיך אָפּגעשטעלט, ווי ס׳וואָלט ביי אים דאָס חיות אויסגעגאַנגען, און אין דער טויטער שטילקייט איז אויפגעגאַנגען אַ געזאַנג, וואָס איז געקומען נישט פון אונטן, פון דער ערד, נאָר פון אויבן, פון די הימלען; געזאַנג, ווי נישט פון קיין מענטשלעכע שטימען, ווי ווינטן וואָלטן אויף צעהאַנגענע האַרפעס געשפּילט דאָס ליד פון געטלעכן טרויער. —

האָט זיך דאָס געזעגנג דין און זאַנפּט געטראָגן צו מיינע אויערן און איז מיר דורך די אויערן אַריין אין האַרץ און, פון האַרץ מיט געוויין אַרויס דורך די אויגן מיינע, פון וועלכע ס׳האָבן זיך געגאָסן הייסע ריטשקעס טרערן...

ווי איך בין אַזוי געשטאַנען און געהעשעט, האָט מיך עמעץ פון הינטן לייכט גענומען אונטערן אָרעם און געצויגן אויף צוריק און איך האָב געהאָרכזאַם, ווי אַ קינד, געלאָזט זיך פירן. געווען איז עס אַ גרייז־גראָער אַלטיטשקער, וואָס האָט מילד געשמייכלט צו מיר און אָן צו רעדן צו מיר מיך לאַנגזאַם אַרויסגעפירט פונעם לוויה־צוג און — איך בין אויפגעקומען.

אַז כ׳האָב געעפנט די אויגן, האָב איך צו מיין גרויס פאַרוווּנדערונג און שרעק, געזען אַרום מיין בעט שטיין עטלעכע דאָקטוירים און קראַנקנ־שוועסטערס, וואָס האָבן די גאַנצע צייט, בעת מיין חלומען, זיך צוגעהערט צו מיין געזאַנג אין שלאָף... צוגעהערט צו מיין נגינה האָבן זיך אויך די קראַנקע, וואָס זענען געלעגן מיט מיר אין דער זעלבער אָפּטיילונג: גאַנץ און האַלב־אויפגעזעצטע אויף די שניי־ווייסע געלעגערס האָב איך זיי געטראָפן שטילע און טיף־איינגעהאָרכטע מיט אויסגעדרייטע קעפּ צו מיין בעט.

# אונדזער „טרערן־אינדזל"

איך בין נאָך אין די פּאַראייניקטע שטאַטן נישט געווען און במילא נישט „זוכה געווען" צו באַטרעטן דעם באַרימטן אַמעריקאַנער „טרערן־אינדזל", דעם עליס־איילאַנד. דערפאַר האָב איך אָבער די טעג געהאַט די זכיה שוין צום צווייטן מאָל צו באַטרעטן אונדזער אייגענעם, ישׂראל־דיקן טרערן־אינדזל, דעם „אַגף מס הכנסה", ווו די נישט־פּאַרמעגלעכע, די פּרנסהלאָזע בירגער, קומען אָפּבעטן, אָפּווייגען און אָפּדינגען פון די אויף זיי אַרויפגעלייגטע צו־גרויסע שטייערן, וואָס דערפירן זיי צו רויִן און פאַרצווייפלונג.

ווען מען האָט מיך דאָס ערשטע מאָל, מיט צוויי יאָר צוריק, אַרויס־גערופן אָפּצוגעבן אַ חשבון פון מיינע הכנסות, וואָס איך האָב געהאַט אין משך פון די פריִערדיקע צוויי יאָר — האָט עס מיר אַפילו אַ ביסל געשמייכלט און הנאה געטאָן, וואָס מען האַלט מיך פאַר אַ „לייטישן" בירגער, אַזאַ וואָס קאָן צאָלן און צאָלט נישט... כ'האָב דערפאַר נישט גע־האָט קיין פאַריבל אויף די באַאַמטע, הלמאי זיי האָבן מיך אומזיסט מטריח געווען... סוף־כּל־סוף זענען זיי דאָך נישט מחויב צו וויסן, אַז איך, דער יידישער דיכטער, איינער פון די ערשטע באַזינגער פונעם נייעם אַרבעטנ־דיקן ארץ־ישׂראל, האָט נאָכן אָפּלעבן קאַרגע דרייסיק יאָר אין לאַנד — קיין דאַך נישט איבערן קאָפּ, נאָר אַ דאַך אונטער די פיס... (כ'האָב דעמאָלט געוווינט אויף אַ דאַך). זיי זענען אויך נישט מחויב צו וויסן, אַז איך (און נישט דוב יוסף) בין דער פּאַקטישער שעפער פונעם צנע־סיסטעם, אויף וועלכן איך האָב שוין פּראַקטיצירט אַ סך יאָרן פאַר דער אַנטשטייונג פון מדינת ישׂראל און נאָך איידער דוב יוסף האָט אַפילו געקאָנט חלומען פון ווערן אַפּראָוויזאַציע־מיניסטער. וואָס שייך מיין איי־גענעם „פאַרלאַג", וואָס איך האָב — האָב איך זיי דערקלערט, אַז: פון

גרויס פֿאַרלעגנהייט מיט מיינע פֿאַרלעגענע כּתבֿים, בין איך געוואָרן אַ פֿאַר־לעגער פֿון מיינע אייגענע לידער, וואָס איך גיב אַליין פֿון צייט־צו־צייט אַרויס (ווייס איין גאָט ווי אַזוי און מיט וואָס פֿאַראַ מיטלען) און כ׳טראָג זיך מיט זיי אַליין אַרום, ווי אַן אַמאָליקער מוכר־ספֿרים מיט בענ־טשערלעך, לוחלעך און מעשׂה־ביכלעך...

ווייזט אויס, אַז דאָס צווייטע מאָל פֿאָדערן פֿון מיר אַ חשבון פֿון מיינע פֿאַרדינסטן איז געשען (ס׳זאָל אַזוי נישט טרעפֿן ווי עס טרעפֿט ביי אונדז) — צוליב אַ שטיקל מסירהלע מצד אַ קאָנקורענט אַ נישט־פֿאַרגינער, וואָס האָט צוגעטראָגן ווו מען דאַרף, אַז: נאָך דעם, וואָס די גאַנצע העברעיִשע פּרעסע האָט זיך אַזוי „צעשריבן" איבער מיין ארץ־ישׂראל־בוך „דאָס לאַנד פֿון צווייטן בראשית" — שטייט מען ביי מיר ממש אין דער ריי אויף צו באַקומען דעם דאָזיקן בוך און כ׳מאַך די הפּותיקה...

וואָס מיך האָט יאָ פֿאַרדראָסן פֿונעם „אַגף מס־הכנסה", איז: דער באַרג מיט פּאַפּירן, די אַזוי־גערופֿענע טופּסים. אַז כ׳האָב אַן עפֿן געטאָן די דאָזיקע פּאַפּירן און דערזען אין זיי דעם וואַלד מיט ליניעס, רובריקעס און קעסטעלעך אויף אויסצופֿילן אין זיי די תּשובֿות אויפֿן מבול פֿון שאלות — האָט מיר גענומען שווינדלען פֿאַר די אויגן און מישן אין קאָפּ. אַז כ׳בין געקומען צו זיך, האָב איך נערוועז אַ כאַפּ געטאָן די פּען אין האַנט, אויפֿגעשריבן וויפֿל איך פֿאַרדין אַ יאָר, און אַלע „איבעריקע" שאלות — פֿון אויבן ביז אַראָפּ, אויף אַלע זייטן, באַלכסונדיק פֿאַרשטראָכן ווי מיט אַ שוואַרצן שלאַקסרעגן, זיך אונטערגעשריבן, און די פּאַפּירן צוריק־געשיקט אַהין פֿון וואַנען זיי זענען געקומען.

צוויי וואָכן שפּעטער האָט מען מיך אין שייכות מיט מיין „אויספֿילן" די טופּסים, גערופֿן אָפּצוגעבן אַ דערקלערונג הלמאַי איך צאָל נישט קיין מס הכנסה — פֿאַרדינענדיק 300 פֿונט אַ חודש.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז נישט זייענדיק שטאַרק אָריענטירט אין קאָמערץ־פּאַפּירן, האָב איך די 300 פֿונט, וואָס איך פֿאַרדין אין אַ יאָר — נישט אַוועקגעשטעלט אויפֿן ריכטיקן אָרט, און ס׳האָט זיך, דערפֿאַר, באַקומען דאָס, וואָס עס האָט זיך באַקומען. נאָכן אויפֿקלערן מיין טעות האָט מען מיך סוף־כּל־סוף באַפֿרייט פֿון מס־הכנסה.

אַרויסגייענדיק פונעם „טרערן־אינדזל“ האָב איך זיך פון דעסטוועגן דערפילט נישט געהויבן. עפּעס האָב איך געהאַט דאָס געפיל ווי מיטן נישט צאָלן מיין בירגערלעכן חוב דער מדינה, האָב איך אָנגעווירן דאָס חשיבות אין די אויגן פון מלכות און כ׳בין גרייט געווען זיך אומצוקערן אינעם „אַגף מס־הכנסה“ און מאַכן די באַאַמטע אַ פּאָרשלאַג: זיי זאָלן מיך נישט אין גאַנצן באַפרייען פון צאָלן מיסים; זיי זאָלן כאָטש מאַכן אַן עקויל אויפן „סטאָק“ פון מיינע ביכער, און נישט נאָר אַן עקויל, נאָר טאַקע צו־נעמען זיי ביי מיר, און זיי אַרויסלייגן אויף אַן עפנטלעכער ליציטאַציע צום „נוצן“ פון דער מדינה און פאַר מיין טובה־וועגן: ערשטנס, וואָלט מען דערמיט געהויבן די חשיבות פון מיין בוך און מיין פּרעסטיזש, והשנית, וואָלט מען מיר דערמיט געמאַכט אַ ביסל גערוימער אין מיין זייער ענגן דאַכשטיבל, ווו ס׳געפינט זיך מיין „פאַרלאַג“.

תל־אביב, 1954

# אַרום מיין „פּאַרלעגערישער" טעטיקייט

ווי איך האָב שוין ערגעץ־ווו דערמאָנט און ס׳איז שוין, דאַכט זיך, אַלעמען באַוווסט, בין איך שוין זינט אַ סך יאָרן דער איינציקער „פּאַרלע־גער" פונעם יידישן בוך אין ארץ־ישׂראל. איך גיב, וואָס אַן אמת, אַרויס נאָר מיינע אייגענע ביכער, פון דעסטוועגן האַלט מען עס פאַר אַ גרויסן אויפטו, און מיינע קאָלעגן שרייבער באַוווּנדערן מיך פשוט און פאַרשטייען נישט ווי אַזוי איך מאַך עס — כאָטש איך אַליין ווינטש נישט קיין גוטן פריינד, אַז ער זאָל זיך דאַרפן דערצו נעמען...

אָנגעהויבן מיין „פּאַרלעגערישע" טעטיקייט האָב איך אין די שׂמחת־תּורה־יאָרן פאַר יידיש אין ארץ־ישׂראל. דאָס זענען יענע יאָרן, ווען מען האָט פאַר עפנטלעך געברויכן יידיש געהאַקט שויבן, געבראָכן טירן, גע־שפּאָלטן קעפּ, געברענט קיאָסקן און אָפּגעטאָן נאָך אַזעלכע „קולטורעלע" מעשׂים — אַ דאַנק וועלכע ס׳האָט אויף אַ „נאַטירלעכן" אופן אויפגעבליט די העברעיִשע שפּראַך אין ארץ־ישׂראל.

דווקא אין יענע יאָרן האָט מיך נישט איין העברעיִשער דיכטער פשוט מקנא געווען, וואָס אַן אַ פּאַרלעגער און אָן דער הילף פון בוכהענדלער, וואָס פאַרשפּרייטן נישט קיין יידישע ביכער — האָב איך פון טויזנט עק־זעמפּלאַרן פון מיינס אַן אויפלאַגע פאַרקויפט 7־8 הונדערט ביכער אין ישׂראל. אַוודאי האָב איך עס געהאַט צו פאַרדאַנקען מיין נישט קלייגער צאָל פריינד און פאַרערער צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען נישט ווייניק העברעיִסטן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אין מיינע יידישע ארץ־ישׂראל־לידער בין איך ארץ־ישׂראלדיקער פון אַלע העברעיִשע דיכטער צוזאַמענגענומען. צוליב מיין שרייבן, ווי די העברעיִסטן פלעגן עס אָנרופן: העברעיִש אויף יידיש — האָבן זיי מיך נישט נאָר טאָלערירט, נאָר געהאָלפן מיר אין אַ געוויסער מאָס פאַרקויפן מיין יידיש בוך. נישט איין העברעיִסט האָט

בעתן קויפן ביי מיר מיין בוך אויסגעדריקט זיין פרומען ווונטש, אַז דאָס צווייטע בוך מיינס זאָל איך שוין שרייבן אין העברעיִש, אָדער לכל־הפחות — אַרויסגעבן אין אַ העברעיִשער איבערזעצונג.

בלויז דעם צווייטן ווונטש זייערן האָב איך אין אַ גאַנץ קליינער מאָס דערפילט: ווי איך האָב שוין ערגעץ־ווו דערציילט, האָט אַ קאָמיטעט פון העברעיִשע שרייבער און קולטור־טוער אַרויסגעגעבן מיינס אַ זאַמלונג לידער א. נ. „מן הטנא".

מיט אַ יאָר־צוויי שפּעטער, נאָכן דערשיינען פון „מן הטנא", האָבן אויך אַ גרויסע טייל פון מיינע איבערזעצער און פונעם בוך־קאָמיטעט געהאַט חרטה אויף זייער אָפּגעטאָענער אַרבעט, ווייל כ׳האָב נישט דערפילט זייערע פרומע ווונטשן: מער נישט אַרויסצוגעבן אין ארץ־ישראל מיינע לידער אין יידיש. איינער פון קאָמיטעט האָט אַפילו געהאַט דעם מוט מיר צו זאָגן עס אָפן... אַ צווייטער, אַ העברעיִשער לערער, וועלכער האָט שפּעטער געקויפט ביי מיר מיינס אַ ניי־אַרויסגעגעבענע יידישע לידער־זאַמלונג, האָט בעתן באַצאָלן מיר אַ זאָג געטאָן כלומרשט אין וויץ: זאָל אַ חזיר וויסן, וואָס אַ הונט קאָן!...

פון מיינע ביז איצט דערשינענע 20 קלענערע און גרעסערע לידער־זאַמלונגען האָב איך 13 פון זיי אַרויסגעגעבן אַליין, מיט מיין אייגענער איניציאַטיוו, און אַלע — אין ארץ־ישראל — אָנהייבנדיק פון יאָר 1934 ביז 1954. פון איין אַרויסגעגעבענער לידער־זאַמלונג ביז צו דער צווייטער האָב איך אָבער פעסטגעשטעלט אַ פאַרקלענערונג אינעם טיראַזש, וואָס איז באַדייטנדיק געפאַלן, איבערהויפּט אין די יאָרן פון נאָך דער אַנטשטייונג פון מדינת ישׂראל.

פאַר דער פאַרערגערונג אין דער באַציִונג צום יידישן בוך, וואָס דאָס מיינט צו יידיש אין ישׂראל — איז כאַראַקטעריסטיש אַ פאַקט, וואָס איך ברענג דאָ: פאַרלייגנדיק מיין לעצטן בוך „דאָס לאַנד פון צווייטן בראשית" מיינעם אַן אַלטן יידיש־אָפּנעמער, אַ געוועזענעם קעמפער פאַר יידיש — האָב איך צו מיין גרויס שטוינען באַקומען פון אים אַן אָפּזאָג מיט דער פאָלגנדיקער מאָטיווירונג: ווען מיינע קינדער זענען געווען קליין האָב איך זיך דערלויבט אַריינצונעמען אַ יידיש בוך אין שטוב אַריין, אָבער

איצטער טאָר איך עס נישט טאָן, ווייל זיי זענען שוין דערוואַקסענע קינדער...

וואָלט דער דאָזיקער פאַקט געווען נאָר אַן איינצלנער, וואָלט אַפילו נישט כּדאַי געווען צו דערמאָנען אים; ליידער האָב איך אַזעלכע ענלעכע תּשובות געהערט פון אַ סך פון מיינע געוועזענע יידיש־אָפּנעמער אין וועמענס שטובן מען קאָן שוין היינט נישט געפינען אַפילו די יידישע וואָכנ־ציַיטונג, וואָס זייער אייגענע אַרבעטער־פּאַרטיי גיט נאָך אַרויס.

צו די יידיש־אָפּנעמער, וואָס איך האָב פאַרלוירן פאַר מיין בוך, געהערט אויך דער העברעיִשער פאַרלאַג „ספרית הפּועלים" ביים „השומר הצעיר", וועמען מען האָט קיין מאָל נישט געקאָנט חושד־זיין אין ליבע צו יידיש... מיטן תּירוץ, אַז די קיבוצים זייערע לייענען נישט מער קיין לידער, בפרט אין יידיש — האָט דער „ספרית הפּועלים", וואָס פלעגט פון מיין יעדן דערשינענעם בוך נעמען עטלעכע צענדליק עקזעמפּלאַרן — נישט גענומען קיין איינציקן עקזעמפּלאַר אַפילו פון מיין ארץ־ישׂראל־בוך „דאָס לאַנד פון צווייטן בראשית".

נאָך דעם גאַנץ נישט־פריילעכן סך־הכּל פון מיין לאַנג־יאָריקער „פאַר־לעגערישער" טעטיקייט, האַלט איך פון דעסטוועגן, אַז אין ארץ־ישׂראל איז נאָך פאַראַן אַ באָדן פאַר אַ געזעלשאַפטלעכן יידיש־פאַרלאַג, צו וועלכן ס'איז נויטיק נאָר צוויי זאַכן: אַ שטיקל קאַפּיטאַל און געהעריקע אונטער־נעמונג־פעיִקייט.

תל אביב, 1955

# פאַר וואָס האָט מען אין ישראל
# פאַרשוויגן מיין ישראל־בוך

פאַרשווייגן אַ בוך פון אַ שרייבער איז אין דער וועלט פון ליטעראַטור נישט קיין נייעס. מען וואָלט געקאָנט אויפציילן אַ שפּאָר ביסל נעמען אַפילו פון זייער באַדייטנדיקע שרייבער וועמענס ביכער מען האָט צוליב אַ פּאַרזאָן — און נאָך מער בכוונה תחילה — טויט־פאַרשוויגן ביי זייער לעבן און אויפגעלעבט... נאָך זייער טויט.

וואָס שייך מיר — האָב איך וואָס אָן אמת נישט קיין רעכט זיך צו באַקלאָגן, הלמאי מען האָט וועגן מיר אַזוי ווייניק געשריבן און מיך נישט גענוג אָפּגעשאַצט. נישט איין יידישער קריטיקער אָדער רעצענזענט קאָן מעיד־זיין, אַז ער האָט שוין אַ סך יאָרן נישט באַקומען פון מיר צוגעשיקט מיינס אַ בוך, און נישט איין רעדאַקטאָר פון אַ יידישער צייטונג אָדער צייטשריפט קאָן אויך עדות־זאָגן, אַז ער האָט אויף מיינעם אַ צוגעשיקטן בוך געזען מיינס אַ צושריפט: נישט צום רעצענזירן! איך האָב, הייסט עס, צוגעשיקט אַ בוך, נאָר אויף צום פאַרצייכענען אין דער ליטעראַטור־כראָניק, אַז עס איז דערשינען אַזאַ און אַזאַ בוך און — נישט מער. איבערהויפּט האָב איך עס געטאָן מיט מיינע צוויי ביכער: „פּרוכט פון ווינט״ און „מיין שיר השירים״. פאַר וואָס איך האָב עס געטאָן — איז אַ באַזונדער קאַפּיטל; אַ קאַפּיטל מכוח קריטיק אין אונדזער ליטעראַטור: אַ טעמע, וואָס איך האָב שוין אַמאָל באַרירט אין אַ ספּעציעל אַרטיקל, און איך וועל זיך נאָך, ביי דער ערשטער געלעגנהייט, צו איר אומקערן.

אַנדערש ווי מיט מיינע פריִערדיקע ביכער — האָב איך זיך נוהג געווען מיט מיין בוך ארץ־ישׂראל־לידער „דאָס לאַנד פון צווייטן בראשית״, וואָס איך האָב מיט דער מיטהילף פון אַ גרופּע פריינד אין ישׂראל אַרויסגעגעבן אין תל־אביב, אָנהויב 1954. נישטאָ דאַכט זיך קיין איין

צייטונג פון דער צעצווייגטער העברעיִשער פּרעסע אין ישׂראל, ווו איך זאָל נישט האָבן צוגעשיקט דעם בוך און — צום שטוינען! — אַ חוץ די פּאָר יידישע צייטונגען, האָט קיין איין העברעיִשע צייטונג מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט דאָס דאָזיקע בוך ארץ־ישׂראל־לידער און פּאָעמען, מיט וועלכע די ציוניסטן און דער עיקר די ציוניסטישע, חלוצישע יוגנט פון אַמאָליקן פּוילן, ליטע און רומעניע פון פאַר אונדזער גרויסן חורבן, האָט אין משך פון אַ סך יאָרן געמאַכט מיט זיי ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע.

שוין מיין ערשטע זאַמלונג ארץ־ישׂראל־לידער „אין זוניקן לאַנד״, וואָס איז אין יאָר 1927 דערשינען אין וואַרשע און געפונען אַ ברייטן, וואַרעמען אָפּקלאַנג אין די ציוניסטיש־חלוצישע קרייזן און אין די תּפוצות העולם — איז אין ארץ־ישׂראל גופא געוואָרן פאַרשוויגן.

נאָך אין יאָר 1933, האָט י. מ. ניימאַן געשריבן וועגן דעם אין וואַר־שעווער „היינט״:

„פּאַפּיערניקאָוו האָט אין ארץ־ישׂראל געזונגען וועגן ארץ־ישׂראל, אָבער ארץ־ישׂראל האָט אים פאַרשוויגן, ווייל ער שרייבט יידיש... עס גע־הערט נישט דאָרט (אין ארץ־ישׂראל) צום גוטן טאָן, צו רעדן וועגן אַ יידישן שרייבער״.

„אַזעלכע ווי פּאַפּיערניקאָוו האָבן מער ווערט ווי הונדערט פּראָפּאַגאַנ־דע־בראָשורן פאַר ארץ־ישׂראל״.

למען האמת, וויל איך בלויז באַמערקן, אַז איין העברעיִשע צייטונג האָט זיך יאָ „אָפּגערופן״ אויף מיין בוך: אין אַ צען שורהלעך פּעטיט־שריפט, האָט עמעצער אַן אַנאָנים, דערמאָנט דריי יידישע ביכער פון דריי יידישע שרייבער אין ישׂראל (מיך אַריינגערעכנט) און ווי דרך־אַגב, אין אַ צוויי שורהלעך — דערלאַנגט מיר אַ בריק מיטן פוס...

וואָס אַן אמת, האָבן שוין העברעיִשע צייטונגען נישט איין מאָל דער־מאָנט מיין נאָמען, דערמאָנט לגנאי און מיט פאַרלוימדונג, ווי מען דער־מאָנט אַ בוגד במלכות — פאַר מיינע לידער אין וועלכע איך „וואַג״ צו ווייזן דאָס זוניקע לאַנד אויך פון דער שאָטנזייט און, פאַר מיין ווילן אין לאַנד פון די נביאים געפינען אַ ביסל יושר און צדק...

אַגב, האָב איך די דאָזיקע שאָטן־לידער נישט אַריינגענומען אין מיין בוך „דאָס לאַנד פון צווייטן בראשית", ווייל איך האָב זיי געהאַט בדעה אַרויסצוגעבן אין אַ באַזונדערער זאַמלונג.

איינס איז אָבער זיכער: וואָלט איך מיינע ארץ־ישׂראל־הימנען אַרויס־געגעבן אין אַ העברעיִשער איבערזעצונג, וואָלטן זיי מכפּר־געווען נישט נאָר אויף דער זינד פאַר מיין אויפהאַלטן „גלות־יידיש" אין ארץ־ישׂראל, נאָר אויך אויף דער זינד פון מיינע „נישט־געווונטשענע" לידער.

אַ העברעער, אַ קנאַי, וועט גיכער אַראָפּשלינגען אַ קללה אויף העב־רעיִש, איידער צונעמען אַ ברכה אויף יידיש.

תל־אביב, 1954

## די הקדמה צו מיינס
## אַ נאָך נישט דערשינען בוך

אין יאָר 1934, נאָך דעם ווי איך האָב אין תל־אביב אַרויסגעגעבן מיין זאַמלונג ארץ־ישׂראל־לידער „מיט לענדער גלייך", אין וועלכער איך האָב אַריינגענומען אַ געוויסע צאָל לידער וועגן די שאָטנזייטן פון ארץ־ישׂראל — האָט אַ באַקאַנטער פירער פון אַ לינק־ציוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי אין ארץ־ישׂראל, מיר דערלאַנגט דערפאַר אַ היפּשע פּאַרציע מוסר: — סטייטש? ווי טוט מען אַזוינס נאָך דעם ווי איר האָט געשריבן אַזעלכע לידער ווי „אין זוניקן לאַנד"! ווייסט איר כאָטש וויפל שאָדן מען קאָן מיט אַזעלכע לידער ברענגען דעם לאַנד?

— איז עס אמת, דאָס וועגן וואָס איך שרייב, צי נישט? — האָב איך געפרעגט דעם חשובן אַרבעטער־פירער.

— אמת איז עס — האָט ער צוגעגעבן, — נאָר נישט וועגן אַלץ, וואָס איז אמת דאַרף מען שרייבן, בפרט נאָך דערפאַר, ווייל אייך וועט מען גלייבן...

אויף דער דאָזיקער „אמת־איינשטעלונג" האָב איך דעם פּראָלעטאַרישן מנהיג געענטפערט, אַז דער אמת איז ביי מיר נישט קיין אתרוג, וואָס מען נעמט אים אַרויס פון וואַטע נאָר דעמאָלט ווען מען דאַרף מיט אים בענטשן... אַז ביי מיר איז דער אמת פריִער פאַר אַלץ: אַ געפיל־ענין; אַ געפיל, וואָס לעבט אין בלוט פון האַרץ און טרעט אויף און שרייט קעגן יעדנס און יעדן שקר. דער יעניקער, וועמען עס פעלט דאָס דאָזיקע גערעכטיקייט־געפיל, מעג ער קענען גאַנץ תורת מאַרקס מיט ענגעלסן אויף אויסנווייניק — איז ער ווייט פונעם אמת, ווי די ערד איז ווייט פון דער זון.

אַ צווייטער, אַ „פּאַרטייגענאָסע" פונעם ערשטן, אַ „ספּעץ" אי אויף רעוואָלוציע, אי אויף ליטעראַטור, האָט דערמאָנענדיק מיינע ארץ־ישׂראל־דיקע שאָטנלידער באַמערקט מיט צופרידנקייט, אַז איך האָב גוט געטאָן, וואָס איך האָב זיי נישט אַריינגענומען אין מיין בוך „דאָס לאַנד פון צווייטן בראשית", ווייל זיי וואָלטן שוין היינט געקלונגען ווי פּאַמפלעטן. ביידע אַלטע פּאַרטיי־פירער האָבן, ווייזט אויס, פאַרגעסן, אָדער געמאַכט זיך פאַרגעסן, אַז אַ באַדייטנדיקע צאָל פון די זעלבע לידער האָבן זיי אַליין געהאַט געדרוקט און איבערגעדרוקט אין זייערע פּאַרטייאישע טריבונעס אין לאַנד און אין אויסלאַנד, און אַז דעמאָלט האָבן מיינע „פּאַמפלעטן" געהייסן ביי זיי: „סאָציאַלע, פּראָלעטאַרישע ארץ־ישׂראל־לידער". אַפנים, אַז אויך דעמאָלט האָבן מיינע חשובע לינקע פּאַרטיי־רעדאַקטאָרן און ליטעראַטור־קריטיקער נישט געהאַט וועגן מיר קיין מיינונג, נאָר אַ שטע־לונג...

איך דערמאָן עס — אין שייכות מיט מיין צוגרייטן אַרויסצוגעבן (ביי דער ערשטער מעגלעכקייט) אַ זאַמלונג פון מיינע ארץ־ישׂראלדיקע שאָטנ־לידער א. ב. „אין לאַנד פון די נביאים"; לידער מיט וועלכע איך וועל אַוודאי אויפרייצן די הורא־פּאַטריאָטן, די כּל־המינים געזעלשאַפטלעכע קאָכלעפל, שוימלעפל, שיסל־ און שליסל־לייט, וואָס לעבן אויך פון לוויות, ווי פון חתונות...

איך וועל אַוודאי אויפוועקן קעגן זיך דעם גרימצאָרן אויך פון די פּראָפעסיאָנעלע ציוניסטן, וואָס יעדע קריטיק אויף דער ארץ־ישׂראלדיקער געזעלשאַפטלעכקייט, צי אויף די מדינה־פירער — באַטראַכטן זיי ווי אַן אָנגריף אויף זייערע אייגענע פּריוואַטע אינטערעסן...

עס וועלן מיך אַוודאי נישט שוינען דערפאַר אויך די חוץ־לארצדיקע „ציוניסטן", וואָס לייגן איין וועלטן, אַז אַנדערע זאָלן עולה־זיין קיין ארץ־ישׂראל, כּדי אַליין צו קאָנען מיט אַ רויִק געוויסן בלייבן זיצן אין די פאַר זיי באַקוועמערע לענדער...

ווי אַזוי מען זאָל נישט רעאַגירן: מיין לידער־זאַמלונג „אין לאַנד פון די נביאים" וועט מען אין ישׂראל אַזוי גלייכגילטיק נישט אַריבערגיין —

ווי מען איז אַריבערגעגאַנגען איבער מיינע ארץ־ישׂראל־הימנען „אין זוניקן לאַנד", „גאָלדענע זאַמדן" און „דאָס לאַנד פון צווייטן בראשית".

אין יענע געזעלשאַפטלעכע ספערן, ווו עס קיניגט דער שקר, איז קיין שום זאַך נישט בכּוח אַזוי אויפצוּוועקן דעם „הייליקן" צאָרן, ווי: אַ ביסל קריטיק און אַ טראָפּן אמת.

# טוביה דער מילכיקער אין תל־אביב

די גרויסקייט פון געניאַלע שרייבער באַשטייט אין דעם, וואָס זיי זענען אומשטערבלעך; וואָס די טיפּן, געשטאַלטן און העלדן פון זייערע ווערק לעבן אייביק — אין לבוש פון דער תּקופה אין וועלכע זיי לעבן.

איך מיין דאָ שלום־עליכמס גאַלעריע היימישע טיפּן און געשטאַלטן, וואָס זענען צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן יידן אומגעקומען אין די דייטשע גאַזאויוונס און — אויפגעלעבט מיט דער שארית־הפליטה אין ישׂראל.

דעם אמת געזאָגט איז מנחם־מענדל געקומען קיין ארץ־ישׂראל נאָך אין יענער צייט ווען קומען קיין ארץ־ישׂראל האָט מען געדאַרפט זיין אַן אידעאַליסט, אָדער אַ „משוגענער". מנחם־מענדל איז אָבער דעמאָלט געוואָרן „בטל בשישים", זיך פאַרלוירן אין דער גרויסער עליה פון דער ציוניס־טיש־חלוצישער יוגנט און — אויפגעשוווימען, ערשט מיט דער איינוואַנ־דערונג פונעם מיטלקלאַס, וואָס איז באַשטאַנען פון בעל־מלאכות, קליינ־הענדלער און סוחרים.

זיי, די מנחם־מענדלס, וואָס האָבן אין די אַלטע היימען געלעבט פון לופט־פּרנסות און האָבן אויך אין ארץ־ישׂראל געזוכט לייכטע פאַרדינסטלעך — האָבן שוין אין יענע יאָרן, ווייט הינטערוועגנס פון דער יידישער מדינה, געשאַפן אין תל־אביב אויף די זאַמדן דעם „וואָל־סטריט", די ליליענ־בלום מיט אַ האַלבער הערצל־גאַס מיט קליינע קאַפע־הייזלעך, ווו מען האָט געקאָנט ביי די געסט קויפן אָדער פאַרקויפן „האַרטע" און „ווייכע" אָדער אַריינכאַפּן אַ פּאָר פונט מעקלעריי...

טראָץ דעם וואָס מנחם־מענדל, דער סימבאָל פונעם לופטמענטש, איז ווי אַלע שלום־עליכמס טיפּן און געשטאַלטן, בלוט און פלייש פונעם יידישן פאָלק — האָט מיך זייער געפרייט דאָס זען אין תל־אביב טוביהן, טוביהן דעם מילכיקן, דעם סימבאָל פונעם יידישן בטחון.

דערזען האָב איך טוביהן אין אַ העלן פּרימאָרגן אין מיטן דער אַלענבי־גאַס, רייטנדיק אויף אַן אייזעלע מיט צוויי קאַנען מילך ביי דער זייט — צווישן לויפנדיקע אויטאָס און צעשראָקענע קאַראַוואַנען קעמלען, וואָס אַראַבער האָבן דורכגעפירט דורך די תל־אביבער זאַמדיקע גאַסן. אויפן ערשטן אויגנבליק האָב איך טוביהן נישט דערקענט: אַ פּאַריוונגערטער, נישט מיט קיין גראָער באָרד, און נישט מיט קיין גראָען כאַלאַט און מיט הויזן אין די שטיוול, נאָר טוביה מיט אַ הדרת־פּנים, מיט אַ ברייט־צע־קעמטער ברוינער באָרד, מיט אַ הויכן רוסיש־יידישן קאַשקעט אויפן קאָפּ און מיט אַ שוואַרצער, לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ שפּאַלט פון וועלכן מען האָט פון הינטן אַרויסגעזען נאָר דעם אייזלס עק...

טוביה האָט אין ארץ־ישׂראל געביטן נישט נאָר די הלבשה, נאָר אויך דאָס יידישע לשון מיט וועלכער ער פלעגט זיך אין דער אַלטער היים דורכשמועסן מיט זיין פערדל. צום אייזל האָט ער גערעדט העברעיִש, גע־שריגן צו אים „לך כּבן אָדם!״ און דער אייזל האָט ,זעט אויס, פאַרשטאַ־נען וואָס ער וויל פון אים און — אַרויף אויפן טראָטואַר, גענומען „גיין ווי אַ מענטש״ און טוביהן איז נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען צוריק אים אַרויפצופירן אויפן מיטן וועג — ער זאָל נעמען גיין ווי אַ אייזל...

ווען כ׳האָב אין ארץ־ישׂראל דאָס ערשטע מאָל זיך אָנגעטראָפן מיט טוביהן, מנחם־מענדלען און מיט אַלע אַנדערע טיפּן און געשטאַלטן פון קאַסרילעווקע, יעהופּעץ, טונעיאַדעווקע און פון אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון דער יידישער אָרעמקייט אין פּוילן און ליטע — האָב איך דעמאָלט אַ טראַכט געטאָן: ווו נעמט מען דאָ שלום־עליכמען ער זאָל אַ קוק־טאָן אויף זיין אַלטער, ניי־געשלייערטער כאַליאַסטרע טיפּן און גע־שטאַלטן, וואָס זענען מיט מנחם־מענדלען און טוביהן בראש — אויסגע־וואַקסן אויפן ארץ־ישׂראלדיקן זאַמדיקן באָדן; אויסגעוואַקסן אַלס עצה־געבער, קענער און פאַכקענער און פאַר „משוגעים פאַר דער זאַך״: ווי אַזוי אויסצולייזן ס׳יידישע פאָלק פון גלות און עס אַריבערברענגען אין לאַנד פון די אָבות.

אין יענער ראָמאַנטיש־אידעאַליסטישער תקופה, וואָס איז פול געווען מיט מסירת־נפש, מיט קאַמף וואָס האָט אויסגעזען ווי דאָן־קיכאָטיזם —

שוין אין יענע יאָרן האָט געפעלט שלום־עליכם, וואָס וואָלט פון דער שווערער חבלי־לידה פונעם ארץ־ישׂראל־ישוב, געעפנט אַ נייעם קוואַל פון הומאָר, פאַר נייע ווערק פון זיין גאונות.

1972

# דריי רעסיטאַלן

ווען כ׳וואָלט געהאַט בדעה צו שרייבן וועגן די אַלע קלאַנג־ און וואָרט־רעסיטאַלן, וואָס מיר איז אין משך פון צענדליקער יאָרן אויסגעקומען צו הערן אין ארץ־ישׂראל, וואָלט איך, פּשוט, געדאַרפט שרייבן וועגן מוזיק בכלל, און באַזונדער וועגן דער אַנטוויקלונג פון מוזיק אין ארץ־ישׂראל. בין איך אָבער נישט קיין מוזיקער און אויך נישט קיין מוזיקאָלאָג, נאָר אַ ליידנשאַפטלעכער ליבהאָבער פון מוזיק — וועל איך בלויז דערציילן וועגן דריי פון אַ סך רעסיטאַלן, וואָס זענען מיר פאַרבליבן אין זכּרון, נישט נאָר צוליב זייער הויך־קינסטלערישער אויפפירונג, נאָר אויך צוליב די טעכניש־פרימיטיווע באַדינגונגען ביי וועלכע די קאָנצערטן פון מיט צענדליקער יאָרן צוריק זענען פאָרגעקומען און געשאַפן אַרום זיך נישט ווייניק עפּיזאָדן און קוריאָזיטעטן.

די גרעסטע קינסטלערישע אימפּרעזעס פון יענער צייט, ווען אַפילו די גרעסערע שטעט אין ארץ־ישׂראל האָבן נישט פאַרמאָגט קיין קאָנצערט־זאַלן, זענען דורכגעפירט געוואָרן על־פּי־רוב זומערצייט אין די אָוונטן, אונטערן פרייען הימל, אויף די נאַקעטע, אָפּגעקילטע זאַמדן פון „תּל־אביב הקטנה" און אויך אין חיפה מיט איר אומגעגנט. אַ סך זאַמדיקע פּלעצער האָבן פאַרמאָגט אַ גרויסן צריף ווי אַ שייער, אַן אַזוי־גערופענעם „בית־העם" אין וועלכן ס׳האָט זיך געפונען אַ פּראָוויזאָרישע בינע און צעשטעלטע רייען נישט־געהיבלעוועטע בענק — הינטער הויכע פּאַרקאַנעס, וואָס האָבן נישט פאַרהיטן פון אונטערגראָבן זיך אונטער זיי, אָדער — פון אַריבערכאַפּן זיך איבער זיי אָן אַ בילעט...

די „כּוח־גייער", וואָס האָבן זיך אָן בילעטן אַריינגעריסן אויף אַזעלכע קאָנצערטן, זענען נישט געווען די היינטיקע ישׂראלדיקע כּוח־גייער, וואָס ווען, אויסער אויף אַ „פוטבאָל־מעטש" זיך נישט אַריינרייסן...

דער גרויסער עולם, וואָס האָט אָנגעפילט די צריפים און די אָפענע קאָנצערטפּלעצער זענען געווען אַרבעטער און דער עיקר אַרבעטלאָזע, אויסגעהונגערטע נישט נאָר נאָך אַ לייטיש מאָלצייט, נאָר אויך נאָך אַ גוט ביסל מוזיק און געזאַנג — בפרט נאָך מוזיק און געזאַנג פון גאַסטראָלאָרן מיט וועלטנעמען פון אייראָפּע און אַמעריקע.

מיט נאָך מער אינטערעס און מיט נאָך מער פייערלעכקייט ווי אין די שטעט, זענען סיי די סימפאָנישע קאָנצערטן און סיי די סאָלאָ־אויפטריטן, די רעסיטאַלן פון שפּילער און זינגער (אַריינגערעכנט אויך די גרעסטע חזנים) געוואָרן אויפגענומען פונעם חלוצישן עולם אין די קיבוצים, וווּ יעדער קאָנצערט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן קולטור־יום־טוב אויך פאַר די אויספירער פון די קאָנצערטן, באַזונדער פאַר די דיריגענטן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דאָס דאַנקבאַרסטע פּובליקום פאַר מוזיק האָבן זיי געפונען אין ארץ־ישׂראל,ביים „באַרוועסן שבט" מיט די קורצע כאַקי־הייזלעך — ביי די חלוצים אין דער צייט פון „צווייטן בראשית".

צום גרויסן דערפאָלג פון אַזאַ אַמאָליקן קאָנצערט אין ארץ־ישׂראל האָט נישט ווייניק צוגעהאָלפן דאָס פאַרכאַפּנדיקע, אָריגינעלע בילד פון אַ קאָנצערט אויף דער נאַקעטער שויס פון אָפּגעקילטע פעלדזנשטיינער, צי אויף די טויאיק־פייכטע זאַמדן אויף וועלכע דאָס פּובליקום האָט זיך אויס־געזעצט ביים ליכט פון אַ זון־אונטערגאַנג, אָדער ביי נאַכט, באַלויכטן פון אַ ים מיט שטערן צי פון אַ פולער לבנה, וואָס האָט שאַרף בולט געמאַכט די הויקערדיקע קאָנטורן פון די אַרומיקע בערג.

ווי אַ חובב מוזיקה, פלעג איך פאַרן פרייז פון נישט עסן קיין מיטאָג אָדער אָוונטברויט — בייוווינען אַזעלכע קאָנצערטן פון וועלכע ס'זענען מיר עד־היום פאַרבליבן די דערהויבנסטע דערינערונגען. אין שייכות מיט זיי זענען מיר אויך פאַרבליבן עטלעכע קוריאָזן, וואָס בעטן זיך, ממש, מען זאָל זיי דערציילן בעת מען שרייבט דערינערונגען וועגן ארץ־ישׂראל פון מיט קאַרגע פופציק יאָר צוריק.

*

אין אָנהויב די דרייסיקער יאָרן ווען דער באַרימטער חזן קוואַרטין איז דאָס ערשטע מאָל אויפגעטראָטן אין תל־אביב אין „בית־העם" און, שטיי־ענדיק שוין אויף דער בינע געוואַרט, אַז דער גרויסער עולם, וואָס איז געזעסן און געשטאַנען אומבאַקוועם, זאָל זיך באַרויִקן — האָט זיך אין דער קוים־איינגעשטעלטער אָונטיקער שטילקייט צעהעשעט אַן אייזל הינ־טערן הויכן פּאַרקאַן און, קוואַרטין האָט בעל־כּורחו געמוזט צווואַרטן, אַז דער אייזל זאָל זיך אויסוויינען... ווען דער אייזל האָט זיך ענדלעך באַרויִקט און קוואַרטין האָט אַ נעם געטאָן דעם ערשטן טאָן, האָט אויך דער אייזל געעפּנט דאָס מויל און, קוואַרטין איז ווידער שטיל געוואָרן... די שטערונג מצד דעם אייזל האָט אַזוי לאַנג אָנגעהאַלטן, ביז איינער פונעם פּובליקום איז אַרויס צום אייזל, אים אָפּגעבונדן פונעם בוים ביי וועלכן ער איז גע־שטאַנען און אים ערגעץ אַוועקגעפירט.

אַן ענלעכער קוריאָז איז געשען (אויב כ'האָב נישט קיין טעות) אין קיבוץ „עין חרוד", אויף אַ רעסיטאַל פון דעם וועלט־באַרימטן פידלער בראָניסלאָוו הובערמאַן. פּאָרגעקומען איז דער קאָנצערט זיינער ביי שקיעת־השמש, נאָך אינעם אָלטן, גרויסן הילצערנעם „חדר־האוכל". ווען הובערמאַן האָט ביי אַ שטילקייט פון העכער טויזנט איינגעהאַלטענע אָטעמס, דעם ערשטן צי־געטאָן מיטן בויגן איבער די סטרונעס — האָבן אַלע פייגל פון די נעסטן אונטער דער סטעלע זיך צעזונגען און הובערמאַן האָט איבער־געריסן דאָס שפּילן און געוואַרט... די פייגל האָבן, וואָס אַן אמת, אויפגע־הערט זינגען, נאָר ווי הובערמאַן האָט ווידער אָנגעהויבן, האָבן זיך די פייגל אויף ס'ניי צעצוויטשערט און צעזונגען ווי אויף אַ פייגלשער חתונה און הובערמאַן איז ווידער שטיל געוואָרן... אַזוי האָט זיך דאָס איבערגע־חזרט עטלעכע מאָל, ביז הובערמאַן האָט זיך, בלית ברירה, געמוזט אונ־טערוואַרפן דעם ווילן פון די פייגל און — דעם קאָנצערט זיינעם געגעבן אונטער דער באַגלייטונג פונעם פייגלשן כאָר...

פון די ברייט־פאַרנעמיקע קולטור־ און קונסט־אימפּרעזעס, וואָס זענען אין יענער צייט פאָרגעקומען אויף די נאַקעטע שטיינער, ביי נאַכט אונטערן

פרייען הימל, האָט זיך מיר, אויף נישט צו פֿאַרגעסן, איינגעקריצט אין זכּרון אַן אויפטריט פון דער קרוין פון „הבימה״: פון חנה ראָווינאַ. ביי נאַכט, אין עמק, אויף די „הרי גלבוע״ אונטערן פרייען הימל, צווישן בית־אלפה און חפצי־בה. די בינע איז געווען: אַ גרויסער, פלאַכער, אַרויס־שטאַרצנדיקער שטיין, וואָס די נאַטור אַליין האָט אים ווי אַרויסגערוקט פון אַ באַרג מיט קאַנטיקע, גרויסע שטיינער אויף וועלכע ס׳זענען צענדלי־קער מענטער באַרג־אַרויף געזעסן די מחנות פוןביידע קיבוצים און מיט ברענענדיקע פאַקלען באַלויכטן די „בינע״ מיט דער מאַיעסטעטישער חנה ראָווינאַ — לייענענדיק מיט אַ שטאַרק־דראַמאַטיש, וויברירנדיק קול דוד פינסקיס „יהודי הנצחי״, צו וועלכן אויך די בערג פון גלבוע האָבן זיך ווי צוגעהערט מיט פאַרטייעטן אָטעם.

הערן און זען אַזאַ אויפטריט איז אַן איבערלעבונג וואָס אַ קונסט־געניסער האָט זיי נישט קיין סך אין זיין לעבן.

# די ווידוי פון אַ „כוליגאַן״

אין דער זאַמלונג לידער פונעם רוסישן פּאָעט סערגיי יעסענין, וואָס איז אין מיין איבערזעצונג דערשינען אין יאָר 1933 אין וואַרשע און אויך אין דער צווייטער אויפלאַגע, אין 1970, אין תּל־אביב — האָב איך אויך אַריינגענומען זיינס אַ זייער באַקאַנט און כאַראַקטעריסטיש ליד פּאַר אים — „די ווידוי פון אַ כוליגאַן״ — אַ נאָמען וואָס האָט זיך מיר איצט זייער אַריינגעפּאַסט פּאַר די דאָזיקע שורות וועגן אַ ווידוי פון אַן אַנדער מין כוליגאַן; אַ „כוליגאַן״, נישט קיין דיכטער און בכלל קיין שרייבער נישט; אַ „כוליגאַן״, נישט קיין רוס, נאָר אַ ייד, אַ פּשוטער ייד, אַ „גייער״, וואָס שוין יאָרן לאַנג זע איך אים תּמיד אַ צעהיצטן און אַ פאַרשוויצטן, נישט גיין, נאָר לויפן מיט אַ שווערער, געשוואָלענער, אָפּגעדינטער טעקע.

מיט דעם אומבאַקאַנטן־באַקאַנטן בעל־דבר מיינעם, וועמענס פּנים ס׳איז מיר קענטלעך שוין עטלעכע פערציק יאָר אין לאַנד — האָב איך דאָס ערשטע מאָל גערעדט דאָ נישט לאַנג. נישט איך האָב גערעדט מיט אים, נאָר ער מיט מיר, און דאָס — נאָך לאַנגע הכנות, נאָך אַ לאַנגער צייט שטום באַגריסן מיך אין גאַס — אָנגעהויבן פון אַ לייכטן, נישט זיכערן שאָקל מיטן קאָפּ, וואָס איז פון מאָל צו מאָל געוואָרן פריינדלעכער און גע־וואַגטער, ביז — ער האָט זיך אָנגענומען מיט דרייסטקייט און מיך אָפּגע־שטעלט.

— זייט מיר מוחל, וואָס איך שטעל אייך אָפּ — האָט ער אָנגעהויבן — איך זוך שוין לאַנג די געלעגנהייט מיט אייך צו רעדן און זיך אַ ביסל אַראָפּצורעדן. איר מיך קענט נישט, איר זענט נישט מחויב אַלעמען צו קענען, אָבער איך אייך — קען יאָ — ווי עס קענען אייך אַ סך מענטשן... איך קען אייך נאָך פון יענער צייט, ווען תּל־אביב האָט געציילט בסך־הכּל ביי אַ פערציק טויזנט איינוווינער, וואָס האָבן זיך ווי איין משפּחה געקענט

פונעם בלויזן זען זיך און באַגעגענען זיך ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, אין לייד און אין פרייד פונעם ישוב. פון אייערע לידער קען איך אייך, וואָס אַן אמת, זייער ווייניק, ווייל איך לייען נישט קיין לידער, איבערהויפּט יידישע, ווייל איך לייען נישט... דאָס הייסט... איך האָב אין ארץ־ישׂראל נישט געלייענט קיין יידיש, געווען אַ קעגנער, ס׳הייסט אַ קעגנער? מיט סכּנת־נפשות! איך האָב אַמאָל אָנגעהערט צום „גדוד מגיני השׂפה", וואָס האָט געקעמפט קעגן יידיש, „זשאַרגאָן" האָט עס דעמאָלט געהייסן. איך אַליין האָב אַמאָל אין יאַשאַ־חפץ־זאַל איבערגעריסן די עלעקטרישע דראָטן און אייך געלאָזט שטיין אין דער פינצטער — בעת איר זענט געשטאַנען אויף דער טריבונע און פאַר אַן עולם פאָרגעלייענט אייערע לידער, אַ צווייט מאָל — אויף אַ צוזאַמענפאָר פון יידישע שרייבער פון ארץ־ישׂראל, האָב איך, צוזאַמען מיט די „קרימטשאַקעס", די סאַשקעס און וואַנקעס, וואָס האָבן גערעדט רוסיש און זיך געשלאָגן פאַר העברעיִש — האָבן מיר דע־מאָלט אַזוי דעמאָלירט דעם יאַשאַ־חפץ־זאַל, אַז ס׳איז אים אַ לאַנגע צייט נישט געווען צו דערקענען... נאָר דאָס? איך האָב זיך אויך „באַטייליקט" אינעם „באַרימטן" שׂמחת־תּורה־ביינאַכט, אין יאָר 1928. געווען איז עס אויף אַ יידישיסטישן אָוונט אין קלוב פון די לינקע פּועלי־ציון, אין קעלער אויף אַלנבי, נישט ווייט פון ים. אַך, האָבן מיר דעמאָלט אָפּגעטאָן אַ שטיקל אַרבעט!... און ביי ברענען יידישע קיאָסקן, און ביי צערייסן יידישע צייטונגען, בין איך נישט געווען?... ווּ בין איך נישט געווען?...

— איז וואָס ווילט איר?! — האָב איך שוין אַ דענערווירטער און מיט נישט ווייניק כּעס אים איבערגעריסן. — ווילט איר אפשר שׂכר־טירחה פאַר דער אָפּגעטאָענער אַרבעט?...

— ניין, חלילה! — האָט ער זיך לייכט פאַררויטלט, און, ווי פאַר־שעמט, אונטערגעשמייכלט. — וועגן דעם טאַקע וויל איך מיך אייך רעדן און זיך אַ ביסל אַראָפּרעדן פון האַרצן. כ׳וויל נאָר, איר זאָלט מיר שענקען עטלעכע מינוט. איך וועל אָנהייבן פונעם עיקר: איך האָב זייער חרטה אויף יענער צייט און אויף מיינע אַמאָליקע מעשׂים... ערשט היינט זע איך וואָס יידיש איז געווען פאַרן יידישן פאָלק און ווי יידיש פעלט, כּדי אָפּצו־האַלטן יידן אין דער וועלט פון דער גרויסער אַסימילאַציע, וואָס רייסט

פון אונדז לעבעדיקע שטיקער. די, וואָס האָבן באַקעמפט און באַקעמפן נאָך ייִדיש, זענען פּשוט פאַרברעכער אָדער סתּם טעמפּע נפשות. פאַרשטייט איך טאַקע נישט וואָס מיט מיר האָט זיך דעמאָלט געטאָן וואָס כ׳האָב זיך געלאָזט מיטרייסן מיט דער שאָוויניסטישער יוגנט און אויך מיין האַנט צוגעלייגט צו דער גאָרנישט ריינער אַרבעט... נאָר וואָס איז דאָ צו רעדן? אַז גאָט וויל עמעצן שטראָפן, נעמט ער ביי אים צו דעם שׂכל!... באַדויער איך טאַקע אויף יענע מעשׂים און האָב עס נישט איין מאָל אויפן געוויסן. ס׳איז כּדאַי אָבער צו באַמערקן, אַז אַרויפגעפּירט אויפן וועג פון חרטה, האָט מיך מיין פרוי. מיין פרוי, אין היפּוך צו מיר, האָט אַלע מאָל ליב געהאַט ייִדיש, לייענט היינט נאָך ייִדישע ביכער און, בשותּפות מיט אַ שכנה, קויפט זי יעדן פרייטיק „די לעצטע נייעס״, צו האָבן אויף שבת וואָס צו לייענען. איין מאָל ווען זי איז געזעסן אַזוי און געלייענט די צייטונג, רופט זי מיך: חיים, קום נאָר, כ׳וועל דיר עפּעס ווייזן — און זי ווייזט מיר אָן אויף אייערס אַ ליד. דו ווייסט — פרעגט זי מיך — וועמענס דאָס ליד איז? דאָס איז דאָך דער, וועמען דו האָסט אַמאָל געלאָזט שטיין אין דער פינצטער, ווען ער האָט געלייענט פאַר אַן עולם... איך מיין — זאָגט זי מיר — אַז היינט וואָלסטו עס שוין נישט געטאָן, נישט יענע צייטן שוין! הלוואַי וואָלט געווען נאָך היינט וועמען און וואָס צו באַקעמפן!... אָן ייִדיש — זאָגט זי צו מיר — איז דאָס ייִדישע פאָלק ווי אָן אַ נשמה... בקיצור, וואָס איז דאָ אַ סך צו רעדן מיין פרוי האָט מיך אין גאַנצן איבערגעקערט, זי האָט מיר פּשוט דעם קאָפּ געעפנט...

— גוט — זאָג איך — האָט זי געטאָן, נאָר אַ ביסל צו שפּעט; וואָלט מען אייך באַצייטנס געוועזן דעם קאָפּ געעפנט, וואָלט איך פאַרשפּאָרט, קאָן זיין, צו הערן אייער ווידוי... נאָר ווי זאָגט מען: בעסער שפּעטער, איידער קיין מאָל נישט.

מיט אַ געלעכטערל, וואָס קומט פון פאַרלוירנקייט, האָט זיך מיין בעל־תּשובה געזעגנט מיט מיר, באַמיִענדיק זיך נישט צו קוקן מיר, בעת־מעשׂה, אין די אויגן אַריין...

1961

# אַ פֿריינד פֿון ייִדיש

אַז מען שרייבט זכרונות, דערמאָנונגען, ווי איך רוף עס אָן, דערמאָנונגען וועגן שרייבער־קאָלעגן, צווישן וועלכע מען געפֿינט נישט צו אָפֿט קיין אויפֿריכטיקן, גוטן פֿריינד — דאַרף מען זיך דערמאָנען און שרייבן וועגן אַ פֿריינד, נישט קיין שרייבער, נאָר אַ פֿריינד פֿון שרייבער, איבער־הויפּט פֿון ייִדישע שרייבער — ווי דאָס איז געווען יוסף פּערלמאַן.

כ׳געדענק נישט גענוי ווי אַזוי כ׳בין געוואָרן פּערלמאַנס פּערזענלע־כער פֿריינד און ער — מײַנער אַ חסיד...

כ׳געדענק נאָר, אַז אין די גאָר „הייסע" יאָרן פֿאַר ייִדיש אין ארץ־ישׂראל, אין די יאָרן ווען מען האָט בפּועל ממש געברענט ייִדיש — האָט זיך אין דער גערודפֿטער שרייבער־גרופּע באַוויזן איינער, נישט קיין שריי־בער, וועמען נישט אַלע האָבן געקענט און נישט געוווּסט ווער און וואָס ער איז און, וואָס אַזוינס ער זוכט בײַ די ייִדישע שרייבער — אין אַן אַטמאָספֿער פֿון שׂנאה צו ייִדיש מצד דעם העברעיִשן ישוב.

כ׳געדענק אויך נישט ווער עס האָט פּערלמאַנען געבראַכט צו אונדז „ייִדישיסטן". כ׳געדענק נאָר, אַז מיר אַלע האָבן אים אָנגענומען פֿאַר אַ ייִדיש־מעצענאַט, וועמען גאָט אַליין האָט אונדז צוגעשיקט. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז מיר האָבן געהאַט אַ שטיקל טעות; דער אומבאַקאַנטער שטי־לער און סאָלידער פּערלמאַן איז פֿינאַנסיעל נישט געווען בכּוח צו זײַן אַ מעצענאַט; געווען איז ער אַ ליבהאָבער פֿון ייִדיש און אַ פֿריינד פֿונעם ייִדישן שרייבער, וועמען ער איז גרייט געווען צו העלפֿן און — געהאָלפֿן מער נאָך וויפֿל ער האָט געקאָנט.

אָנהייב דרײַסיקער יאָרן, ווען די ייִדישע שרייבער אין ארץ־ישׂראל האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ שרייבער־פֿאַראיין און זייער אַדרעס אין תּל־אָביב איז געווען איזביצקיס קליינע קאַפֿע־הויז אויף נחלת בנימין, אָדער אין דער דירה פֿונעם דעמאָלטיקן פֿאָרזיצער פֿון פֿאַראיין ד״ר ניר־ראַפּאַלקעס אויף אחד־העם, ווו מיר פֿלעגן זיך צונויפֿקומען און אָפּהאַלטן

אונדזערע זיצונגען — איז שוין פּערלמאַן צווישן די יידישע שרייבער גע־
ווען אַן אייגענער, מיט באַראַטונגס־רעכט, און ער, פּערלמאַן, האָט אונדז
דערפאַר געשטעלט צו דיספּאָזיציע זיין באַשיידענע, וואַרעמע היים אויף
צו פייערן אין איר אַ שרייבערס אַ יום־טוב, אָדער אויפצונעמען יידישע
שרייבער־געסט פון אויסלאַנד — אויפן חשבון פונעם גאַסטגעבער.

אַ סך יאָרן איז יוסף פּערלמאַן געווען אויך אַן ערן־מיטגליד אין דער
פאַרוואַלטונג פונעם שרייבער־פאַראיין, ווען ער האָט געהאָלפן שאַפן דעם
ערשטן אייגענעם קלוב: דעם גוט־באַקאַנטן „קעלער" אויף דב הוז.

ווי איך האָב שוין פריִער באַמערקט, איז פּערלמאַן נישט געווען קיין
מעצענאַט. און דאָך האָט ער געהאָלפן שרייבער נישט נאָר אַרויסגעבן אַ
בוך, נאָר אויך פאַרשפּרייטן אים.

וועגן זיין ליבע צו יידיש, צום יידיש־שעפערישן מענטש און צו גע־
זעלשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס ער האָט געטאָן לשמה, האָט מען יאָ געקאָנט
זאָגן, אַז ער איז געווען „משוגע פאַר דער זאַך" און מען האָט זיך געמעגט
ווינטשן וואָס מער אַזעלכע משוגעים...

אַגב האָט מיך פּערלמאַנס ליבע צו עסקנות דערמאָנט, אַז נאָך אין
אַמאָליקן פּוילן, אין די יאָרן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט
ער זיך שוין פאַרנומען מיט וואָלונטאַרישער אַרבעט ביי דער פאָלקס־
פּאַרטיי, צו וועלכער עס האָט אויך אָנגעהערט זיין ברודער, דער דעמאָלט
באַקאַנטער זשורנאַליסט אשר (אָסקאַר) פּערלמאַן פון וואַרשעווער „מאָ־
מענט". ווייזט אויס, אַז פון דעמאָלט אָן האָט פּערלמאַנען, דעם שפּעטער־
דיקן אַגענט פון אַ פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט אין תל־אביב, געצויגן צו
געזעלשאַפטלעכער אַרבעט — כדי צו קאָנען ביי אַזאַ אַרבעט קולטורעל
זיך אויסלעבן.

בעת דער פייערלעכער דערעפענונג פון דער נייער היים פאַר יידישע
שרייבער: דאָס לייוויק־הויז אין תל־אביב — האָב איך זיך דערמאָנט אָן
מיין פאַרשטאָרבענעם, פּערזענלעכן פריינד — דעם מענטשן־פריינד און
יידיש־פריינד יוסף פּערלמאַן, וואָס האָט נישט דערלעבט די שׂמחה פון
חנוכּת־הבית אויף וועלכער ער האָט אָנזעעוודיק געפעלט און פעלט
דער יידישער שרייבער־משפּחה.

# אַ פריינד און פאַרערער

דעם אייביקן אָנדענק
נאָך יוסף דזשאַלאָשינסקי ז״ל

אָנהייב דרייסיקער יאָרן, נאָך אין דער צייט פון דער פערטער עליה, האָט מיינער אַ פריינד, וועלכער האָט געאַרבעט דעמאָלט אין אַ פּרדס אין אבן־יהודה, מיר דערציילט, אַז מיט אים צוזאַמען אַרבעט אַ פּאַביאַניצער יונגערמאַן, וואָס האַלט בעת דער אַרבעט אין איין דעקלאַמירן אויף אויסנ־ווייניק מיינע לידער, באַזונדער — מיין ארץ־ישׂראל־ליד „אויפן חשבון פון די בויער״, וואָס ער דעקלאַמירט מיט גרויס פּאַטאָס, בעת ער האַקט מיט דער שווערער „טוריע״ דעם האַרטן באָדן מיטן ריטם פון מיין ליד.

אין אַ צייט אַרום האָט מיך מיין פריינד באַקענט מיטן פּאַביאַניצער ערגעץ אין תל־אביב און ס׳האָט זיך צווישן אונדז פאַרבונדן אַ שנעלע פריינדשאַפט. איך זאָג: אַ שנעלע, מחמת די פריינדשאַפט איז מצד מיר געקומען נישט ווי אין שטייגער פון מיין כאַראַקטער — נישט לייכט צוצו־פאַלן צו אַ פרעמדן מענטש... כ׳האָב דעם פּאַביאַניצער יונגערמאַן יוסף דזשאַלאָשינסקי געגעבן הייסט עס „קרעדיט״ און, בין אויך שנעל געוואָרן זיין שטוב־איינגייער — שוין אין געזעלשאַפט אויך פון זיין פרוי.

פון מיין נייעם פריינד דזשאַלאָשינסקי אַליין האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער איז שוין דאָס צווייטע מאָל אין ארץ־ישׂראל; אַז אין עלטער פון דרייצן יאָר איז ער קיין ארץ־ישׂראל געקומען מיט אַ גרופּע יוגנטלעכע פון „השומר הצעיר״ און, אָפּזייענדיק אַ געוויסע צייט צוריקגעפאָרן קיין פּוילן.

פון דזשאַלאָשינסקיס פרוי האָב איך זיך אָבער דערוווּסט וועגן דעם וואָס דזשאַלאָשינסקי האָט אויסגעמיטן צו רעדן. פון דער פרוי האָב איך זיך

דערוווּסט, אַז ער האָט זיך אין ארץ־ישׂראל אָנגעשטעקט מיט אַ שווערער מאַלאַריע און מיט... קאָמוניזם פון די פּ.ק.פּ., די „מאָפּסן", ווי מען האָט זיי דעמאָלט גערופן און, אַז צוליב די שווערע רדיפות אויף קאָמוניסטן, מצד דער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט — איז ער צוריקגעפאָרן קיין פּוילן אין זיין געבוירן־שטאָט פּאַביאַניץ, ווו ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אַ דאַנק זיינע פעיִקייטן — געוואָרן אַ טריבון, אַ מאַסן־רעדנער, אַן אָנפירער פון שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס וואָס האָבן זיך, ווי דער שטייגער איז געווען, געענדיקט מיט פּאָליציי־אישע קלעפּ, אַרעסטן און אומאויפהערלעכע רדיפות ביז — צו זיין גע־צוווּנגען עוקר־צו־זיין פון פּוילן און צוריקצוקומען קיין ארץ־ישׂראל ווו ער איז, צוליב די באַוווּסטע מאָסקווער פּראָצעסן, אַוועק פון קאָמוניזם.

ווען דזשאַלאָשינסקין איז ווען עס איז אויסגעקומען צו דערמאָנען וועגן זיין קאָמוניסטישער פאַרגאַנגענהייט, האָט ער גערעדט וועגן דעם שעמעוודיק, ווי אַן אָפּגענאַרטער פון אַ גרויסער אידייע פאַר וועלכער ער האָט אַוועקגעגעבן זיינע שענסטע יאָרן.

נאָכן אַוועקגיין פון קאָמוניזם איז דזשאַלאָשינסקי אין ארץ־ישׂראל נאָך אַלץ געבליבן אַ פּראָלעטאַריער, אַריין אין אַ קיבוץ און אים שנעל פאַר־לאָזט; געאַרבעט ביי וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט און לסוף — זיך גע־נומען צו מסחר.

אַריינגעצויגן אין מסחר האָט אים זיינע אַ שוועסטער, וואָס האָט אין תל־אביב געהאַט אַ געשעפט פון הצטרכותן פאַר פרויען. נאָכן אָפּאַרבעטן עטלעכע יאָר ביי דער שוועסטער, האָט ער אַליין געעפנט אַזאַ געשעפט. געוואָרן, הייסט עס, אַ סוחר, נאָר אַ סוחר נישט קיין „טרוקענער", נישט אַזאַ וואָס טוט זיך אויס פון יעדער רוחניות, אָדער אַזאַ וואָס האָט קיין רוח־ניות קיין מאָל נישט געהאַט...

דזשאַלאָשינסקי, וואָס האָט פאַרמאָגט אַן איינגעבוירענע אינטעליגענץ און נישט ווייניק קולטור, האָט ליב געהאַט אַ גוט בוך און געפונען אויך צייט אויף לייענען און אויף רעדן וועגן די ביכער, וואָס ער האָט געלייענט, רעדן מיט פאַרשטענדעניש און מיט אַ סך קריטישן חוש.

אויך ווענן דעם, אַז דזשאַלאָשינסקי איז אַמאָל געווען אַ פּענמענטש, האָב איך זיך דערוווּסט פון זיין פּרוי און, שפּעטער — פונעם בוך „לאָדזש של מעלה" * פון חיים לייב פוקס, וועלכער דערציילט, אַז דזשאַלאָשינסקי האָט אין פוילן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, געדרוקט אונטער פאַר־שידענע נעמען אַרטיקלען אויף געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טעמעס און עסייען וועגן דער נייער יידישער ליטעראַטור — אין די לינקע: „ליטע־ראַרישע טריבונע", „פרייע טריבונע", „פריידענקער" און, אונטערן נאָמען בן־יצחק, געווען דער ארץ־ישׂראל־קאָרעספּאָנדענט פון „נייע פאָלקס־צייטונג" אין וואַרשע.

ווי איך בין אין די ערשטע יאָרן פון מיין פריינדשאַפט מיט דזשאַלאָ־שינסקין געווען זיין אָפטער שטוב־איינגייער און געוואָרן אויך דער „דוד יוסף" ביי זיינע אונטערוואַקסנדיקע דריי טעכטערלעך „סאַברעלעך" — בין איך אין די שפּעטערדיקע יאָרן געוואָרן ביי אים אַן אָפטער גאַסט אויך אין זיין געשעפט — נישט צו קאָנען פאַרבייגיין און אַריינכאַפּן זיך צו זאָגן אים אַ גוט מאָרגן; אויסטוישן מיט אים אַ פּאָר ווערטער אָדער — אָפּגעבן אים אַ „באַריכט" פונעם ליטעראַרישן „יידיש־פראָנט", פאַר וועלכן ער האָט געהאַט גרויס אינטערעס און, נישט ווייניקער פון די יידישע שרייבער געהאַט פאַרדראָס פון די יידיש־דיסקרימינאַציעס.

ווי אין דער פּריוואַטער וווינונג, בין איך אין געשעפט פון דער וואַרעמער משפּחה דזשאַלאָשינסקי געוואָרן אַ היימישער, אַן אייגענער, ווי איינער פון דער משפּחה פון וועלכער ס'איז, ווי אומגעריכט, אַוועק אין דער אייביקייט — דער קאָפּ פון דער משפּחה: דער זייער באַשיידענער ליבער פריינד און פאַרערער מיינער — יוסף דזשאַלאָשינסקי.

---

* דזשאַלאָשינסקי איז אַ צייט געווען אויך טעטיק אין לאָדזש, וווּ ער האָט אָנגעפירט מיט אַ לינקן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

# „אַסטאָריאַ"

ווען כ׳בין אין יאָר 1929, באַלד נאָך די באַקאַנטע „מאורעות" אין ארץ־ישׂראל, געקומען אויף אַ באַזוך קיין פוילן, און מען האָט מיך פון פאַר־שידענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון שטעט און שטעטלעך אָנגעהויבן איינלאַדן צו הערן פון מיר אַ לעבעדיקן גרוס פון ארץ־ישׂראל — האָב איך אויך באַקומען אַן איינלאַדונג פון דער לינקער פועלי־ציון־פּאַרטיי אין לאָדזש, וווּ כ׳בין נאָך ביז צו יענער צייט נישט געהאַט געווען, ווי כ׳בין נאָך, בכלל, ביז דעמאָלט נישט געווען נאָך אין די אַלע שטעט און שטעט־לעך, אין וועלכע מען האָט מיך איינגעלאַדן.

איך האָב אָבער נישט בדעה דאָ צו באַשרייבן דאָס „פּוילישע מאַנ־טשעסטער", ווי מען האָט דעמאָלט גערופן די שטאָט לאָדזש, וואָס נישט אײן לאָדזשער האָט זי שוין באַשריבן און, ווי אַלע געוועזענע יידישע שטעט און שטעטלעך, זי פאַראייביקט אין דער חורבן־ליטעראַטור פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

איך וויל דאָ בלויז דערציילן אַ קוריאָז פון מיין ערשטן קבלת־פּנים אין לאָדזש. עס איז איינס פון זייער אַ סך קוריאָזיטעטן, אויף וועלכע יידישע שרייבער פלעגן זיך אָנטרעפן, איבערהויפּט, אין דער „ליבער פּראָווינץ"; אין די קליינע שטעט און שטעטלעך, וואָס האָבן פאַרמאָגט אַ יידישע „באַוווּסטזינדיקע" אַרבעטערשאַפט, אַ יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט געשלונגען ביכער און גערעדט מיטן לשון פונעם פרעמד־ווערטער־בוך... און, אַ ראָמאַנטישע, תמימותדיקע יוגנט, וואָס האָט פאַרגעטער׳ט שרייבער, איבערהויפּט — דיכטער, ווען זי איז גרייט געווען צו טראָגן אויף די הענט — ווען זיי, די דיכטער, פלעגן זיך מיט דער דאָזיקער יוגנט טרעפן פּנים־אל־פּנים.



געווען איז עס אָנהייב ווינטער. אָנגעקומען מיט דער באַן קיין לאָדזש בין איך תּחילת אָוונט. ווען כ׳בין אַריין אין וואָקזאַל זענען צו מיר צוגעקומען צוויי בחורים, וואָס האָבן מיך דערקענט פון מײַן בילד אין אַ צײַטונג, וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך... זיי האָבן זיך פֿאַר מיר פֿאָרגעשטעלט אַלס די דעלעגאַציע, וואָס איז געשיקט געוואָרן מיך אָפּצוּוואַרטן. איינער פון זיי האָט פון מיר אַ נעם געטאָן מײַן היפּש־גרויסע און שווערע וואַליזע, וואָס איז פול געווען מיט עקזעמפּלאַרן פון מײַן ערשט בוך לידער „אין זוניקן לאַנד״ און פון מײַן צווייט בוך „רויט אויף שוואַרץ״. און אַלע דריי האָבן מיר זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ טראַמוויי. אויפן וועג, פֿאַרנדיק, האָב איך געהערט ווי ביידע בחורים דינגען זיך אין דער שטיל וועגן מיר און איינער פון זיי באַשליסט: איך וועל אים אָוועקפירן אין „אַסטאָריאַ״.

כ׳בין געווען זיכער, אַז דאָס פירט מען מיך אין אַ האָטעל מיטן נאָמען „אַסטאָריאַ״ און בין געווען צופרידן, וואָס באַלד וועל איך זיך קאָנען אַ ביסל אויסרוען נאָך די לאַנגע שעהען שלעפּן זיך פון וואַרשע קיין לאָדזש.

אויף איינער אַ גאַס (איך געדענק נישט אויף וועלכער) האָט איינער פון מײַנע צוויי באַגלייטער ווידער אַ נעם געטאָן מײַן וואַליזע, און מיר זענען אויסגעשטיגן פונעם טראַמוויי. אין דרויסן האָט זיך דער צווייטער מיט מיר צײַטווײַליק געזעגנט און איך בין נאָכגעגאַנגען נאָך מײַן טרעגער פון דער וואַליזע. נאָך עטלעכע מינוט גיין האָט ער זיך מיט מיר אָפּגעשטעלט פֿאַר אַ נישט גרויס קאַפעהויז וואָס איז געווען העל באַלויכטן ביז אין דער גאַס אַרויס, אַזוי, אַז כ׳האָב תּיכף דערזען איבער דער טיר אַ שילד מיט אַ בונטער אויפשריפט: „אַסטאָריאַ״.

— אַט־אָ דאָ גייען מיר אַרײַן — האָט ער שנעל אַ זאָג געטאָן, שנעל אַרײַנגערוקט מײַן וואַליזע אין דער האַלב־אָפּענער טיר, מיך היימישלעך אַרײַנגעפירט, אַוועקגעזעצט מיך בײַ אַ זײַטיק, לײדיק טישל, און ווי אַן אייגענער, אַ „שטאַמגאַסט״ אין דעם קאַפעהויז, אַרונטערגעגאַנגען היבטערן בופעט, עפּעס אײַנגערוימט דעם בעל־הקפה אויפן אויער, מיט די אויגן אָנגעוויזן אויף מיר און דער בעל־הקפה (בערנהיים, דאַכט זיך, איז געווען זײַן נאָמען) איז מיט אַן אָנגעגאָסענער גלאָז קאַווע אין איין האַנט און מיט אַ טעלערל פֿאַרבײַסעכץ אין דער צווייטער האַנט — אָפּגערגעגאַנגען

פון הינטערן בופעט און, אַוועקשטעלנדיק דעם כּיבוד אויף מיין טישל דערלאַנגט מיר מיט אַ ברייטער האַנט אַ ברייטן שלום עליכם. איינער נאָכן אַנדערן זענען צו מיר אויך צוגעקומען אָפּגעבן שלום עליכם די עטלעכע פריִע געסט, וואָס זענען דאָרט געזעסן אין אַ ווינקל און זיך עוסק געווען מיט שפּילן אין שאַך.

מיין „דעלעגאַט", דער באַגלייטער מיינער, האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל, וואָס ער האָט צוגערוקט האַרט ביים אַריינגאַנג. און נעבן טישל — ברייט געעפנט מיין וואַליזע מיט די ביכער און קיינעם נישט אַריינגעלאָזט אין קאַפּעהויז אָן מיין בוך...

„אַסטאָריאַ" איז דערוויי(ל) געוואָרן וואָס אַ מאָל אַלץ פולער און פולער, און מיין וואַליזע — אַלץ ליידיקער און ליידיקער.

אויף אַלע טישלעך האָב איך געזען ליגן מיינע ביכער, וואָס געקויפט האָט זיי — לאָדזשער „עמך", צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען נישט ווייניק לאָדזשער יידישע שרייבער, קינסטלער און פּאָליטישע טוער.

נאָך צוויי שעה האַנדלען מיט מיינע ביכער, האָט דעם פּאַרקויפער מיינעם, אויסגעפעלט סחורה...

פונעם לאָדזשער יידישן „מאָן־פּאַרנאַס" — „אַסטאָריאַ", האָט מען מיך שפּעט אין דער נאַכט געפירט ערגעץ שלאָפן מיט אַ ליידיקער וואַליזע, אין וועלכער כ'האָב איבערגעלאָזט איין עקזעמפּלאַר „אין זוניקן לאַנד" און איין עקזעמפּלאַר „רויט אויף שוואַרץ" — צו האָבן פון וואָס אַרויסצולייענען אויף מיין צווייטן אָפיציעלן קבלת־פּנים, וואָס איז מיט עטלעכע טעג שפּעטער פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון דער לינקער פועלי־ציון.

1961

# „צושטייער"

„צושטייער" — זאַמלבוך 1, רעדאַקטירט פון
אַ קאָלעגיע. אַרויסגעגעבן אין מעלבורן, אין
יאָר 1944.

אַז אין אַזאַ קליינעם אויסטראַליש־יידישן קיבוץ, ווי אין מעלבורן, דערשיינט אַזאַ פיין־אַרויסגעגעבן, ציכטיק זאַמלבוך, ווי „צושטייער" — איז עס מער ווי אַ וווּנדער — ס'איז אַ פרייד און אַפילו אַ שטיקל טרייסט אינעם „אונטערגאַנגיזם" — ווי פּראָפעסאָר ראָבאַק רופט עס אָן זיינע אַרטיקלען קעגן דער דעפּעטיסטישער שטימונג ביי געוויסע שרייבער און קולטור־טוער, וואָס פאַרנעמען זיך יאָרן־לאַנג שוין מיט זאָגן קדיש, און מיט לייגן פעדערן אונטער דער נאָז פון דער „אונטערגייענדיקער יידישער שפּראַך".

אמת, מיר ווייסן ווי אַזוי אַזעלכע צושטייערס ווערן געמאַכט: עס רעדן זיך צונויף עטלעכע שרייבער און לייגן צונויף זייער אָפּגעשפּאָרטן ביי־שטייער, אָדער עס טוט עס איינער, נישט קיין שרייבער, נאָר אַ ליבהאָבער, אַ מעצענאַט, אַ „משוגענער" — איז, אדרבא ואדרבא! הלוואי וואָס מער אַזעלכע „משוגעים", ווי ל. פינק און ש. ראָטקאָפּ, וועמען די שרייבער פון „צושטייער" דערמאָנען אויפן שער־בלאַט.

צוליב דעם, וואָס דאָס זאַמלבוך ליידט, נאָך מיין מיינונג, אויף דעם, אויף וואָס עס ליידן דאָס רוב זאַמלביכער — אויף דיספּראָפּאָרציע — מאַכט עס פּשוט אומבאַקוועם זיך אָפּצושטעלן אויף איינעם פון די באַטיי־ליקטע, מחמת מען וואָלט באַדאַרפט — ווי דאָס איז וועגן „צושטייער" — זיך אָפּשטעלן הויפּטזאַכלעך נאָר אויף הערץ בערגנערס ראָמאַן „צווישן הימל און וואַסער", וואָס פאַרנעמט מער ווי אַ העלפט פונעם גאַנצן זאַמלבוך.

נישט אָנצורירן קיינעמס כּבוד פון די 9 באַטייליקטע אין אים, מאַכט דער „צושטייער״, צוליב דער נישט־ריכטיקער פאַרטיילונג, דעם איינדרוק, ווי הערץ בערגנער וואָלט אויסגענוצט אַ געלעגנהייט און אַרויפגעכאַפּט זיך מיט זיין גרויסן באַגאַזש, דעם ראָמאַן זיינעם, אויפן ליטעראַרישן וואָגן פון שלום שטערן, פּ. גאָלדהאַר, א. שולמאַן, יאָסל בירשטיין, אהרן פאַטקין, יהודה וואָטן און דעם איבערזעצער פון די צוויי אויסטראַלישע שרייבער: הענרי לאַוסאָן און דאַועל אָ׳רייל. דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן אויך פאַר־קערט: די אַלע דערמאָנטע האָבן זיך מיטגעכאַפּט מיט הערץ בערגנערן. קורץ געזאָגט: בערגנערס ראָמאַן פאַרדינט אַ ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג און האָט דערפאַר קיין אָרט נישט אין די ראַמען פון אַ זאַמלבוך.

אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט ציִען אינעם זאַמלבוך די רעפּראָדוקציעס פון יאָסל בערגנערס שטאַרקע, רעאַליסטישע, סאָציאַלע בילדער פון יידישן לעבן אין אויסטראַליע און פון פּוילישן געטאָ.

לשבח דאַרף אויך דערמאָנט ווערן ג. קוניהען, וואָס האָט מיט זיין באַשיידענער הילע־צייכענונג, אָנגעשלאָגן אַ ריכטיקן טאָן אינעם אינהאַלט פונעם „צושטייער״.

# נאָכן טויט פון י. מ. ווייסענבערג *

די אַלע, וועלכע האָבן ווייסענבערגן געקענט פון דער נאָענט, געשטאַנען מיט אים אין פאַרבינדונג, געזעסן ווי חסידים אַרום זיין טיש און שווייגנדיק אויפמערקזאַם געקוקט אים אין מויל אַריין, בעת ער פלעגט, אָן דער נויטיקער בילדונג און וויסן, באַהאַנדלען פּראָבלעמען פון קונסט, קונסט און לעבן, קונסט און פילאָזאָפיע — וואָלטן געקאָנט און באַדאַרפט צונויפ־זאַמלען די אַרויסגעבראָכענע, נישט געריייניקטע פּערל פון ווייסענבערגן דעם קינסטלער שבעל־פה און זיי אַרויסגעבן אונטערן נאָמען: פון ווייסענ־בערגס שיחת־חולין.

אַזאַ דיכטער שבעל־פה איז אין דער העברעיִשער ליטעראַטור געווען חיים נחמן ביאַליק, אין דער צייט, ווען עס האָט גערוט זיין פעדער. דער אונטערשיד צווישן ביאַליקן און ווייסענבערגן — די שמועסער און גייס־טיקע אָנרעגער פון זייערע חסידים און תלמידים — איז געלעגן דעריך, וואָס ביאַליק, דער גרויסער מתמיד פון דער אַמאָליקער ישיבה, האָט גע־שעפט זיין חכמה און וויסן פונעם אַלטן יידישן אוצר, און ווייסענבערג — פון זשעליכאָוו און פון אַ גראָ און פינצטער לעבן פון נאָך אַזעלכע יידישע שטעט און שטעטלעך, ווו דער דלות האָט געפייפט, ווי דער ווינט אין קוימען פון אַ נישט־געהייצטער הרובע, און ווו אַלץ האָט געקרעכצט, זיך געבויגן און געבראָכן אונטער דער לאַסט פון נויט.

אַז פון אַזאַ שטעטל קומט אַרויס אַזאַ קרעפטיקער טאַלאַנט ווי ווייסענ־בערג — איז עס דאָס גרויסע רעטעניש און וווּנדער פון דער נאַטור.

*

ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן איז ווייסענבערג, אין משך פון לאַנגע יאָרן געשטאַנען אין אַ הייליקן קריג מיט אַלץ און מיט יעדן וועמען ער

---

* י. מ. ווייסענבערג איז געשטאָרבן אין וואַרשע אין יאָר 1938.

האָט געהאַלטן פאַר נישט באַרופן אין און אַרום דער יידישער קולטור און ליטעראַטור. בעצם אַ קאַמף אַ נאָבעלער און גערעכטער, אָבער נישט ווייניק אַ קאַמף אַ דאָן־קיכאָטישער, אין וועלכן מען הייבט אויך אָן צו ווערן טראַגיש, ווי יעדער אידעאַלער קעמפּער־מאַרטירער, וואָס, פאַר־כאַפּט פון זיין אמת, וויל ער נישט, אָן איינציקער אויפן קאַמפּספּעלד, אונטערגעבן זיך.

אַ שאָד. אַ זייער גרויסער שאָד, וואָס ווייסענבערג, וועלכער האָט זיך נישט געקאָנט אומגיין מיט זיין „געווער", האָט אין זיין קריג געפּטרט זייער אַ סך יאָרן גייסטיקן און פיזישן כוח און אָפּגעשטעלט דאָס צאָלן דער ליטעראַטור דעם גרויסן חוב, וועלכן זי האָט אים קרעדיטירט פאַר זיינע ערשטע אויף אַ סך־געשאַצטע און נאָך נישט־דערשאַצטע ווערק.

מען דאַרף אָבער נישט מיינען, אַז ווייסענבערג, ווען מען האָט די לעצטע יאָרן פאַרשוויגן, אָדער ריכטיקער געזאָגט: וועלכער האָט זיך אַליין פאַרשוויגן — האָט שוין נישט געיכולט (ווי עס האָבן געזאָגט וועגן אים זיינע קעגנער, און געזען אין דעם זיין פאַרביטערונג).

די ליטעראַרישע קעגנער, ווען ווייסענבערגס שטענדיק וואַכזאַם אויג און אויער האָט געהאַלטן כסדר באַאומרויִקט, וועלן נאָך האָבן די גע־לעגנהייט זיך איבערצוצייגן אין זייער טעות און, צו זען, אַז: וואָס מען קאָן ביי אַ שרייבער ווי ווייסענבערג געפינען ווערטפולס, אַפילו נאָך אַ הונגערטויט — ווען מען זעלטן געפינען ביי אַ שרייבער אין שטענדיקער זאַטקייט...

ווייסענבערג איז זעלטן־ווען געווען זאַט, כאָטש ער האָט עס געקאָנט שטענדיק זיין, ווען ער וואָלט, ווי אַ סך אַנדערע שרייבער, געקאָנט מסכים־זיין אויף די פאָרשלאָגן פון דער פּרעסע, וואָס נעמט ביי דעם שרייבער זייערן צו נישט נאָר דאָס געוויסן, נאָר אויך דעם טאַלאַנט.

ווייסענבערג האָט געהונגערט און זיך נישט אונטערגעגעבן.

אַז אונטערגעבן זיך איז נישט געלעגן אין זיין כאַראַקטער, האָט עדות־געזאָגט זיין ברייטלעך, האַרט מאַנגאָליש פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט אַזאַ עקשנות, וואָס ברעכן זי האָט געקאָנט נאָר דער טויט...

# די לוויה פון „אינזער האָפעניג״ *

**אין אַרטיקל, וואָס איך האָב געשריבן נאָכן טויט פון מיין ערשטן ליטעראַרישן אַפּוטראָפּוס, דעם גרויסן פּראָזאַיִקער י. מ. ווייסענבערג, האָב איך געהאַט באַמערקט, אַז ווען זיינע חסידים, תּלמידים און פאַרערער וואָלטן ביי זיין טיש אויפגעקליבן און פאַרצייכנט אַלע זיינע שווער־אַרויס־געזאָגטע מיינונגען, באַטראַכטונגען און געדאַנקען וועגן ליטעראַטור, קונסט און לעבן — וואָלט זיך באַקומען אַ זייער אייגנאַרטיק־אינטערעסאַנט בוך, אַלאַ מאָפּאַסאַנס „עפּיקורס גאָרטן״; כ׳האָב אָבער באַדאַרפט נאָך דעמאָלט צוגעבן, אַז ווען מען וואָלט גלייכצייטיק אויפגעקליבן אַלע קוריאָזן אַרום ווייסענבערגס לעבן און שאַפן, און אַרום זיין אייביקן קאַמף מיט דער יידישער ליטעראַרישער וועלט — וואָלטן מיר געהאַט אַ צווייטן דאָן־קיכאָט.**

**דאָס, וואָס איך דערצייל איצט, איז בלויז איין מעשׂה שהיה פון אַ גאָר גרויסער צאָל מעשׂהס פון קאָמישע, און נאָך מער טראַגי־קאָמישע, פּאַסירונגען פון ווייסענבערגס ליטעראַרישן מנחם־מענדליזם.**

**ליידער בין איך פון די ווייניק לעבן־געבליבענע יידישע שרייבער אין פּוילן — דער איינציקער עד־הראייה פון דער דאָזיקער געשיכטע.**

*

**געווען איז עס אין יאָר 1930 אין וואַרשע. איין מאָל, בעת כ׳בין, נאָך אַ לענגערער צייט נישט זען זיך מיט ווייסענבערגן, אַוועק צו אים אויף נאָוואָ־ליפּקי 18 אין דער רעדאַקציע פון זיין חודש־שריפט „אינזער האָפעניג״ —**

---

* אין דער אָרטאָגראַפיע ווי אין „אינזער האָפעניג״, האָט ווייסענבערג געשריבן און, געוואָלט, אַז מען זאָל זיין „זשעלעכאָווער אָרטאָגראַפיע״ — איינפירן.

האָב איך ביים טויער פונעם הויז געטראָפן שטיין אַ האַנט־וועגעלע, און אַ ייד, וואָס האָט פון אַ גרויסן זאַק אויף אים אַרויסגעשאָטן, ווי קאַרטאָפל — ביכער, צייטונגען, זשורנאַלן, באַשריבענע פּאַפּירן, בריוו, פּאָסטקאַרט־לעך און אַנדערע פּאַפּירענע קלייניקייטן. נאָכן אויסשיטן דעם זאַק, איז דער ייד אַריין אין טויער פון הויז און פאַרשוווּנדן געוואָרן. אַז כ׳בין אַ נייגע־ריקער צוגעגאַנגען נאָענט צום וועגעלע — האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין האַרץ: פון די שער־בלעטער און הילעס האָב איך דערזען די פאַרוואָרפענע קעפּ פון ווייסענבערגס „זאַמעלביכער״, „מיטן שטראָם״ און ועל כולם „אינזער האָפעניג״, וועמענס גרויסע אותיות עס האָבן ווי ברייט־צעעפנטע אויגן געקוקט אויף מיר און, ווי צו אַ היימישן, אַן אייגענעם, זיך געבעטן ביי מיר: ראַטעווע!...

ווי מיט איין שפּרונג בין איך אַרויף די דריי שטאָק טרעפּ און אַריינ־געפאַלן אין ווייסענבערגס רעדאַקציע־צימער. ווייסענבערגן האָב איך אין דער רעדאַקציע נישט געטראָפן; כ׳האָב נאָר געטראָפן דעם ייד פונעם האַנט־וועגעלע, לײדיקע פּאַליצעס, אַ גרויסע אומאָרדענונג פון אָנגעוואָר־פענע פּאַפּירן אויפן פוסבאָדן און, אַ פול־אָנגעשטאָפּטן זאַק, וואָס איז אין מיטן צימער געלעגן ווי אַ בר־מינן פאַרן אַרויסטראָגן אים...

פון דער באַלעבאָסטע, וואָס האָט ווייסענבערגן געהאַט פאַרדונגען דאָס צימער, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז שוין דריי חדשים ווי ווייסענבערג ווייזט זיך נישט אַריין, ווייל ער איז שולדיק דירה־געלט, און דאָס האָט זי פאַר־קויפט זיין רעדאַקציע, כדי אַזוי אַרום אָפּצונעמען דעם חוב ביי אים און בכלל פריי־ווערן פון אַזאַ צאָלער...

ווען דער ייד, דער מאַקולאַטור־אויפקויפער, האָט פון ווייסענבערגס רעדאַקציע אַראָפּגעטראָגן דעם לעצטן זאַק און גענומען שטופּן דאָס וועגעלע, בין איך פון דער זייט נאָכגעגאַנגען, געהאַלטן דאָס וועגעלע אויפן אויג, כדי צו זען וווּהין דער ייד פירט עס. ווען דאָס וועגעלע איז אַרויס פון נאָוואָליפּקי און אַריין אין דער רעשיקער יידישער דזשיקע־גאַס, איז מיר, צו מיין גליק, אַנטקעגנגעקומען איינער פון ווייסענבערגס חסידים — נחום שטערנבערג, וועלכער האָט אין וואַרשעווער „היינט״ געדרוקט אי־בערזעצונגען פון דער העברעיִשער דיכטונג און אויך אייגענע לידער. כ׳האָב

אים אויף דער גיך איבערגעגעבן די גאַנצע געשיכטע מיט וויסענבערגס רעדאַקציע און אים געבעטן ער זאָל אַרויפלויפן אין ליטעראַטן־פּאַראיין, זען צי וויסענבערג איז אויבן און אויב יאָ אים איבערגעבן דאָס, וואָס עס איז געשען...

אַ דאַנק דעם, וואָס אויף דער דזשיקע האָט די באַוועגונג פון אויטאָ־מאָבילן, טראַמווייען און לאַסטוואָגנס גראָד פאַרשטאָפּט ממש די גאַנצע גאַס, אַזוי, אַז דער ייד מיטן וועגעלע האָט געמוזט גיין טראָט ביי טראָט — האָט שטערנבערג, וועלכער איז געווען הויך און מאָגער און געהאַט אַ פּאָר לאַנגע פיס, וואָס האָבן געשפּרייזט ווי ביי אַ שטרויס, באַוויזן מיך אָנצויאָגן אָבער — אָן וויסענבערגן, נאָר מיט שמעון האָראָנטשיקן, וואָס איז אַ פאַרסאַפּעטער געלאָפן הינטער אים, און הינטער זיי ביידן — דער איבערזעצער פון ניטשעס „עקצע האָמאָ" און „דיאָניזיעס דיפיראַמבן" — ג. אייבעשיץ און, נאָך עטלעכע פון וויסענבערגס ניי־אַנטדעקטע טאַלאַנטן.

ווען דער מאַקולאַטור־הענדלער, וואָס האָט דאָס וועגעלע זיינס גע־שלעפּט מיטן דישעל פאָרויס, האָט זיך צופעליק אויסגעדרייט מיטן פּנים צו אונדז — האָבן אונדזערע אַלעמענס הענט געגישטערט און זיך געפּאָר־קעט אינעם באַרג מיט פּאַפּירן און געצויגן פון אים בינטלעך באַשריבענע בלעטלעך און העפטלעך, ווי מען ציט פון אונטער אַ חורבה אָפּער פאַר־שאָטענע לעבנס...

— וואָס איז עס פאַר אַ לוויה אַרום מיר און וואָס פאַר אַ שלעפּעניש? — האָט זיך דער ייד צעבייזערט אויף אונדז. נאָר גיי גיב צו פאַרשטיין אַ הענדלער פון אַלטע פּאַפּירן, אַז דאָס זוכן מחברים זייערע מאַנוסקריפּטן ביי אים אויפן וואָגן. האָבן מיר אויף זיין געבייזער פלומרשט זיך צו־ריקגעצויגן און ווייטער נאָכגעגאַנגען נאָכן וועגעלע, ווי נאָך אַן אָרעמער לוויה...

אָפּגעשטעלט האָט זיך דאָס וועגעלע פאַר אַ הויף אויף שמאָלע מילע־גאַס, ווו דער ייד געהאַט זיין פּאַפּיר־לאַגער, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פינצטערער קאַמער אָן אַ פענצטער. נאָכן אָפּלאָדן וויסענבערגס „סחורה", האָבן מיר באַלאַגערט די קאַמער זיינע און גענומען מיט אים פאַרהאַנד־

לעז, ער זאָל אונדז דערלויבן פון די פּריש־געברענגטע פּאַפּירן אויסצו־קלייבן וואָס דאָס האַרץ וועט גלוסטן און מיר וועלן אים דערפאַר באַצאָלן.

תּחילת האָט דער ייד געקוקט אויף אונדז מיט אומצוטרוי און אַפילו מיט חשד, דערנאָך ווי אויף אַ באַנדע לײדיקגייערס און לייכטע קעפּ. אַז מיר זענען אָבער שטאַרק צו אים צוגעשטאַנען און נישט געוואָלט אָפּ־טרעטן, האָט ער מסכּים געווען אויפן קנין און געשאַצט יעדנס געפונענעם מאַנוסקריפּט — לויט דער וואָג אויף זיין האַנט...

מער ווי אַ וואָך צייט האָבן די מיטאַרבעטער פון ווייסענבערגס „איינ־זער האָפעניג״, אויך פון דער פּראָווינץ, עולה־רגל־געווען קיין וואַרשע צום פּאַפּיר־הענדלער אויף דער שמאָלע מילע־גאַס. נישט יעדן האָט אָבער אָפּגעגליקט צו געפינען און אָפּצוקויפן פון ווייסענבערגס אויספאַר־קויפטער רעדאַקציע — זיין חלק. מיר איז אויף אַזאַ אופן פאַרלוירן גע־גאַנגען אַ פּעקל פון אַכציק לידער, וואָס אויף ווייסענבערגס פאַרשלאָג זיי אַרויסצוגעבן מיר אין אַ בוך — האָב איך זיי אים צוגעשיקט פון ארץ־ישׂראל.

# שלום־עליכם רעדט צו מיר

אין מיין בוך „היימישע און נאָענטע" האָב איך אין קאַפּיטל „מיין פּעטער משה", ווי דרך־אַגב, דערציילט אַן עפּיזאָד ווי אַזוי אונדזער געניאַ־לער פֿאָלקסשרייבער שלום עליכם, האָט גאַנץ צופֿעליק גערעדט צו מיר, ווען איך בין אַלט געווען בסך־הכּל דרייצן יאָר.

צוליבן שלום־עליכם יאָר, וואָס איז פֿון דער יידישער און אַ טייל נישט־יידישער וועלט פּראָקלאַמירט געוואָרן לכּבוד דעם הונדערטסטן יאָר פֿון זיין געבוירן — וויל איך נאָך אַ מאָל און אַ ביסל באַריכותדיקער איבער־דערציילן דעם דאָזיקן עפּיזאָד, וואָס כ׳האָב מיט אַ סך יאָרן שפּעטער באַטראַכט פֿאַר מיינס אַ זכיה.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט — בין איך דעמאָלט אַלט געווען דרייצן יאָר; נישט געווען נאָך נישט נאָר קיין שרייבער, נאָר אויך נישט קיין לייענער. געווען בין איך דעמאָלט אַ שוליינגל און אַ משורר, אַ זינגערל אין כאָר פֿון דער וואַרשעווער „סינאַגאָגע", די אַזוי גערופֿענע „דייטשישע שול" אויף טלאָמאַצקע־גאַס. געזונגען האָב איך דעמאָלט ביים חזן פֿון די חזנים, ביי גרשון סיראָטאַ.

איין מאָל, אין אַ פּסח פֿאַר מיטאָג, בעת אַ יום־טובדיק דאַווענען אין דער „סינאַגאָגע", ווען דער גרויסער כאָר אונטער דער אָנפֿירונג פֿונעם באַקאַנטן דיריגענט, דער פֿאָלקס־מוזיקער לעאָ ליאָוו, האָט אויסגענוצט די צייט פֿון קריאת התּורה אויף אַ ביסל אָפּרו, האָבן מיר, די זינגער און זינגערלעך, זיצנדיק אין דער הויך אויף אונדזערע באַלקאָנען פֿון שול, פּלוצעם דערהערט ווי אונטן צווישן דעם גרויסן יום־טובדיקן עולם מתפּללים האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ נישט געוויינטלעך גערודער, וואָס איז באַגלייט געוואָרן מיט אַפּלאָדיסמענטן גאָרנישט ווי אין אַ שול. מיר, די עטלעכע צענדליק סיראָטאַס העלפֿערלעך און אויך די גרויסע העלפֿערס

זיינע, האָבן זיך מיט נייגיריקייט אַ וואָרף געטאָן צו דער אייזערנער שאַטקע אַרום באַלקאָן כּדי צו כאַפּן אַ קוק וואָס אונטן טוט זיך און בלויז גע־זען ווי עולם דאַווענער שטופּט זיך און באַלאַגערט עפּעס אַ פֿאַרשוין מיט אַ משונהדיקן הילוך, וואָס מען האָט אַפֿילו אין יענער צייט ווען י. ל. פּרץ האָט געטראָגן אַ פּעלעריִן, נישט געזען צו אָפֿט. מיר זענען געווען זיכער, אַז דאָס איז אַוודאי איינער פֿון די נישט־יידישע געסט, וואָס פֿלעגן זיך אַ מאָל אין אַ יידישן יום־טוב אַריינכאַפּן אין סינאַגאָגע, כּדי צו הערן דעם חזן מיטן כאָר, וואָס האָבן געהאַט דעמאָלט אַ שם אויך ביי די נישט־יידן, איבערהויפּט ביי די הויכראַנגיקע רוסישע מיליטער־לייט. איינער פֿון די עלטערע כאָריסטן האָט אָבער מיט פֿאַרוווּנדערונג און פֿרייד כּמעט אויסגעשריגן: שלום עליכם! שלום עליכם!

ווער עס איז שלום עליכם, האָב איך שוין דעמאָלט געוווּסט. זיין נאָמען האָב איך זייער אָפֿט געהאַט געהערט, טאַקע פֿון מיין פּראָגרעסיוון פֿעטער משהן דעם סאָציאַל־דעמאָקראַט, און פֿון זיינע חברים, וואָס פֿלעגן מיט אים אָפֿט קומען צו אונדז אין דער „פֿרייער" שטוב אַריין. כ'האָב שלום־עליכמען שוין אויך געקענט פֿון די בילדער, איבערהויפּט — פֿון די שלום־עליכם־העפֿטן, וואָס זענען דעמאָלט דערשינען אונטערן נאָמען „פֿאָלקס־ביבליאָטעק". געלייענט שלום־עליכמען — האָב איך נאָך נישט, אָבער גע־האַט געהערט ווי מיין פֿעטער משה אָדער עמעץ פֿון זיינע חברים לייענט אים פֿאַר אויפֿן קול און, אַלע אין שטוב ביי אונדז, לאַכן, לאַכן ביז טרערן...

דערהערט, אַז אין שול געפֿינט זיך אַזאַ גרויסער גאַסט, האָב איך זיך אַ ריס־געטאָן צו דער טיר, כּדי אַראָפּצולויפֿן און צו זען ווי אַזוי שלום־עליכם זעט אין דער אמתן אויס. כ'האָב נאָך אָבער נישט באַוויזן דאָס דורכצופֿירן, האָט זיך פֿון דרויסן געעפֿנט די טיר פֿון אונדזער באַלקאָן און ס'האָט זיך אַריינגעשטעלט דער גאַסט, שלום־עליכם בכבודו ובעצמו, אין באַגלייטונג פֿון די שול־גבאים. שלום־עליכם, מיט אַ פּאָר נישט־קשה־דיקע וואָנצעס און מיט אַ פּיטשעמאָנטשיק בערדל אין דער גרויס פֿון אַ פֿינגער־אָפּדרוק — איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער שוואַרצער פּע־לעריִן און מיט אַ פֿלאַך, רונד קאַפּעליושל פֿון אונטער וועלכן ס'איז אַפּער־געפֿאַלן אַ טונקעלע פּאַטלע האָר. געטראָגן האָט ער אַ פּאָר גרויסע אויגנ־

גלעזער, וואָס האָבן פריילעך געבלישטשעט — בעת ער האָט הויך אַ זאָג־געטאָן: גוט־יום־טוב, קינדערלעך! און אונדז אַלעמען אַרומגענומען מיט אַ מילדן, ליבן שמייכל. צוליב דעם וואָס איך בין צופעליק געשטאַנען האַרט נעבן אים — האָט זיך שלום־עליכם געווענדעט צו מיר דעם ערשטן: מיך געפרעגט ווי איך הייס, ווי אַלט איך בין,וואָסער שטים איך האָב און וואָס איז עס פאַר אַ „צאַצקעלע" ביי מיר אויף מיין שילער־היטל (געמיינט האָט ער דאָס קריינדל פון מייזלערס רעאַל־גימנאַזיע אין וועלכער איך האָב דעמאָלט געלערנט). נאָך דעם ווי איך האָב אים געענטפערט אויף אַלע זיינע פראַגן — האָט מיר שלום־עליכם אַ קניפּ־געטאָן אין בעקל און זיך גענומען צו די אַנדערע זינגערלעך, וואָס אַלע זענען זיי געווען כמעט אין מיין עלטער. נאָך אַ קורצן שמועס מיט די עלטערע כאָריסטן און מיט לעאָ ליאָוון, דעם דיריגענט — האָט שלום־עליכם הויך אַ זאָג געטאָן: זייט געזונט, קינדערלעך! אַ צי־געטאָן דעם הוט און אַוועק.

געווען איז עס דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב נישט נאָר געזען שלום־עליכמען אַ לעבעדיקן, נאָר געהאַט אויך די זכיה ער זאָל צו מיר רעדן אַ פּאָר ווערטער און בין מיט דער דאָזיקער געשעעניש געווען זייער שטאָלץ.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען כ'האָב אָנגעהויבן צו ביסלעך זיך באַקענען מיט דער יידישער ליטעראַטור און שוין נישט געדאַרפט וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט צו הערן אין דער היים עפּעס פאָרלייענען — האָב איך אַליין אָנגעהויבן קויפן שלום־עליכמס ביכלעך פון דער „פאָלקס־ביבליאָטעק" און אַליין זיי לייענען, לייענען אויפן קול, און זוכן צוהערער — אַקוראַט ווי איך אַליין וואָלט זיי געווען אָנגעשריבן...

מיין געטרייסטע צוהערערין פאַר שלום־עליכמען איז געווען די מאַמע מיינע, וואָס פלעגט, ווי איך — שטאַרק אָנקוועלן פון זיין הומאָר און צו־זאַמען מיט מיר לאַכן ביז טרערן...

עד היום איז מיין באַליבטסטער יידישער שרייבער געבליבן שלום־עליכם, וואָס האָט גערעדט צו מיר, ווען איך בין אַלט געווען דרייצן יאָר און — ער רעדט צו מיר, ווי צו יעדן יידישן פאָלקסמענטש, וועמענס שרייבער ער איז געווען און געבליבן.

# צו דוד פליסקינס קינדערלידער *

„אַ קינדערשע מלוכה״ — דערשינען אין יאָר 1937. „ווונדערלאַנד״ — דערשינען אין יאָר 1938, פּאַריז.

נישט קיין רעצענזיע וויל איך דאָ שרייבן איבער דעם דיכטער דוד פליסקינס צוויי ביכער קינדערלידער, וואָס זענען דערשינען אין פּאַריז, בעת מיין זיין דאָרט אין יאָר 1938. איך וויל בלויז פאַרצייכענען דאָס דערשיינען זייערס, נישט נאָר ווי אַ ביישטייער צו דער יידישער דיכטונג און געווינס פאַר דער קינדער־ליטעראַטור בפרט, נאָר ווי אַ דערשיינונג, וואָס מיך — פליסקינס פערזענלעכן פריינד — האָט עס באַזונדער געפרייט.

„יאָרן לאַנג האָב איך קיין איינציקע שורה נישט אָנגעשריבן, געמיינט, אַז מיט מיר איז אויס! און מיט אַ מאָל: כמעט יעדן צווייטן, דריטן טאָג — אַ ליד״. אַזוי האָט מיר פליסקין דערציילט אין פריידן, ווען כ׳האָב זיך מיט אים געטראָפן נאָך פופצן יאָר נישט זען זיך מיט אים. כ׳האָב זיך דעריבער מיטגעפרייט מיט זיין, כמעט, קינדערשער פרייד, מיט וועלכער ער האָט מיר יעדן צווייטן, דריטן טאָג געלייענט אַ נײַ ליד, גלייך „פון דער נאָדל״ — געברענגט פונעם שניידער־וואַרשטאַט, וואָס איז געוואָרן אויך זיין שרייבער־וואַרשטאַט...

פליסקינס לעבן אין פּאַריז איז ווי מיט יאָרן צוריק אין וואַרשע, און נאָך פריִער אין לאָנדאָן — ווי דאָס לעבן פון יעדן מענטש פון זיין שטאַנד און קלאַס — געוועזן אַ קייט פון פּיין און געראַנגל מיט דער געזעלשאַפט פון סאָציאַלן אומרעכט און רשעות; געראַנגל מיט זיך אַלס דיכטער, און ביטערן קאַמף פאַרן טאָג־טעגלעכן קיום. ס׳איז, מיין איך, באמת אַ נס, וואָס

* געשריבן אין פּאַריז אין יאָר 1938.

אַזאַ דיכטער ווי פֿליסקין, וועלכער איז וועזנטלעך אַזוי סענסיטיוו, איידל און צאַרט, ווי אין זיין ליד — איז ניט צעטראָטן געוואָרן אונטער די שטיוול פון מלחמה און נאָך־מלחמה־יאָרן ביז צו אונדזער איצטיקער צייט פון גרויל און צעטרייסלונג.

אין משך פון מיינע אָפטע באַגעגענישן מיט פֿליסקינען אין פּאַריז, איז די צאָל פון זיינע לידער געוואַקסן פון טאָג צו טאָג און, פֿליסקין איז פאַר מיינע אויגן פאַרגאַנגען אין געבורט־ווייען צו זיין „ערשטלינג" — לידער אין בוכפאָרעם.

עס וועלן קיין טעות ניט האָבן די יעניקע, וועמען דער נאָמען פֿליסקין איז אַזוי ווייניק באַקאַנט צוליב זיין צו גרויסער באַשיידנקייט און וועלן אים דערפאַר אָננעמען פאַר אַ יונגן דיכטער, כאָטש ער שרייבט שוין אַריבער צוויי צענדליק יאָר און איז שוין אַפילו גראָ, גראָער, אפשר, פון פיין, ווי פון יאָרן...

דער ווידער־געבוירענער פֿליסקין איז באמת יונג. נאָך לאַנגע יאָרן שווייגן, האָט ער אויף ס'ניי אָנגעהויבן און ער האָלט איצט ביים יינגסטן ליד: דאָס קינדערליד אין וועלכן ניט יעדער דיכטער איז זוכה צו גע־פינען אַ תיקון און אַ טרייסט פאַר דער שווערער פאַרגאַנגענהייט און ניט לייכטער קעגנוואַרט.

פֿליסקין, דער אַרבעטער־דיכטער, וועמען דער גורל האָט אויף יאָרן־לאַנג טויט־געשלאָגן דאָס געלייטערטע, שעפערישע וואָרט — האָט אומ־געריכט פאַר אַלעמען און פאַר זיך אַליין, געפונען אויפן ווייניק־באַאַר־בעטן פעלד פון קינדער־ליטעראַטור — דעם גאָלדענעם שליסל צו דער קינדערוועלט, צו אַ „קינדערשער מלוכה" און צו אַ „וווּנדערלאַנד", אין וועלכן ווייניק דיכטער האָבן די זכיה אַריינצוקומען און צו ברענגען די קינדער אַ מתנה אַזעלכע לידער, ווי פֿליסקין האָט פאַר זיי געבערענגט.

ווי איך האָב שוין אָנגעמערקט ביים אָנהייב, זענען די דאָזיקע אינטימע שורות ניט קיין אָפּשאַצונג איבער פֿליסקינען דעם דיכטער, און איך וועל זיך דעריבער ניט אָפּשטעלן אויף דעם קינסטלערישן ווערט, וואָס זיינע לידער האָבן בלי ספק. וואָס איך וויל אָבער יאָ דערמאָנען, איז: זייער דערציִערישן ווערט. פֿליסקין האָט מיט דעם גרעסטן טייל פון זיינע צוויי

ביכער קינדערלידער אַריינגעברענגט אין דער ליטעראַטור פאַר קינדער דאָס, וואָס איר פעלט: דעם סאָציאַלן מאָטיוו, דאָס פּראָלעטאַרישע ליד פאַרן פּראָלעטאַרישן קינד, וואָס וואַרט נישט איין מאָל אומצופרידן אויף אַן ענטפער פונעם דערוואַקסענעם; אַן ענטפער אויף דער געשטעלטער פראַגע וועגן דער נישטגלייכהייט, אומרעכט און נישט-יושרדיקייט אויך אין דער קינדערשער מלוכה, וואָס שפּיגלט אָפּ דאָס געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע פּנים פון אַ מלוכה פון דערוואַקסענע.

# וועגן י. פינערס ערשט בוך
# „די שעה פון בין־השמשות"

שרייבן וועגן אַ בוך, בפרט וועגן אַ גוט און פיין בוך — איז קיין מאָל נישט צו שפּעט.

געלייענט האָב איך י. פינערס „די שעה פון בין־השמשות" אין יאָר 1951 אין תל־אביב, און מיטן חוב עפּעס אָנצושרייבן וועגן אים — זיך אַרומגעטראָגן אויך אין יאָהאַנעסבורג מיט אַ יאָר שפּעטער, ווו דער חוב מיינער איז נאָך גרעסער געוואָרן, מחמת, כ׳האָב איבערהויפּט ווייניק אָפּ־רופן געזען וועגן דעם דאָזיקן בוך.

ווי אַלע מאָל, ווען ס׳קומט מיר אויס צו שרייבן וועגן אַ בוך, וואָס מיר געפעלט, וועל איך אויך דאָס מאָל נישט צוגיין צו פינערן מיטן אַנאַליטישן מעסער פון אַ קריטיקער — אַ כירורג, וואָס צעפּאַלמעסט און צעשניידט אַ ווערק אַזוי, אַז דער מחבר גייט פון דער דאָזיקער „אָפּע־ראַציע" זעלטן־ווען אַרויס מיט זיין אייגן פּנים... איך וועל עס אויך נישט טאָן דערפאַר, וואָס י. פינערס „די שעה פון בין־השמשות" געהערט, ווי דאָס רוב יידישע ביכער פון נאָך דער היטלער־מלחמה — צו דער חורבן־ליטעראַטור, וואָס פאָדערט אַן אַנדער מאָס קריטעריום, אַן אַנדער באַהאַנד־לונג. ווייל מיטן אויסנאַם פון געציילטע ביכער צווישן וועלכע איך רעכן אויך אַריין י. פינערס בוך — זענען זיי כראָניקאַלע פאַרצייכענונגען און דער עיקר: דאָקומענטאַרער מאַטעריאַל וועגן די גרויל־ און שוידער־טאַטן, וואָס די דייטשן זענען באַגאַנגען איבער די זעקס מיליאָן יידן, וואָס זיי האָבן אומגעבראַכט.

מיט די געציילטע ביכער פון דער חורבן־ליטעראַטור, מיין איך די ביכער, וואָס פאַרמאָגן אויך אַ ליטעראַריש־קינסטלערישן ווערט, און זיי ווירקן דערפאַר עמאָציאָנעל שטאַרקער ווי טרוקענע אמתן און פאַקטן.

ווי אַלע ביכער פון דער חורבן־ליטעראַטור, וואָס זענען פול מיט גע־נויטע דאַטעס פון פאַרלאָפּענע געשעענישן, איז אויך י. פּינערס נאָוועלע „די שעה פון בין־השמשות״ פאַרזען מיט דאַטעס, ווי אַ טאָגבוך — הגם דאָס באַשריבענע ווענן פראַנקרייך אונטער היטלערס בלוטיקער ממשלה, און וועגן דער פּאַרטיזאַנישער אונטערערדישער „מאַקי״ — איז אַ נאָך־מלחמה־פּראָדוקט, וואָס איז רייף געוואָרן אין דער אימאַגינירטער איבער־לעבונג פון נאָך אַלעמען.

דאָס אייגנאַרטיקע און אָנציִענדיקע פון י. פּינערס בוך, וואָס איז אַ געמיש פון קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש און דערציילונג, איז דאָס, וואָס עס לייענט זיך ווי אַ שטילער פּסיכאָלאָגישער ראָמאַן וועגן אַ פאַרפּלאָנטערטער דיסקרעטער ליבע צווישן אַ קליינער גרופּע מאַקי־קעמפער און מאַקי־קעמפערינס — אויף דער שוועל פון טויט.

אויסער פיינעם חוש פאַר פּסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג, פאַרמאָגט אויך י. פּינער חוש פאַר דערציילערישער פּראָפּאָרץ, שפּראַך־ריינקייט, קלאָר־קייט אין סטיל און אין זאַצבוי, וואָס דאָס איז זייער זעלטן ביי דעביוטאַנטן, און נישט אָפט — אַפילו ביי עלטערע שרייבער.

ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז „די שעה פון בין־השמשות״ איז י. פּינערס „ערשטלינג״ — האָבן מיר פאַר זיך בלי ספק אַ טאַלאַנטירטן שרייבער, וואָס וועט אונדז, האָפנטלעך, ווי מיט זיין ערשטן בוך — נישט פאַרשעמען אויך ווייטער.

יאָהאַנעסבורג, 3.7.1952

פּ. ס.

וועגן מיין „חוב״, וואָס איך בין פּינערן „שולדיק־געוועזן״ און אָפּגע־צאָלט: אין יאָר 1937 ווען כ׳בין דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין פּאַריז, צום ערשטן יידישן קולטור־קאָנגרעס, האָט מען מיך, צווישן אַנדערע, באַ־קענט מיט אַ יונגנמאַן זשאַק בורשטין — אַ יידישער קולטורמענטש וואָס האָט פאַרמאָגט גרויס פּיעטעט פאַר יידישע שרייבער וואָס האָבן, דערפאַר, געפונען ביי אים אַ וואַרעמע אַכסניה. נאָך געציילטע טעג פון מיין געפינען זיך אין פּאַריז האָט זשאַק בורשטין מיט זיין סימפּאַטישער פרוי זשאַנעט און זיין

האַרציקער „יידישע מאַמע״, וואָס איז געוואָרן די מאַמע פון אַלע יידישע שרייבער־געסט, געמאַכט פאַר מיר אַ פּייערלעכן באַנקעט ביי זיך אין הויז. נאָכן דאָזיקן באַנקעט צו וועלכן ס׳איז געוואָרן איינגעלאַדן די גאַנצע יידישע שרייבער־משפחה פון יענער צייט — בין איך ביי די בורשטינס געוואָרן אַ בן־בית אין משך פונעם גאַנצן יאָר, וואָס איך האָב זיך געפונען אין פּאַריז.

ווי געוויינטלעך און נאַטירלעך, האָבן מיינע שמועסן מיט מיין נייעם פריינד בורשטין, זיך געדרייט אַרום יידישע קולטור־פּראָבלעמען און דער עיקר — וועגן דער יידישער ליטעראַטור פאַר וועלכער בורשטין האָט גע־האַט אַ באַזונדערן אינטערעס. דאָס האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַ שטיקל פאַרדאַכט, אַז ער איז — נישט פאַר קיינעם געדאַכט — „געכאַפּט אין דער מעשׂה״ און זינדיקט אונטער מיט דער פּען...

מיין חשד האָט זיך באַשטעטיקט, נאָר מיט אַ סך יאָרן שפּעטער.

איין מאָל איז מיר אין תל־אביב אַריינגעפאַלן אין דער האַנט אַריין אַ יידישע צייטונג, פון וועלכער ס׳האָט זיך מיר אַ וואָרף־געטאָן פאַר די אויגן אַ דערציילונג אונטער אַן אומבאַקאַנטן נאָמען פון אַ פּנים־חדשות — י. פינער. כ׳געדענק שוין נישט וואָס אַזוינס האָט דער אומבאַקאַנטער פינער דערציילט אין זיין דערציילונג; כ׳געדענק נאָר, אַז די דערציילונג איז מיר געפעלן און, אַז כ׳האָב ווייטער אַריין, ווידער זיך אייניקע מאָל אָנגעשטויסן אויפן נאָמען י. פינער — אַזוי לאַנג, ביז כ׳האָב איין מאָל באַקומען פון פּאַריז צוגעשיקט אַ בוך מיטן נאָמען „די שעה פון בין־השמ־שות״ פון י. פינער און, אַ וואַרעמע צושריפט פון מחבר — זשאַק בורשטין...

אַז אַ מענטש האָט אַ יאָר צייט ביי אים אין הויז נישט אויסגעגעבן זיך פאַר מיר מיט זיין „שוואַכקייט״ — איז ווערט־געווען מיין אויפמערק־זאַמקייט, כאָטש מיט עטלעכע צענדליק שורות.

# מיט יונה ראָזנפעלד

איך געהער נישט צו די, וואָס אָנשטאָט צו האַלטן הייליק דאָס מענטש־לעכע לעבן — פאַרהייליקן זיי דעם טויט, פאַר וועלכן זיי קריגן פּלוצעם מיסטיש מורא און, זיי זעען דערפאַר אויך אינעם טויט פון אַ רשע — דעם טויט פון אַ צדיק...

איך זאָג עס אַנטקעגן דעם, וואָס אין מיינע בלעטלעך זכרונות וועגן באַגעגענישן מיט יידישע שרייבער, האָב איך אויך נאָך זייער טויט — געוויזן זיי אין אַזאַ ליכט, ווי איך האָב זיי ביים לעבן געזען סיי מיט זייערע ווערטן אַלס שרייבער, סיי מיט זייערע פּערזענלעכע שוואַכקייטן פון קליינ־לעך זיין, קליינלעך — אָפט מאָל, ביז לעכערלעכקייט.

ווי איך האָב שוין ווו דערציילט, זענען נישט אַלע מיינע באַגעגענישן מיט יידישע שרייבער געווען איבעריק אָנגענעם, און נישט איין אַזאַ באַ־געגעניש איז געווען ביי מיר די ערשטע און די לעצטע — אַפילו ווען מיר איז מיט אַזאַ שרייבער אויסגעקומען על־פּי צופאַל, שפּעטער ווידער זיך ערגעץ צו באַגעגענען — ווי דאָס איז געווען ביי מיר מיטן זייער אינטע־רעסאַנטן פּראָזאַיִקער יונה ראָזנפעלד.

✶

באַקענט מיט יונה ראָזנפעלד האָב איך זיך אין יאָר 1927 אין ארץ־ישׂראל, ווו איך בין שוין געווען אַ תּושב דריי יאָר צייט און ער, ראָזנפעלד — אַ גאַסט. אין משך פון זיין אויפהאַלטן זיך אין תּל־אביב, בין איך כּמעט יעדן טאָג געקומען צו אים אין האָטעל אַריין צו נעמען אים אויף אַ שפּאַ־ציר צום ים אָדער אַרומפירן אים ווייזן ווי עס בויט זיך די ערשטע יידישע שטאָט אין דער וועלט. די דאָזיקע שפּאַצירגענג האָבן מיט אים אָנגעהאַלטן ביז צום טאָג פון מיין באַגלייטן אים צום יפוער פּאָרט — בעת זיין פאַר־לאָזן ארץ־ישׂראל.

ווי אומאָנגענעם איבערראַשט בין איך געוואָרן, בעת כ׳בין אין יאָר 1930 אָדער 1931 אַ דערפרייטער צוגעגאַנגען זיך באַגריסן מיט ראָזנפעלדן — בעת כ׳האָב אים אומגעריכט דערזען אין וואַרשעווער יידישן ליטעראַטן־פאַראיין: יונה ראָזנפעלד האָט מיר קאַלט און פרעמד געקוקט גלייך אין פנים אַריין, געזאָגט אַז ער קען מיך נישט און געדענקט אַפילו נישט אַזאַ נאָמען...

אויף מיינע אָנגעגעבענע סימנים וועגן אונדזערע אָפטע באַגעגענישן און שפּאַצירן צום ים און איבער די תל־אביבער גאַסן, האָט מיר ראָזנפעלד זייער „באַשיידן" באַמערקט: איר, מיך, קאָנט געדענקען, ווייל איך בין איינער, און פּאַפּיערניקאָווס זענען דאָ אַ סך...

געוועזן איז עס שוין מיין לעצטע באַגעגעניש מיט יונה ראָזנפעלד — אַ סך יאָרן פאַר זיין טויט.

# וועגן שלמה בערלינסקי

ס'איז געוואָרן אַ יאָר זינט פון דער יידישער שרייבער־משפחה אין תל־אביב, האָט דער פריִער טויט אַוועקגעריסן איינעם פון אירע פיינסטע, סובטעלסטע פּראָזאַיִקער פון דער קורצער דערציילונג: שלמה בערלינסקי.

בערלינסקי האָט, וואָס אַן אמת, אָנגעשריבן אויך עטלעכע גרעסערע ווערק, ווי: „דאָס ווייסע הויז" און אַן אויטאָביאָגראַפיש בוך „אַ לעבן גייט אויף", אַ בוך מיט וועלכן ער האָט זיך באַזונדער קונה־שם־געווען ווי מיט אַ קלאַסיש ווערק.

צום בעסטן אָבער, האָט זיך בערלינסקי געפונען און געבליבן אין די קליינע, לירישע דערציילונגען, וואָס אויך אין זיי האָט ער אויפגעהאַלטן די בעסטע טראַדיציעס פון דער קלאַסישער פּראָזע.

נישט איין שרייבער וואָס איז מיט בערלינסקין געקומען אין פּערזענ־לעכן, קאָנטאַקט, וועט אפשר, מיט רעכט, געפינען די סתירה צווישן בער־לינסקין דעם סובטעלן שרייבער און בערלינסקין דעם קאַנטיקן, סענקאַטן מענטש, וואָס מיך, פּערזענלעך, האָט ער שטאַרק דערמאָנט אָן מיין ערשטן ליטעראַרישן אַפּוטרופּוס איטשע מאיר ווייסענבערג, ווייסענבערגס גזע — נישט נאָר מיט זיין אומצוטרוי און שטענדיקער פּסיכישער געררייצטקייט, נאָר אויך מיט זיינע שרייבעריש־געזונטע וואָרצלען מיט וועלכע ער איז, ווי דער רוב יידישע שרייבער אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן — געקומען צו דער ליטעראַטור — פון די סאַמע אָרעמסטע פאַלקסשיכטן.

ווי ווייסענבערג אין זיין צייט — אַזוי האָט בערלינסקי אַלע יאָרן זיך אַרומגעריסן מיט אַ סך שרייבער; געקעמפט מיט די „נישט־באַרופענע" און קעגן דעם געפעלשטן און פּסעודאָ־קינסטלערישן.

מיטן אונטערשייד, וואָס ווייסענבערג איז אין זיין קאַמף אַרויס מיט געדרוקטע אַרטיקלען און פּאַמפלעטן — האָט בערלינסקי זיין קאַמף גע־פירט אין ליטעראַטן־פאַראיין אָדער ביי די טישלעך אין די קאַפעען, ווו

די שרייבער זענען זיך צונויפגעקומען, ווי דער שטייגער איז — אַ ביסל קיבעצן: אַ צייטפאַרטרייב וואָס אויך בערלינסקי האָט נישט פיינט געהאַט און געקאָנט עס בעסער פון אַנדערע און — נישט ווייניק הייטערקייט אַריינגעברענגט מיט זיינע טרעפלעכע ווערטלעך און מיט זיין בילדלעך־כאַראַקטעריזירן יענע שרייבער, וועמען ער האָט געהאַלטן פאַר זיינע שונאים...

*

מיין פריינדשאַפט מיט בערלינסקין האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין וואַר־שע, אויף טלאָמאַצקע 13 אין יידישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין — אַ סך יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און, אָנגעהאַלטן האָט זי אויך אין מדינת ישׂראל — פונעם טאָג פון זיין אָנקומען — אין יאָר פון אויפקום; אָנגעהאַלטן אַפילו מיט אַ סך איבעררייסן, וואָס זענען געקומען צוליב אָפטן אָנשלאָגן זיך איינער אָן אַנדערן, ווי אַ קאָסע אָן אַ שטיין... אָבער ווי לייכט מיר פלעגן זיך צעקריגן, אַזוי לייכט פלעגן מיר זיך איבער־בעטן — מחמת ביידע האָבן מיר, אין דער אמתן, געהאַט צו זיך אַ באַציִונג פון קעגנזייטיקער פאַרערונג, און געפילט האָבן מיר, אַז אין תּוך־גענומען קריגן מיר זיך נישט צוליב קנאת סופרים, און אויך נישט צוליב פערזענ־לעכע ענינים, נאָר צוליב דעם, וואָס עס איז אונדז ביידן טייער: די יידישע ליטעראַטור.

*

ווי איך האָב שוין פריִער באַמערקט, איז בערלינסקי דער מענטש געווען פון די „קאַנטיקע״, פון די, וואָס שטויסן זיך אָן אין אייך מיט די שאַרפע „עלנבויגנס״, און פון די, וואָס טוען וויי ווען מען רירט זיי צו שטאַרק אָן זייער פילבאַרקייט...

— ער פעלט, בערלינסקי! — האָב איך געהערט פון נישט איין שריי־בער מיט וועמען בערלינסקי האָט נישט געלעבט בשלום.

יאָ, בערלינסקי פעלט דער יידישער שרייבער־משפּחה אין תל־אביב; ער פעלט אין איר מיט זיינע פּקחותדיקע, וויציקע באַמערקונגען און ווערטלעך, וואָס פלעגן אַריינברענגען הייטערקייט; ער פעלט אין איר אויך מיט זיין פייער פון אייפער — אַ פייער, וואָס פלעגט אָנצינדן די געמיטער פון יענע שרייבער צו וועמען ער האָט געהאַט גערעכטע און אויך אומגערעכטע טענות; נאָך מער פון אַלץ פעלט ער מיט זיין קרעפּטיקער, קינסטלערישער קליינער דערציילונג, וואָס יעדע ליטעראַטור וואָלט זיך געקאָנט מיט איר רעפּרעזענטירן.

די שענסטע מצבה פאַר בערלינסקין, וואָלט געווען: אַרויסגעבן זיינע געבליבענע כּתבים.

1960

## „דער פּרינץ פון מזרח"

ווי מיט אַ סך יידישע שרייבער, האָב איך זיך אויך מיט משה בראָ־דערזאָנען באַקענט נאָך אַ סך מאָל זען אים אין יידישן ליטעראַטן־פאַראיין אין וואַרשע — אין די יאָרן פונעם נייעם רענעסאַנס אין דער יידישער ליטעראַטור פון נאָך דער פּרץ־תּקופה, די יאָרן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין יאָר 1930 אין לאָדזש, נאָך מיינעם אַן אָוונט, וואָס די לינקע פּועלי־ציון האָט איינגעאָרדנט לכּבוד מיין גרוס פון ארץ־ישׂראל, האָט מיך אַ חבר פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי (דער געוועזענער פאַרוואַלטער פון פאַר־לאַג „פּרץ־ביבליאָטעק" אין תּל־אביב) דער ח׳ ראָטנבערג ז״ל — געפירט צו בראָדערזאָנען אַהיים — מיך באַקענען מיט אים. ווי מאָדנע דאָס זאָל אָבער נישט אויסזען אַפילו פאַר מיר אַליין — געדענק איך אַבסאָלוט נישט דעם איינדרוק, וואָס מיין פערזענלעכע באַקאַנטשאַפט מיט אים האָט געמאַכט אויף מיר, און ס׳איז מיר, צו מיין אייגן שטוינען און פאַרדרוס — גאָרנישט געבליבן אין זכּרון פון דעם, וועגן וואָס מיר האָבן דעמאָלט גערעדט. דאַקעגן — געדענק איך זייער גוט צוויי פון זיינע ליטעראַרישע אויפטריטן, וואָס האָבן מיט מיר פערזענלעך נישט געהאַט די מינדסטע שייכות.

איינער פון די דאָזיקע אויפטריטן איז פאָרגעקומען ערב מיין פאָרן פון פּוילן קיין ארץ־ישׂראל — אין יאָר 1924 אין וואַרשע, אין טעאַטער „נאָוואָשטשי". פאַר אַ פול געפּאַקטן זאַל, האָט בראָדערזאָן פאָרגעלייענט זיינע קליינע דראַמען, וואָס האָבן געהייסן ביי אים „דראַמאַלעטן". איך גע־דענק שוין נישט זייער אינהאַלט; איך געדענק אָבער זייער גוט מיט וויפל אַרטיזם, מיט וויפל פיינער שטים־מאָדעלירונג ער האָט זיי געלייענט — זיצנדיק איינער אַליין, אין שוואַרצן — אויף דער גרויסער, ליידיקער בינע, אויפן פאָן פון אַן אַראָפּגעלאָזטן גראָען פאָרהאַנג, און אַ באַלויכטענער מיט בלאָע סנאָפּעס ליכט פון אַ פּראָזשעקטאָר.

אויפגעשטעלט האָט ער זיך, ווען ער האָט זיך גענומען צו זיינע לידער, וואָס ער האָט פאָרגעלייענט, ווי זינגענדיק מיט אַ סאַמעטענער ווייכקייט און מעלאָדישקייט מיט וועלכער ער האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט בעתן פאָרלייענען זיין, דעמאָלט, זייער פּאָפּולער ליד „די פערציק פערציקער" (די פערציק מאָל פערציק גלעקער פון די מאָסקווער צערקוועס, די „סאָראָק סאָראָקאָוו" — ווי מען האָט זיי גערופן אין רוסלאַנד). פאַרן דאָזיקן ליד, האָט אים דאָס פּובליקום, וואָס איז באַשטאַנען פון אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן — באַזונדער ענטוזיאַסטיש אַפּלאָדירט, און דער גוט־באַקאַנטער קאָמוניסט אַלכּסנדר כאַשין, וואָס איז פאַר זיין אַפּפאָרן פון פּוילן קיין ראַטנפאַרבאַנד, געווען דעמאָלט אויפן אָוונט, האָט זיך אַ באַגייסטערטער אַ ריס־געטאָן פונעם אָרט און געלאָפן צו בראָדערזאָנען הינטער די קוליסן — זיך צעקושן מיט אים פאַר זיין מייסטערהאַפט אָפּרופן זיך אויפן אָפּהילך פון דער רוסישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס האָט אין יענער צייט פאַר־כאַפּט נישט איין יידישן און נישט־יידישן דיכטער אין פּוילן.

אַגב, איז בעת בראָדערזאָנס אַראָפּגיין דעמאָלט פון דער בינע געשען מיט אים אַ צופעליקע, קאָמישע סצענע, וואָס אַ סך פונעם פּובליקום האָבן עס אָנגענומען פאַר אַ דיכטעריש־טעאַטראַלן עפעקט און — אים באַזונ־דער אַפּלאָדירט דערפאַר: אָנשטאָט אַרונטערצוגיין הינטערן פאָרהאַנג פון דער לינקער אָדער רעכטער זייט, איז בראָדערזאָן צו צום פאָרהאַנג אין סאַמע מיט און, ווי אַ לונאַטיקער — געטאַפּט אויף אים, געזוכט אין אים דעם אַרויסגאַנג און געהאַלטן אין איין פאַרוויקלען און אַרויסוויקלען זיך פון אים — אַזוי לאַנג, ביז עמעצער איז פון דער זייט אַרויס אויף דער בינע, אים אָנגענומען פאַרן אָרעם און אים אַרונטערגעפירט הינטערן פאָרהאַנג.

בראָדערזאָנס צווייטער ליטעראַרישער אויפטריט, אויף וועלכן מיר איז אויסגעקומען צו זיין, איז פאָרגעקומען מיט פינף יאָר שפּעטער, אויך אין וואַרשע, אין יידישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אויף טלאָ־מאַצקע 13. אויף יענעם אָוונט האָט בראָדערזאָן געלייענט נאָר זיצנדיק און נאָר לידער. געלייענט האָט ער פון זיין ציקל „פּערל אויפן ברוק" און אַ צאָל לידער, וואָס האָבן געקלונגען ווי מעלאָדישע מעשׂהלעך פון טויזנט און

איין נאַכט; אויך אויף דעם דאָזיקן אָוונט האָט אַ סך בייגעווירקט בראָדער־זאָנס ווונדערבאַרע קלאָרע דיקציע און די סאַמעטענע שטים זיינע, וואָס האָט ממש געגלעט דאָס אויער. „אַ פּרינץ פון מזרח" — האָט עמעץ פון די צוהערער אין דער שטיל אַ זאָג־געטאָן וועגן בראָדערזאָנען. געזאָגט, האָט עס בראָדערזאָנס אינטימסטער חבר און קאָלעגע י. מ. ניימאַן ז"ל, וואָס האָט, ווי בראָדערזאָן, געהאַלטן זיך פאַר אַ לאָדזשער, מחמת — זיי האָבן פון זייערע פריסטע יאָרן אָן געלעבט אין לאָדזש און אין לאָדזש — אויפ־געגאַנגען אַלס יידישער דיכטער.

נאָך ניימאַנס זאָג „אַ פּרינץ פון מזרח" — האָב איך זיך טיפער געגנו־מען איינקוקן אין בראָדערזאָנען און אויסגעפונען, אַז ניימאַנס פאַרגלייך איז געווען אַ ריכטיקער: בראָדערזאָן מיט זיין גלאַנציק־שוואַרצן קאָפּ האָר און באַקנבערד, וואָס האָבן דאָס לענגלעכע פּנים זיינס געמאַכט נאָך לענגער און בלאַסער, און די גרויסע סאַמעטענע אויגן — געמאַכט נאָך גרעסער — האָט טראָץ זיין אויסזען ווי אַ יידישער זיידענער פייגלערנער, אַ מתמיד — געהאַט אין זיך עפּעס פריציש, פריציש אין גייסט פון מזרח, וואָס איז רייך מיט אויסגעטראַכטע לעבנס פון פּרינצן און פּרינצעסינס און — מיט צויבער־מעשהלעך נישט נאָר פאַר קינדער, נאָר אויך פאַר דערוואַקסענע...

אויף יענעם אָוונט אין ליטעראַטן־פאַראיין האָט בראָדערזאָן ממש גע־בליצט; געבליצט, נישט נאָר מיט זיינע אַרויסגעזונגענע געדאַנקען, נאָר מיט די... אַריינגעפּאַסטע פאַרביקע איידלשטיינדלעך אין די עקזאָטישע רינגען אויף זיינע פינגער און אין דער שפּילקע, וואָס האָט אים געשטעקט אינעם רויטן קראַוואַט.

וואָלט בראָדערזאָן אויף יענעם אָוונט זיך אַפילו אָנגעהאָנגען אַן אויער־רינג אויף אַן אויער, וואָלט עס אויך קיינעם נישט שאָקירט — ווי עס האָט נישט שאָקירט זיין בראַסלעט אויף דער האַנט.

קיינער האָט בראָדערזאָנס אויסערלעכע שיינקייט־צוגאָבן נישט אָנגענומען פאַר עקסטראַוואַגאַנץ, נאָר — פאַר אַ חנעוודיקן קאַפּריז, וואָס מען נעמט פאַר ליב פון אַ שיין געראָטן קינד און — פון אַ שיינעם, געראָטענעם דיכטער.

# יואל מאַסטבוימס 70־יאָריקער יובל *

ווען מען זאָל וועלן דורכלייענען אַלץ, וואָס עס ווערט אָנגעשריבן אַפילו אין איין ליטעראַטור, וואָלט נישט גענוג געווען די צייט פון איין לעבן. איבעריקנס, האַלט איך אויך נישט, אַז כדי זיך צו באַקענען מיטן שרייבערס וועלט און וועלט־אָנשויונג, איז אומבאַדינגט נויטיק דורכצולייענען אַלץ, וואָס דער שרייבער האָט אָנגעשריבן. אַ שרייבער קאָן זיך אַ מאָל מיט איין איינציקער שורה זיינער „פאַרראַטן" סיי צום גוטן און סיי צום שלעכטן, און מיט איין אין כמות־קליינער שאַפונג — אַריין אין דער ליטעראַטור, און אַפילו אין דער אומשטערבלעכקייט...

איך זאָג עס אַנטקעגן דעם, וואָס נישט אַלץ וואָס יואל מאַסטבוים האָט אָנגעשריבן, האָב איך געלייענט — ווי כ׳האָב נישט געלייענט אַלץ, וואָס אַנדערע האָבן אָנגעשריבן; פון דעסטוועגן, קען איך מאַסטבוימען זייער גוט פון דעם, וואָס איך האָב יאָ געלייענט פון אים.

מיט קאַרגע פינף און צוואַנציק יאָר צוריק, האָב איך אין וואַרשע געהערט מאַסטבוימען אַליין לייענען פון מאַנוסקריפּט זיין ראָמאַן „מאַריטאַס גליק", און ביזן היינטיקן טאָג איז פריש אין מיר דער אָנגענעמער איינדרוק, וואָס די דאָזיקע פּאָעטישע פּראָזע זיינע האָט געמאַכט אויף מיר; אַן איינדרוק, ווי פון הערן אין געשריבענעם וואָרט — אַ ליריש מוזיקאַליש ווערק, וואָס איך וואָלט אָנגערופן: דערוואַכונג.

דעם זעלבן איינדרוק פון מוזיק — האָב איך שפּעטער געהאַט אויך פון מאַסטבוימס „ציגיינער־פּלייט" און פון אַ רייע אַנדערע דערציילונגען זיינע. ווען מען זאָל קאָנען פאַרגלייכן די שרייבער־משפּחה צו אַן אָרקעסטער אין וועלכן יעדער שפּילט אויף זיין אינסטרומענט און פאַרנעמט מיט

* געשריבן פינף יאָר פאַר זיין טויט.

אים זיין באַשטימט אָרט — וואָלט איך געזאָגט, אַז יואל מאַסטבוים שפּילט אין דעם אָרקעסטער, די פּלייט, די חנעוודיקע, קאַפּריזנע פּלייט, אין דער סאָלאָ־אויספירונג פון אַ קינסטלער, אַ ווירטואָז.

איך קאָן נישט נאָך אַזאַ מוזיקאַלישן יידישן שרייבער, ווי דאָס איז יואל מאַסטבוים, וואָס קאָן אייך אָפּזינגען גאַנצע סימפאָניעס אויף אויסנ־ווייניק. אַגב, האָט מיר מאַסטבוים איין מאָל אַ זאָג געטאָן וועגן זיך: — איך בין מער מוזיקער ווי שרייבער. געזאָגט האָט ער עס, בעת מיר זענען ביידע געזעסן אַ שבת פאַר נאַכט ביי אים אין שטוב און מוזיצירט, גע־פּרוווט אויפן זכרון איבערוואַרפן פראַגמענטן פון דער קלאַסישער מוזיק; מאַסטבוים איז, ווי זיין שטייגער — אַריין אין עקסטאַז, גענומען דיריגירן מיט די הענט, וואַרפן מיטן זילבער פון זיין צעשויבערטן קאָפּ, און מיט די ליפּן, ווי בלאָזנדיק אין אַ פלייט — זיך פאַרגאַנגען אין די אויבערשטע טענער, כּדי אַרויסצובאַקומען דעם מאַיעסטאָזאָ־פינאַל פון דוואָזשאַקס „די נייע וועלט“.

צו יואל מאַסטבוימס זיבעציק־יאָריקן יובל, ווינטש איך אים, אַז ער זאָל נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן, שפּילן די פלייט אין דער יידישער פּראָזע.

# מיט אפרים קאַגאַנאָווסקי

פאַראַן אַזאַ אויפריכטיקע, אמתע פריינדשאַפט, וואָס איז נישט געבונדן מיטן גאַנצן קאָנווענציאָנעלן באַלאַסט פון קעגנזייטיקער באַציִונג, ווי: דאָס שטיין מיט יענעם אין כסדרדיקן קאָנטאַקט דורך בריוו־שרייבן אָדער — דורך פערזענלעכע, אָפטע באַגעגענישן אויף וויזיטן, שמחהס און, דער עיקר — מיט גיין צו יענעם אויף אַ שׂיחת־חולין אָדער שׂיחת־קודש. איך מיין אַזאַ פריינדשאַפט, אין וועלכער מען קאָן זיך מיט יענעם נישט נאָר צונויפרעדן, נאָר אויך זיך צונויפשווייגן, אָדער זיין אַ גוטער הערער בעת דער צווייטער איז אַ גוטער שמועסער.

אַזאַ שטילע פריינדשאַפט פון שטומער, קעגנזייטיקער פאַרערונג האָט זיך איינגעשטעלט צווישן מיר און אפרים קאַגאַנאָווסקי — נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן אין וואַרשע אין יידישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין, טלאָמאַצקע 13, וווּ מיר האָבן זיך באַקענט און זיך געטראָפן אַ סך יאָרן, כּמעט טאָג־טעגלעך. איך זאָג: שטילע פריינדשאַפט — כאָטש קאַגאַנאָווסקי איז נישט געווען אַזוי שטיל ווי ער האָט אויסגעזען; געווען אין אים שטענדיק עפּעס אומרויִקס וואָס פלעגט אים אָפּרייסן אָדער נישט צולאָזן צום שרייבטיש; געמאַכט אים אָפּהענטיק און פויל, — ווי עס זענען על־פּי־רוב די יעניקע וואָס פאַרמאָגן אַ סך פּאָטענציאַלן שעפערישן כּוח, און זענען, ווי דאָס איז יעדער עכטער קינסטלער שיינגײַסט און שיינ־רעדנער, גייסטרייכער שמועסער אָדער — קלוגער שווייגער.

נישט איין מאָל, בעת כ׳פלעג הערן קאַגאַנאָווסקין שמועסן אָדער עפּעס דערציילן, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס דערציילט ער בעל־פּה אַ דערציילונג, וואָס ער וואָלט באַדאַרפט אָנשרייבן און — וועט זי שוין אָוודאי נישט אָנשרייבן, ווייל ער האָט זי שוין אויסדערציילט...

קאַגאַנאָווסקיס באַליבטסטע שמועסן זענען געווען וועגן זיין גרויסן רבין י. ל. פּרץ, און וועגן דער ליטעראַרישער סביבה אַרום פּרצן. זיין גרויסע ליבע, פאַרערונג און דאַנקבאַרקייט צו זיין רבין, האָט קאַגאַנאָווסקי

נישט נאָר אַרומגעטראָגן און געוואַרעמט ביי זיך אין האַרץ, נאָר אַריבער־געטראָגן אומעטום צו וועמען און אין וועלכער געזעלשאַפט ער איז גע־קומען און, אַפּילו געפּרוווט איינצופלאַנצן דעם פּרץ־קולט צווישן די פראַנ־צויזישע יידן, וואָס זענען שוין לאַנג ווייט אַוועק פון יידיש און יידישקייט.

בעת מיין באַזוך אין פּאַריז אין יאָר 1950 איז מיר אויסגעקומען צו זיין אויף אַ פראַנצויזישער פּרץ־אַקאַדעמיע, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַ פּרעכטיקן זאַל און ביי געדעקטע טישן. צו דער דאָזיקער אַקאַדעמיע איז זיך צונויפגעקומען דאָס בעסטע פונעם פראַנצויזיש־יידישן פּאַריז. כ׳געדענק שוין נישט די נעמען פון די פראַנצויזיש־יידישע שרייבער און אינטעלעק־טואַלן, וואָס זענען דעמאָלט דאָס ערשטע מאָל זיך צונויפגעקומען באַערן דעם אָנדענק פונעם גרויסן יידישן שרייבער י. ל. פּרץ. כ׳געדענק נאָר אַז אַלע רעדעס און רעציטאַציעס פון פּרצס ווערק זענען געהאַלטן געוואָרן אין דער פראַנצויזישער שפּראַך. דער איינציקער, וואָס האָט אויף יענעם פייערלעכן אָוונט נישט גערעדט איז געווען — דער איניציאַטאָר פון אָוונט — אפרים קאַגאַנאָווסקי, וועלכער האָט נישט געהאַט פאַר וועמען צו רעדן וועגן פּרצן — אויף יידיש...



ווי אַ סך פון די שארית הסופרים פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט זיך אויך קאַגאַנאָווסקין איינגעגעבן פון פּוילן דורך ראַטנפאַרבאַנד — צו קומען קיין פראַנקרייך און צו באַזעצן זיך אין פּאַריז, ווו ער האָט זיך ביזן סוף פון זיין לעבן אויפגעהאַלטן אַ דאַנק דער מאַטעריעלער און מאָראַלישער הילף פון די יידישע קאָמוניסטן. ער איז אָבער דערפאַר ביזן טאָג פון זיין טויט געשטאַנען אונטער די גיפטיקסטע פיילן פון דער יידי־שער אַנטי־קאָמוניסטישער פּרעסע און פון די יידישע שרייבער, וואָס האָבן צוליב זייער קעגנערשאַפט צום קאָמוניזם — קאַגאַנאָווסקין פאַרביטערט דאָס לעבן.

אין שייכות מיט דער דאָזיקער טרויעריקער פּרשה, וויל איך דאָ ברענ־גען אַ קליינעם פאַקט, וואָס דערציילט אָבער זייער אַ סך וועגן קאַגאַנאָוו־סקיס מכלומרשטן קאָמוניזם:

בעת מיין זיין, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, אין פּאַריז אין יאָר 1950 בין איך געוואָרן דעמאָלט איינגעלאַדן — צווישן אַנדערע יידישע אינסטי־טוציעס — אויך פון די יידישע קאָמוניסטן — אויף אַ לייען־אָוונט אין זייער קלוב, אין „אוניאָן”. דורכלייענענדיק פאַרן עולם אַ צאָל פון מיינע אַמאָ־ליקע עכט־פּאַטריאָטישע ארץ־ישׂראל־לידער נאָך וועלכע איך האָב זיך געקליבן צו לייענען לידער אויך פון אַן אַנדער זשאַנר און אינהאַלט — האָט זיך קאַגאַנאָווסקי, זיצנדיק אין פּרעזידיום האַרט נעבן מיר, זיך נאָך מער צוגערוקט און, שטיל, קוים צו הערן און ווי נישט צו מיר, אַ זאָג־געטאָן: „לייענט זיי נאָך אַזעלכע לידער”. איך האָב אים צוליב געטאָן, גע־לייענט נאָך און נאָך — אַזוי לאַנג, ביז דאָס פּרעזידיום און דער קאָמוניס־טישער עולם אין זאַל האָט זיך נערוועז גענומען דרייען אויף די בענקלעך און מיר געגעבן דערמיט אָנצוהערן, אַז זיי האָבן עס שוין גענוג...

ווען כ׳האָב אין 1957, אין אַ שמועס מיט קאַגאַנאָווסקין אין תל־אביב, דערמאָנט אים וועגן דעם, האָט ער, ווי צו באַשטעטיקן דעם דאָזיקן פאַקט — ברייט אַריינגעשמייכלט אין זיך, נאָר אַז כ׳האָב באַרירט דעם ענין מיט די ווילדע אַטאַקעס קעגן אים, מצד די פּאַריזער פען־העלדן — האָט זיך דאָס פּנים זיינס פאַרוואָלקנט און ער האָט מיט אַ געדעמפּטער שטים מיר אַ זאָג געטאָן: „ווען נישט זיי (די קאָמוניסטן), וואָלט איך אין פּאַריז געווען אויסגעגאַנגען...”

צוליב מיין אייגענער, פּערזענלעכער דערפאַרונג אין דער פּאַרטייאיש־געזעלשאַפטלעכער זאָרג פאַרן שרייבער — האָב איך געגלויבט אין דעם, וואָס ער האָט געזאָגט און — אים פאַרשטאַנען.

ווי איך האָב שוין פריִער באַמערקט, איז קאַגאַנאָווסקי געווען נישט ווייניק פויל אויף דער פּען, און דער עיקר — אויף בריוו־שרייבן. פון די ווייניקע בריוו, וואָס איך האָב באַקומען פון אים, איז כדאי צו ברענגען דאָ איין בריוו צו מיר פון פּאַריז, אין יאָר 1957, אַ בריוו אין וועלכן קאַגאַ־נאָווסקי דריקט אויס, נישט נאָר זיין פאַרערונג צו מיר, נאָר אויך זיין גרויסע פאַרביטערונג קעגן אַ געוויסן פּאַראַזיטישן שיכט שרייבער, וואָס צעפרעסן און פאַרדאַרבן דאָס גאַנצע פעלד פון דער יידישער ליטעראַטור.

אָט איז דער בריוו:

טייערער פריינד י. פּאַפּיערניקאָוו,

איך האָב באַקומען אייער בוך לידער, און מיט גרויס גענוס איבערגעלייענט אייערע ווונדערבאַרע שיינע און אמתע שאַפונגען. די גאַנצע צייט בין איך געווען אונטער דעם פיינלעכן געפיל פון דער גרויסער אומרעכט וועלכע געשעט אייך, נישט דערפאַר, וואָס איר זענט נישט געהעריק דערשאַצט געוואָרן; דאָס איז געשען מיט פיל דיכטער אין דער גרויסער וועלט. כ׳וויל אָבער זאָגן, אַז אייער לאַגע פון יאָרן איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אונדזער יידישן פּאַרנאַס, ווו שווינדלער, ליגנער און גראַנדאָווניקעס האָבן צוגענומען אייער לויב און אייער ברויט.

מיר דאַכט, אַז ס׳איז די העכסטע צייט פאַר אַ שלאַכט מיט די היענעס אין דער יידישער דיכטונג מיט זייער פאַלש געוויין אין דער וויסטער נאַכט פון אונדזער יידיש־ליטעראַרישן מדבר.

איך דאַנק אייך נאָך אַ מאָל פאַר אייער ליבער מתנה, און ווינטש אייך אַלדאָס גוטס.

אפרים קאַגאַנאָווסקי

# לייוויק – מיין דיכטער

ווי יעדער לייענער האָט „זיין" שרייבער וועמען ער לייענט גערן און וועמענס שאַפונגען ער פאָלגט נאָך און דערוואַרט מיט גרויס אינטערעס — האָט אויך יעדער שרייבער זיין שרייבער, פון וועמען ער האַלט און פון וועמען ער איז, נישט איין מאָל, דירעקט אָדער אומדירעקט באַווירקט — צוליב געפינען אין אים אַ גייסטיקע התקרבות.

נאָך מיט אַ סך יאָרן צוריק, אַז מען האָט מיך צוליב נייגיריקייט גע־פרעגט ווער עס איז מיין באַליבטסטער יידישער דיכטער, האָב איך אָן לאַנג צו טראַכטן — געענטפערט: לייוויק. געווען איז עס דאַן, ווען איך האָב זיך געפונען אונטערן שטאַרקן רושם פון לייענען דאָס ערשטע מאָל, לייוויקס לידער פון סיביר; לידער שטילע, ליכטיקע און קלאָרע ווי דער טיפער שניי איבער וועלכן לייוויק איז יונגערהייט שוין געגאַנגען זיין גורל־דיקן „וויאַ דאָלאָראָזאַ" — זיין לאַנגן וועג פון פיין, וואָס האָט זיך אָנגע־הויבן אין סיביר און געענדיקט אין ניו־יאָרק.

ווער עס איז מיין באַליבטסטער יידישער דיכטער, האָבן מיך נישט איין מאָל געפרעגט מיינע קאָלעגן דיכטער, צווישן זיי — דיכטער קרוין־פרעטענדענטן אין וועמענס אויגן איך האָב אַ סך אָנגעווירן — פאַר זאָגן, אַז מיין דיכטער איז לייוויק; אַ זאָג, מיט וועלכן איך בין, מיין איך, נישט אָריגינעל, ווייל — וועמענס דיכטער איז לייוויק נישט? — האָט דאָך לייוויק, ווי פּרץ אין זיין צייט — אין משך פון אַ קאַרגן האַלבן יאָר־הונדערט געווירקט און באַווירקט די יידישע ליטעראַטור און די יידישע קולטור־געזעלשאַפטלעכקייט אומעטום ווו נאָר עס האָט געקלאַפּט דער דופק יידיש און ס'איז דערגאַנגען אַהין זיין פלאַמיק דיכטעריש וואָרט בכתב אָדער בעל־פה.



אָנהייבנדיק פון די טרויעריק־באַקאַנטע ערשטע משפּטים אין ראַטנ־פאַרבאַנד, ביז נאָכן אויסמאָרדן די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער, קינסטלער און קולטור־טוער — האָט לייוויק געהאַט אַ גרויסע פּאָליטיש־אידעאָלאָגישע קעגנערשאַפט מצד דער עקסטרעם־לינקער יידישער אַרבעטערשאַפט און אויך מצד יענע שרייבער, וואָס האָבן זיך לגבי לייוויקן געהאַלטן פאַר פּראָגרעסיוו, אָדער — סתּם געטראָגן אויף אים אַ שׂנאת־חינם — צוליב נישט קאָנען, נאָך ביי זיין לעבן — ירשענען פון אים די קרוין פון דער יידישער דיכטונג...



פאַר די לעצטע פינף און צוואַנציק, דרייסיק יאָר, זענען געווען און ס׳זענען פאַראַנען, צו לאַנגע יאָר — נישט ווייניק טאַלאַנטפולע און אַפילו באַדייטנדיקע יידישע דיכטער, וואָס זייער ראַפינירטקייט, פאָרעם־רייכקייט און שפּראַך־מייסטערשאַפט — איר וועט ביי לייוויקן כּמעט נישט געפינען; זייערע לידער זענען אָבער דאָס קאַלטע פייערווערק וואָס, איידער דו האָסט באַוויזן אָנצוקוקן זיך מיט זייער פאַרביקער שיינקייט — לעשן זיי זיך און לאָזן דעם הימל נאָך פינצטערער ווי ער איז געווען פאַרן באַלייכטן אים — בעת לייוויקס דיכטעריש וואָרט גליט און בריט מיט אמת און מיט דער גרויסער אחריות פאַרן געזאָגטן, וואָס לאָזט דיך באַאומרויִקט.

לייוויק, ווי אַלע גרויסע שרייבער הומאַניסטן — איז דער דיכטער פון געוויסן. אונטער לייוויקס יעדן ליד שטייט פריִער פאַר אַלץ לייוויק דער מענטש; לייוויק — די גרויסע גייסטיקע אין פייער־געלייטערטע פער־זענלעכקייט, וואָס וועקט, מאָנט און דערמאָנט — אָפּצוהיטן דעם צלם־אלהים; צו האַלטן טייער דאָס הייליקסטע פון גאָטס באַשאַף: דעם מענטש.

מאָראַליש געבונדן מיט אַלע יידיש־נאַציאָנאַלע און וועלטלעך־סאָציאַלע פּראָבלעמען וועגן פאָלק און מענטש־דערלייזונג, וואָלט לייוויק — ווען זיינע ווערק וואָלטן געווען איבערגעזעצט אויף אַנדערע לשונות — געווען פאַר־נומען אַ בכּבודיק אָרט אויך צווישן די קאָריפעיען פון דער וועלט־ליטע־ראַטור.



איך ווייס נישט צי אין מיינע אייגענע לידער זענען פאַראַנען וועלכע ס׳איז שפּורן פון לייוויקס השפּעה — ווי זיי זענען בולט קענטיק ביי נישט איין יידישן דיכטער, אַפילו ביי יענע, וואָס האָבן ביי פאַרשידענע געלעגנ־הייטן געפּרוווט „אָראָפּדינגען" פון לייוויקס גרויסקייט; איך ווייס אָבער, אַז מיט לייוויקס טויט איז אַוועק מיין און אַלעמענס באַליבטסטער גרויסער יידישער דיכטער, וואָס האָט צוויי דורות יידישע ליטעראַטור געטראָגן די פּאַרדינטע קרוין פון דער יידישער דיכטונג.

1962

# מיט לייוויקן קיין ארץ־ישראל

כ׳געדענק נישט כ׳זאָל אין מיינע ערשטע דיכטערישע יאָרן, וועלן אַזוי זיך באַגעגענען פּנים־אל־פּנים מיט אַ יידישן שרייבער, ווי מיט דעם מחבר פון די סיביריער לידער — ה. לייוויק. לידער, האָב איך לייוויקן נישט געזען אַפילו ווען ער איז אין די צוואַנציקער יאָרן, דאַכט זיך, צום ערשטן מאָל געקומען פון אַמעריקע קיין פּוילן פון וואַנען איך האָב דעמאָלט עמי־גרירט און געפאָרן זיך באַזעצן אין „פּאַלעסטינע". ערשט אין 1937 איז מיין ווונטש מקויים געוואָרן און כ׳האָב זיך מיט לייוויקן באַגעגנט אין פּאַריז, אויף דעם ערשטן יידישן קולטור־קאָנגרעס צו וועלכן איך בין דעלעגירט געוואָרן פונעם יידישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין תל־אביב.

ביז היינט (אַ געשיכטע פון עטלעכע און דרייסיק יאָר) איז אין מיר געבליבן דער טיפער איינדרוק פון יענער ערשטער באַגעגעניש.

געווען איז עס אין איינעם פון די יידישע רעסטאָראַנ־זאַלן נאָענט פון „פּלאַס רעפּובליק", ווו די דעלעגאַטן־שרייבער האָבן אָפּגעהאַלטן די ערשטע באַראַטונג ערב דעם קאָנגרעס. ווען כ׳בין אַריין אין זאַל און עמעץ פון די אַרומזיצנדיקע אַרום אַ לאַנגן טיש האָט אָנגערופן מיין נאָמען, האָט לייוויק, וואָס איז מיט זיין פריִער ווייסקייט געזעסן סאַמע סוף־טיש — זיך אויפגעשטעלט און, מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט מיר אַנטקעגן־גע־גאַנגען ווי אַן אַלטן גוטן פריינד — כאָטש ער האָט מיך פריִער קיין מאָל אין ערגעץ נישט געזען. די זעלבע אויפמערקזאַמקייט האָט לייוויק מיר אַרויסגעוויזן אויך שפּעטער אויף דער פייערלעכער דערעפענונג פונעם קאָנגרעס. בעת דאָס פּרעזידיום האָט אינעם גרויסן פול־באַזעצטן זאַל זיך אויסגעזעצט אויף דער בינע, אויף וועלכער איך בין, לכתחילה, נישט אַרויף, האָט מיך לייוויק אַרויפגערופן און אַפילו צוגערוקט אַ שטול פאַר מיר נעבן זיך, נאָר איידער כ׳בין אין דער ענגשאַפט דערגאַנגען צו איר,

האָט זי עמעצער אויף דער גיך פֿאַרכאַפּט און איך בין געבליבן — אויף נישט אַרויסצוזען זיך — פֿון הינטן...

אויך בעת מיינע שפּעטערדיקע באַגעגענישן האָט לייוויק אין פּאַריז מיר געשענקט אַ סך אויפֿמערקזאַמקייט, וואָס איך האָב זי צוגעשריבן דעם זכות פֿון מיין וווינען אין ארץ־ישׂראל און מיין „כּוח צו שרייבן יידיש אין ארץ־ישׂראל".

לייוויק האָט מיט גרויס פֿאַרדרוס נישט איין מאָל מיט מיר גערעדט וועגן דעם און מיך ממש באַוווּנדערט ווי אַזוי איך קאָן אין אַזאַ פֿיינטלעכער אַטמאָספֿערע צו יידיש דעמאָלט — שרייבן מיט אַזוי פֿיל ליבע צו מיין נייער היים און צו אירע שעפֿער און בוימער.

איין מאָל האָט מיך לייוויק, ווי דרך־אַגב, פּלוצעם אַ פֿרעג־געטאָן: ווי מיינט איר, איך זאָל, למשל, זיך באַזעצן אין ארץ־ישׂראל?

— עס איז מיר שווער אייך צו ענטפֿערן אויף דעם — האָב איך געזאָגט. — איך קאָן אייך נישט צורעדן און וויל אייך נישט אָפּרעדן. איר דאַרפֿט כאָטש באַזוכן דאָס לאַנד, זיך באַקענען דערמיט פֿון דער נאָענט און אויפֿן אָרט זען צי דער שידוך איז פֿאַר אייך...

לייוויק האָט דין אַ שמייכל־געטאָן און מיר מגלה־געווען אַ סוד, אַז ער רעכנט פֿון פּאַריז טאַקע — פֿאָרן אויף אַ באַזוך קיין ארץ־ישׂראל.

נאָך אַ לענגערער צייט אין פּאַריז האָב איך לייוויקן אָנגעגעבן דעם טערמין פֿון מיין אומקערן זיך קיין ארץ־ישׂראל און אים אויך אינפֿאָרמירט, אַז די פּועלי־ציון אין פּאַריז האָט שוין אַפֿילו באַשטימט פֿאַר מיר אַ געזעגענונגס־אָוונט אין זייער לאָקאַל אויף „רי בעראַנזשע". כ׳האָב אָבער נישט געהאַט די העזה אים איינצולאַדן אויפֿן אָוונט און, לייוויק האָט פֿאַר מיין נישט איינלאַדן אים — זיך נוקם געווען אין מיר:

אויפֿן געזעגענונג־אָוונט, ווען איך בין שוין געזעסן אויף דער טריבונע און מיין פֿאָרזיצער, דער שרייבער יחזקאל קאָרענהענדלער איז שוין געשטאַנען גרייט אָנצוהייבן דעם אָוונט, האָט זיך פּלוצעם געעפֿנט די טיר פֿונעם פֿול־געפּאַקטן לאָקאַל און ס׳האָט זיך באַוויזן לייוויק אין באַגלייטונג פֿון משה אָלגין. דערזעענדיק די אומגעריכטע חשובֿע געסט, האָט זיך דאָס פּובליקום ספּאָנטאַן אויפֿגעשטעלט און לייוויק מיט אָלגינען — פֿאַרבע־

טענע אין פּרעזידיום — זענען אונטער אַ שטאַרקער אָוואַציע אַרויף אויף דער טריבונע. נישט לויט קאָרנהענדלערס פון פריִער צוגעגרייטן סדר, האָט דאָס ערשטע וואָרט באַקומען לייוויק, וואָס האָט זיך מיט מיר זייער וואַרעם באַגריסט און אָנגעהויבן זיין רעדע אַזוי: פּאַפּיערניקאָוו האָט אוודאי געמיינט, אַז ער וועט זיך פון מיר אַרויסדרייען, נאָר כ׳האָב אים דעריאָגט און וועל אים אויך נאָכפאָרן קיין ארץ־ישׂראל... זיין רעדע איז געווען ממש אַ ציוניסטישע, און דערביי — מיט לויב פאַר מיין „גבורה״ צו שרייבן יידיש אין אַן אַטמאָספער פון פיינטשאַפט צו יידיש לשון אין מיין נייער היים.

נאָכן פאַרענדיקן מיין געזעגענונג־אָוונט האָט מיר לייוויק מגלה־געווען דעם צווייטן סוד, אַז ער פאָרט מיט מיר אויף איין שיף קיין ארץ־ישׂראל, וווּ ער וועט זיין דער גאַסט פון ועד־הפּועל.

לייוויקן אַרויפגיין אין מאַרסעי אויף דער שיף — האָב איך נישט געזען. כ׳האָב נאָר געוווּסט, אַז ער פאָרט ערשטע קלאַס. כ׳האָב אויך גע־וווּסט, (פון לייוויקן אַליין), אַז ער פילט זיך אָנגעגריפן אין געזונט און מיד נאָכן קולטור־יריד.

היות איך בין געפאָרן מיט דער דריטער קלאַס, ווייל קיין פערטע איז נישט געווען... — האָב איך באַשלאָסן ביי זיך לייוויקן נישט שטערן די רו און — זיך נישט געוויזן פאַר אים גאַנצע צוויי טעג. אויפן דריטן טאָג, בעת איך האָב זיך געפונען אונטן אויפן דנאָ פון שיף, האָט זיך, צו מיין גרויס איבעררעשונג, באַוויזן לייוויק.

— מיינט איר טאַקע זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר מיר? אָדער איר האָט נישט געוווּסט, אַז איך געפין זיך אויף דער שיף? — האָט מיך לייוויק געפרעגט מיט נישט ווייניק תרעומות. כ׳האָב זיך פאַרענטפערט מיט פאַר־שידענע תירוצים, נאָר לייוויק האָט געפאָדערט פון מיר איך זאָל אומבאַ־דינגט אַרויפגיין צו אים אין ערשטן קלאַס און זיצן מיט אים די צייט וואָס עס איז נאָך געבליבן צו פאָרן ביז חיפה. ער האָט געבעטן ביי די שיף־באַדינער מען זאָל מיר דערלויבן זיך געפינען לעבן אים און אויך געניסן פון אַ קאַווע אָדער טיי פונעם ערשטן קלאַס.

אַלע לייוויקס שמועסן מיט מיר אויף דער שיף האָבן זיך געדרייט אַרום ארץ־ישׂראל און יידיש אין ארץ־ישׂראל. ס׳האָבן אים זייער ווײ־געטאָן די דעמאָלטיקע רעפּרעסיעס אויף יידיש — מצד דער העברעיִשער יוגנט, וואָס איז אין איר קאַמף קעגן יידיש — געוואָרן דערמוטיקט, אָדער באַקומען די שטומע צושטימונג כּמעט פון דער גאַנצער ארץ־ישׂראלדיקער געזעל־שאַפטלעכקייט.

באַטרעטנדיק די ארץ־ישׂראלדיקע ערד איז לייוויקן ווידער באַשערט געווען נישט ווייניק ענערגיש פון וואָס איך בין, נישט ווילנדיק, געווען דער גורם.

געשען איז עס צוליב אָט־וואָס:

ווען די שיף מיט וועלכער מיר זענען געפאָרן האָט זיך דערנענטערט צו די ברעגעס פון חיפה, האָב איך לייוויקן געבעטן, אַז ווען מען וועט אים פון ועד־הפּועל קומען אַראָפּנעמען פון שיף, זאָל ער בעטן ביי ווּעמען פון דער דעלעגאַציע, אַז מען זאָל אויך מיך אַראָפּנעמען — כּדי צו פאַר־שפּאָרן עטלעכע שעה גרויסע אומבאַקוועמלעכקייט אויף דער שיף. לייוויק האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער וועט זען עמעצן אַרויפצושיקן מיך אַראָפּצו־נעמען, נאָר — קיינער איז נאָך מיר נישט געקומען און כ׳בין אַראָפּ פון שיף — מיט פיר שעה שפּעטער פון לייוויקן...

אַז כ׳האָב, בעת מיין ערשטער באַגעגעניש מיט לייוויקן אין תל־אביב, אים דערציילט וועגן דעם, איז זיין בלאַס, אַסקעטיש פּנים געוואָרן נאָך בלאַסער און ער האָט מיט ביטערניש אַ זאָג־געטאָן: זעט אויס, אַז מיט יידיש איז אין ארץ־ישׂראל בעסער צו זיין אַן אורח איידער אַ תּושב...

# מיט משה סטאַווסקי (סתוי)

מיין ערשטן באַזוך ביי משה סתוי האָב איך געמאַכט אין יענע יאָרן ווען ער האָט נאָך געהייסן משה סטאַווסקי און געשריבן האָט ער נאָך יידיש — כאָטש געדרוקט האָט ער זיך שוין נאָר אין העברעיִש, אין העברעיִשער איבערזעצונג — זייענדיק אַ פאַרביסענער קעגנער פון יידיש אין ארץ־ישראל.

געוווינט האָט סטאַווסקי אין תל־אביב אויף רחוב מגדלי נעבן רחוב הירקון, נישט ווייט פונעם ים. געהאַט האָט ער אַן אייגענע געמויערטע הייזקע און אַ שטאָל מיט צוויי קי — אויף אַ זאַמדיק שטיקל באָדן, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ שיטערן, הילצערנעם פּלויט, ווי אַרום אַ דאָרפישער נחלה.

געגאַנגען בין איך צו אים אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט ווען די ערד און אַלץ וואָס אויף דער ערד — דעמפן פון זיך אויס די בייטאָגיקע היץ און מאַכן די לופט פייכטלעך, געדיכט און שווער צום אָטעמען.

געטראָפן האָב איך אים אין הויף פון זיין „גוט" — גייענדיק צו דער שטאָל — מיט בינטן שטרוי אונטערביידע אָרעמס. דערהערט אַ קלאַפּ פונעם צוגעפאַלענעם פּלויט־טירל, האָט זיך סטאַווסקי אויסגעדרייט מיטן פּנים צו מיר, אַ ווײַלע מיך אָנגעקוקט פאַרחידושט און פרעמד, דערנאָך זיך צעשמייכלט און, אַ וואָרף־טוענדיק די שטרוי־בינטן אין שטאָל־אַריין — געלאָזט זיך גיין מיר אַנטקעגן — אין שטרוי־באַקלעפּטע שטיוול, מיט אַ צעכראַסטעטע אָפן העמד און פאַרקאַשערטע אַרבל און, מיט אַ צעקאָש־מערטן קאָפּ שוואַרצע האָר, וואָס זענען פול געווען מיט גאָלדענע שטרויע־לעך...

סטאַווסקי האָט אין מיינע אויגן, דעמאָלט, אויסגעזען העכער און ברייטער ווי איך האָב אים געקענט אין וואַרשע. עס האָט פון אים, ממש, געשלאָגן מיט גבורה, מיט וועלכער ער וואָלט געקאָנט, ווי מיר האָט זיך אויסגעדאַכט — טראָגן אַ קו אויף די אַקסלען...

אין גרויסן דאָרפיש־מעבלירטן צימער פון זיין נחלה, האָט סטאַווסקי, זיצנדיק מיט מיר ביים פּראָסטן טיש, זיך גענומען אויספרעגן וועגן יעדן איינעם פון די יידישע שרייבער פון טלאָמאַצקע 13 אין וואַרשע. איבער־הויפּט האָט אים אינטערעסירט צו וויסן די שטעלונג פון די יידישע שריי־בער צום ציוניזם און צו ארץ־ישׂראל און, ווער פון זיי האָט בדעה נאָכ־צוטאָן מייןביישפּיל...

— ווי האַלט איר מיט העברעיִש? — האָט מיך סטאַווסקי פּלוצעם אַ פרעג־געטאָן. דערהערט אַז איך קען נישט קיין העברעיִש, האָט ער מיט אַ געהעכערטן, געררייצטן טאָן און ווי אין איין אָטעם אַ שאָט־געטאָן: נעמט שוין לערנען העברעיִש! מיט יידיש וועט איר דאָ נישט אָנגיין!... ס׳איז נישט ווי די יידישיסטן, די לינקע פּועלי־ציון ווילן דאָ איינפירן!... הערט זיי נישט!...

כ׳האָב נישט באַוויזן צו קומען צו זיך כדי אים עפּעס צו ענטפערן אויף זיין יידיש־אָנגריף, האָט סטאַווסקי אויסגעדרייט זיך מיטן פּנים צום פענצטער און אַ געשריי־געטאָן: זהבה! חמדה! דערנאָך זיך אַ ריס־געטאָן פונעם אָרט און, אַרויס אין דרויסן.

נישט קענענדיק זיין פאַמיליע־צושטאַנד, בין איך געווען זיכער, אַז דאָס האָט ער אַוודאי אַ רוף־געטאָן זיינע צוויי טעכטער, וועלכע ער האָט געוואָלט פאַר מיר פאָרשטעלן. פון דרויסן האָט זיך אָבער ווידער געהערט דאָס שרייען זיינס: זהבה! חמדה! חמדה! זהבה! — אַזוי לאַנג, ביז איך האָב זיך פאַר נייגיריקייט אויפגעשטעלט און צוגעגאַנגען צום פענצטער זען וואָס ס׳קומט אַזוינס פאָר, וואָס ער האַלט אין איין שרייען און איבער־חזרן די צוויי נעמען און — דערזען האָב איך ווי סטאַווסקי טרייבט און יאָגט זיך נאָך זיינע צוויי קי, וואָס האָבן נישט געוואָלט אַריין אין שטאַל אַריין... אַז ער איז צוריק אַריינגעקומען — האָט ער זיך אַנטשולדיקט וואָס ער האָט מיך געלאָזט אַזוי לאַנג זיצן אַליין און, זיך ווידער געוואָלט נעמען צו מיר און צו „מיין" יידיש; ס׳איז מיר אָבער געשען אַ נס וואָס פון גאַס איז אָנגעקומען זיין פרוי, וועמען ער האָט פאַר מיר פאָרגעשטעלט, און באַלד נאָך איר איז פון ערגעץ אָנגעלאָפן זיין איינציקער זון ,אַ יינגעלע פון אַ יאָר זעקס־זיבן. ווען סטאַווסקי מיט זיין פרוי האָבן זיך אָנגעהויבן

פאַרנעמען מיט זייער קינד, האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט און זיך געזעגנט מיט זיי — צוזאָגנדיק צו קומען אין אַ מער באַקוועמערער צייט...

מיינע שפּעטערדיקע באַגעגענישן מיט סטאַווסקין זענען שוין געווען גאַנץ צופעליק, אין גאַס אָדער אין איינעם פון די דעמאָלטיקע קאַפע־הייזער, אין וועלכע ס׳האָבן זיך אין יענער צייט געטראָפן די תל־אביבער העברעיִשע און יידישע שרייבער און קינסטלער.

אין די פערציקער יאָרן, פאַר דער אַנטשטייונג פון מדינת ישׂראל און אויך נאָך איר אַנטשטייונג, פלעג איך זיך מיט סטאַווסקין זייער אָפט באַגעגענען אין קאַפעהויז „חן" אויף דיזנגוף. מיר פלעגן אין די זומער־אָוונטן זיצן אין דרויסן פאַרן קאַפעהויז און יעדעס מאָל רעדן וועגן... יידיש־העברעיִש. איך זאָג: מיר פלעגן רעדן — כאָטש גערעדט האָט נאָר סטאַווסקי; גערעדט נישט אַזוי וועגן העברעיִש ווי קעגן יידיש און קעגן די יידישע שרייבער, וואָס האָבן זיך אין ארץ־ישׂראל אָרגאַניזירט אין אַ פאַראיין און האָבן אויך די „חוצפּה" צו וועלן אַרויסגעבן אַ יידישע צייט־שריפט.

בעת סטאַווסקיס אַזאַ אַטאַקע קעגן יידיש און קעגן די יידישע שרייבער, האָב איך זיך איין מאָל דעמאָנסטראַטיוו אויפגעשטעלט פונעם טיש און פאַרן אַוועקגיין — אים שאַרף אַ זאָג־געטאָן: סטאַווסקי, איר וועט נאָך אין ארץ־ישׂראל שרייבן יידיש און זיין זייער צופרידן אַז אַ יידישע צייטונג אין ארץ־ישׂראל וועט עס אייך אָפּדרוקן...

מיין נביאות איז ליידער מקוים געוואָרן. איך זאָג ליידער, ווייל, ווי אַ סך פאַרביסענע קעגנער פון יידיש, איז אויך סטאַווסקי צוריקגעקומען צום יידיש־באַוווסטזיין — ווען ער האָט זיך שפּעטער (אַ ביסל צו שפּעט) אַרומגעזען וואָס מיט יידיש איז פאַרלוירן געגאַנגען נאָכן אומקום פון די זעקס מיליאָן יידן אין אייראָפּע.

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט סטאַווסקי ווידער גענומען שרייבן יידיש און אַליין איבערזעצן אויף יידיש, וואָס ער האָט געשריבן אויף העברעיִש. ער האָט אויך אָנגעהויבן באַווייזן זיך אויף די שפּאַלטן פון די „לעצטע נייעס" און „די גאָלדענע קייט", פאַרהאַנדלט מיטן י. ל.

פּרץ־פּאַרלאַג וועגן אַרויסגעבן אויף יידיש אַ בוך דערציילונגען, וואָס ער האָט שוין אָבער, צוליב פיזישע שוועריקייטן — נישט געקאָנט, ליידער, צושטעלן.

טראַגיש און ביז גאָר רירנדיק האָט ער אויסגעזען אויף זיינס אַן אָוונט וואָס דער יידישער ליטעראַטן־פאַראיין אין תל־אביב האָט אים איינגעאָרדנט ביי זיך אין קלוב.

מיט אַ שניי־ווייסן קאָפּ, שטייענדיק אַן אויסגעקרומטער אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן, ווי אַן אונטערגעשפּאַרטער צעבראָכענער בוים — האָט סטאַווסקי אין זיין רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן — מיט אַ ציטער אין דער שטים און מיט טרערן אין די אויגן — געדאַנקט דעם גרויסן פאַר־זאַמלטן עולם, וואָס איז אים געקומען הערן, און געזאָגט:

— אין ארץ־ישׂראל איז עס מיין ערשטער ליטעראַרישער אָוונט אויף וועלכן איך פיל זיך היימיש, גוט און וואַרעם...

געווען איז עס דער איינציקער ליטעראַרישער אָוונט וואָס משה סטאַוו־סקי האָט געהאַט אין יידישן ליטעראַטן־פאַראיין. כ׳געדענק אָבער נישט צי סטאַווסקי, וואָס האָט אין דער העברעיִשער פּראָזע פאַרנומען זיין באַ־זונדער אָרט, אויבן־אָן, ביי דער מזרח־וואַנט — זאָל האָבן ווען־עס־איז אויפגעטראָטן פאַר אַ העברעיִש־רעדנדיקן עולם, צי פאַר העברעיִשע שריי־בער. ווי אַ „שווערער מענטש", האָט ער זיך אויך מיט זיי נישט צונויפ־געלעבט און, אַלע יאָרן מיט זיי און מיט די העברעיִשע פאַרלעגער — געשטאַנען אין קאָנפליקט.

נישט לאַנג פאַר זיין טויט האָבן די העברעיִשע שרייבער געפּלאַנט פאַר זיין כבוד־וועגן אַן עפנטלעכע ליטעראַרישע אונטערנעמונג פון וועל־כער ס׳איז אויך גאָרנישט געוואָרן — צוליב נישט קאָנען מיט אים דורכ־קומען...

סטאַווסקי האָט מיט זיין קאַנטיקייט און עקשנות דערמאָנט אָן זיין אַמאָליקן פערזענלעכן חבר און קאָלעגע — דעם יידישן שרייבער איטשע מאיר ווייסענבערג, וועלכער האָט אין דער גרעסטער נויט אַפילו — זיך נישט געלאָזט „פאַרקויפן" און אויפגעגעבן דעם אייביקן קאַמף זיינעם — נאָר אינעם קאַמף מיטן טויט...

# מיט דוד שמעוני

אין די פאַרצייכענונגען וועגן מײַנע באַגעגענישן מיט יידישע שרייבער — געדרוקט אין מיין בוך „היימישע און נאָענטע" — האָב איך באַמערקט, אַז דעם רוב שרייבער האָב איך פערזענלעך באַקענט נאָך דעם ווי כ׳האָב זיי אַ סך יאָרן נאָר געהאַט געזען און אַפילו זיך געפונען מיט זיי, ווי מיט פרעמדע — אונטער איין דאַך פונעם יידישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין וואַרשע אויף טלאָמאַצקע 13, אָדער ערגעץ אַנדערש־וווּ אינעם אַמאָליקן פוילן. די סיבה פון מיין נישט לייכט באַקענען זיך מיט מענטשן, איז נישט געלעגן אַזוי אין מיין אומדרייסטקייט — ווי אין מיין טבע זיך צו האַלטן פון זיי אויף אַ געוויסער דיסטאַנץ — אַזוי לאַנג ווי זיי האָבן נישט געוווּנען מיין צוטרוי...

צוליב דער זעלבער צוריקגעהאַלטנקייט אַפילו לגבי דעם גייסטמענטש, האָב איך אין משך פון פערציק יאָר לעבן אין ארץ־ישׂראל, זיך דערוואָרבן בסך־הכּל אַ צוויי־דריי נאָענטע פריינד צווישן דער גאָרנישט קליינער העברעיִשער שרייבער־משפחה, וואָס האָט אויף יעדן יידישן שרייבער אין ארץ־ישׂראל געקוקט אַמאָל, ווי אויף אַ שׂונא־ציון וואָס איז מיט יידיש געקומען נאָר מיט דער איינציקער כּוונה: שטערן דאָס אויפלעבן די העברעיִשע שפּראַך און קולטור.

איך וועל דאָ נישט דערמאָנען די נעמען פון די עטלעכע העברעיִשע שרייבער מיט וועלכע מיר האָט זיך „איינגעגעבן" איינצושטעלן באַציִונגען פון קעגנזייטיקער טאָלעראַנץ, פאַרשטענדיקונג און פריינדשאַפט. איך וויל נאָר דערמאָנען דעם נאָמען פון איינעם פון די ווערטפולסטע פאָרשטייער פון דער אויפגייענדיקער נייער העברעיִשער דיכטונג, פון דער חלוציש־ראָמאַנטישער תּקופה: דוד שמעוני ז״ל.



אויך שמעונין האָב איך פערזענלעך באַקענט נאָך יאָרן זען אים און נישט וויסן אַפילו ווער און וואָס ער איז — ביז עמעץ האָט מיר אין גאַס

אָנגעוויזן אויף אים: אָט גייט דער העברעיִשער דיכטער דוד שמעוני, אַ לערער אין דער העברעיִשער גימנאַזיע. כ׳האָב זיך אין אים גוט איינגעקוקט און ס׳האָט מיך געחידושט, הלמאַי כ׳האָב אים נאָך קיין מאָל נישט געהאַט געזען צווישן די יונגע שרייבער אין די קינסטלער־קאַפּעען „שלג לבנון״, „כּסית״ און „קנקן״. כ׳האָב אויך כּמעט נישט געזען זיין נאָמען פיגורירן אויף וועלכן ס׳איז פּלאַקאַט וועגן אַ העברעיִשן קאָלעקטיוון שרייבער־אָוונט אָדער אַנדערער קולטור־פאַראַנטשטאַלטונג. אַז כ׳האָב זיך בעסער אָנגעהויבן צוצוקוקן צו שמעונים נישט געאייַלטע, זיכערע טריט און צו זיין סאָלידער קליידונג וואָס איז שטענדיק געווען ביי אים פּאַרקנעפּלט „אויף אַלע קנעפּלעך״ — איז מיר קלאָר געוואָרן פאַר וואָס איך זע אים נישט צווישן דער צעכראַסטעטער באָהעמע, וואָס פלעגט מער זיצן אין די קאַפעהייזער ווי ביי זיך אין דער היים, ביים שרייבטיש.

פערזענלעך באַקענט מיט שמעונין האָב איך זיך ערשט אין יאָר 1951, פאַר מיינס אַ נסיעה קיין דרום־אַפריקע. דאָס באַקענען זיך מיט אים, האָב איך געהאַט צו פאַרדאַנקען אַ העברעיִשן קולטור־טוער, אַ פאַרערער פון דער יידישער ליטעראַטור, בפרט — פון דער יידישער פּאָעזיע.

לכּבוד מיין נסיעה האָט דער קולטור־טוער און פריינד מיינער, באַשלאָסן צו אַראַנזשירן אַ גרויסן יידיש־העברעיִשן אָוונט אין חיפהער הסתדרותישן זאַל „ביתינו״ און אויף צו באַטייליקן זיך אינעם אָוונט — איינגעלאַדן דעם נעסטאָר פון דער יידישער פּראָזע און דראַמע — דוד פּינסקי; דעם היסטאָריקער ד״ר רפאל מאַהלער; דעם דיכטער אַברהם סוצקעווער און דוד שמעונין.

שמעונים באַטייליקן זיך אויף מיין אָוונט האָב איך אָבער געשטעלט אונטער אַ פראַגע־צייכן און נישט געגלויבט אַז ער וועט צו אים קומען, אַפילו ווען ער וועט צוזאָגן. כ׳האָב פאַר דעם אָרגאַניזאַטאָר פונעם אָוונט אויסגעדריקט מיינע ספיקות: ווי איז מען מצרף צו אַן אָוונט פאַר אַ יידישן שרייבער — אַ העברעיִשן שרייבער, וואָס טרעט אַפילו נישט אויף אויף אַ העברעיִשן אָוונט? אַגב, גלויב איך נישט — האָב איך געטענהט — צי שמעונין איז בכלל באַקאַנט מיין נאָמען און צי האָט ער ווען געלייענט מיינס אַ ליד.

צו מיין פרייד, האָבן מיינע ספיקות בנוגע שמעוניס אָנטייל אויף מיין אָוונט — זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומבאַגרינדעט. אָן צו דאַרפן אים צורעדן און איבעררעדן, האָט שמעוני מסכּים געווען צו רעדן וועגן מיר. ער האָט נאָר געבעטן איך זאָל צו אים וואָס פריִער אַריינקומען און מיטברענגען מיט זיך מיינע צוויי לידער־ביכער — „גאָלדענע זאַמדן" און „אונטער פּייער".

שמעונין האָב איך געטראָפן זיצן ביים שרייבטיש פון זיין באַשיידן־מעבלירטער וווינונג אויף שענקין־גאַס אין תל־אביב. געענוי וועגן וואָס מיר האָבן דעמאָלט גערעדט, געדענק איך שוין גישט. כ'געדענק נאָר, אַז ווי מיט אַלע העברעיִשע שרייבער מיט וועמען מיר איז אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען — האָט זיך אויך אונדזער שמועס געדרייט אַרום דעם, פאַר מיר, ווייטיקלעכן פּראָבלעם: יידיש אין ישׂראל.

אויך שמעוני איז געווען קעגן יידיש אין ישׂראל — אָבער אָן קנאות און אָן פיינטשאַפט צו יידיש. ער האָט אַפילו אַרויסגעוויזן אויפריכטיקע זאָרג פאַרן שווערן גורל פון יידיש און פאַרן יידישן שרייבער בפרט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שמעוני האָט נישט נאָר געהערט מיין נאָמען, נאָר געקענט אויך מיינע לידער פון ערשטן בוך „אין זוניקן לאַנד", וואָס ער האָט צופעליק געזען אַ מאָל ליגן אויפן טיש ביי ביאַליקן אין הויז.

מיין צווייטע באַגעגעניש מיט שמעונין איז פאָרגעקומען, שוין אויף דער בינע אין „ביתינו", אויף מיין אָוונט, אויף וועלכן ער האָט געהאַלטן וועגן מיר אַ גוט־צוגעגרייטן רעפעראַט. מער פון דעם איז אָבער כּדאי צו דערמאָנען, אַז שמעוני, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען נישט ביים קו־הבריאות און זיך געדאַרפט היטן פאַר אַן איבעריקן טראָט — האָט צוליב מיר פאַרלאָזט דעם שבתדיקן טיש ביי זיך אין דער היים און איז, כּדי נישט מחלל־שבת־זיין, אַרויסגעפאָרן פון תל־אביב קיין חיפה אַ שטיק פאַר ליכט־צינדן, און נאָך מיין אָוונט וואָס איז פאָרגעקומען מוצאי־שבת — צוריקגעפאָרן קיין תל־אביב, ערשט זונטיק אין דער פרי.

ביי נישט איין געלעגנהייט דערמאָן איך שמעוניס אומפאַרגעסלעך־נאָבעלע האַנדלונג לגבּי מיר; אַ האַנדלונג וואָס האָט נישט קיין סך ענלעכעביישפּילן — אין די באַציִונגען צווישן שרייבער.

# געשטאָרבן מיין ערשטער רעדאַקטאָר

האַרט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1918 אָדער 1919, ווען כ'האָב מיינע ערשטע דיכטערישע פּרוּוון געשריבן אין לאָקאַל פון די לינקע פּועלי־ציון, די באַקאַנטע „אַרבעטער־היים" אויף קאַרמעליצקע 23 אין וואַרשע — האָט זיך אין איינעם אַ ווינטערטאָג באַוויזן אין לאָקאַל אַ הויכער, דאַרער בחור מיט אַן אויסגעצויגן איידל פּנים פון אַ מתמיד, און אין אַן אויסגעדינטן זעלנערישן מאַנטל אין וועלכן ער האָט אויסגעזען ווי אַן אָרעמער סטודענט, אַן „עקסטערניק". צוליב זיין נישט־געוויינלעכן אויסזען און צוליב דעם גרויסן אינטערעס צו אים מצד די פּועלי־ציון־חברים, וואָס האָבן אים כּסדר אַרומגערינגלט — האָט מיך זיין באַווייזן זיך, ממש, אינטריגירט און, כ'האָב, טראָץ מיין צוריקגעהאַלטנקייט לגבי אַן אומבאַקאַנטן מענטש — געבעטן מען זאָל מיך מיט אים באַקענען.

געווען איז עס דניאל לייבעל.

פון זייטיקע אינפאָרמאַציעס און נאָך עטלעכע צופעליקע באַגעגענישן מיט אים אַליין, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער האָט אין ווין שטודירט ליטעראַטור, פאַרנעמט זיך מיט פילאָלאָגיע; אַז אַ באַזונדערן אינטערעס און ליבע האָט ער צו דער יידישער ליטעראַטור און יידישער שפּראַך און, דער עיקר: אַז ער איז, אויפן וווּנטש פון דער פּאַרטיי צו וועלכער ער האָט נאָך אַלס סטודענט אָנגעהערט אין זיין געבוירן־שטאָט טורנע (גאַליציע) — געקומען זיך באַזעצן אין וואַרשע — כּדי איבערצונעמען צו רע־דאַגירן די ליטעראַרישע טייל פונעם פּאַרטיי־אָרגאַן „אַרבעטער־צייטונג".

היות דאָס איז געווען האַרט נאָך דער באָלשעוויסטישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס האָט פון רוסלאַנד אָנגעטראָגן נייע ווינטן פון לינקן אויפשטייג ביי די אַרבעטער־מאַסן פונעם האַלב־פאַשיסטישן פוילן — האָב איך, זייענדיק אָנגענומען מיט די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען — אָנגע־שריבן אַ רעוואָלוציאָנער ליד, וואָס כ'האָב ביי אַ טישל אין „אַרבעטער־

היים״ — דורכגעלייענט פאַר עטלעכע חברים, וועלכע האָבן מיך געעצהט כ׳זאָל עס ווייזן דניאל לייבלען. אַז כ׳האָב עס געברענגט צו דניאל לייבלען אין רעדאַקציע, האָט ער, געדענק איך, אַרויסגערוקט די ברילן אויפן למדישן שטערן, מיך אַ ווײַלע באַטראַכט מיט זיינע טונקל־בלאָע אויגן און, זיך גענומען צו מיין ליד; געלייענט, געלייענט און איבערגעלייענט — צופרידן אַ זאָג־געטאָן: גוט! דאָס דאַרף מען!...

ס׳איז געווען דאָס ערשטע ליד מיינס, וואָס כ׳האָב געזען שוואַרץ אויף ווייס אָפּגעדרוקט מיט אַ ספּעציעלער פעטער שריפט — אויף דער ליטעראַרישער זייט.

נאָך עטלעכע נומערן „אַרבעטער־צייטונג״ אין וועלכער ס׳זענען געווען פאַרעפנטלעכט נאָך עטלעכע פון מיינע ערשטע לידער, האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז כ׳האָב אין דער „אַרבעטער־היים״ זייער גיך באַקומען „קאָנקורענטן״, וואָס דער רוב פון זיי, האָט געשריבן לידער, און אַלע, האָבן זיי גענומען גיין צו דניאל לייבלען נאָך סמיכות...

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און — די ליטעראַרישע זייט פון „אַרבעטער־צייטונג״ איז געוואָרן די טריבונע פאַר אַ סך שרייבער אָנפאַנגער וואָס פלעגן שפּעטער, אונטער דער אַפּוטרופּסות פון דניאל לייבלען — קאָלעקטיוו אויפטרעטן פאַר אַ גרויסן עולם אַרבעטער אין „אַרבעטער־היים״.

פון יענער שרייבער־גרופּע, וועמען דניאל לייבעל האָט פּשוט געלערנט ווי צו בויען ריכטיק אַ זאַץ און, געהייסן מקפּיד־זיין אויפן ריטם, וואָס האָט, כּמעט ביי אַלעמען, אונטערגעהינקען — פון יענער שרייבער־גרופּע, זענען אַרויסגעוואַקסן אַזעלכע באַדייטנדיקע דיכטער ווי: יוסף רובינשטיין און יוסף קירמאַן, וועלכער איז אין היטלער־קריג אומגעקומען אין אַן אויפשטאַנד אין לעווערטאָווער טורמע. צו יענער גרופּע האָט אויך אָנגעהערט משה גראָסמאַן און ש. ל. שניידערמאַן, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט לידער און מיט איבערזעצן לידער פון דער נייער פוילישער דיכטונג און שפּעטער זיך געווידמעט דער פּראָזע, רעפּאָרטאַזש און זשורנאַליסטיק.

נאָכן באַקענען זיך מיט לייבלען נענטער; נאָך לענגערע שמועסן מיט אים וועגן ליטעראַטור און דער עיקר טאַקע — וועגן דער יידישער און

וועלטלעכער פּאָעזיע אין וועלכער ער איז, ממש, אַרומגעשווומען ווי אַ פּיש אין וואַסער, און זי ליב געהאַט — האָב איך געהאַט אַ פֿאַרדאַכט, אַז ער איז געכאַפּט אויף דער מעשׂה — אַז ער שרייבט בסתר לידער. מיין חשד האָט זיך אין אַ צייט אַרום באַשטעטיקט: בעת כ׳האָב איין מאָל אויפגעעפנט די שבתדיקע „אַרבעטער־צייטונג״, האָט זיך מיר פון דער ליטעראַטור־זייט אַ וואָרף געטאָן פאַר די אויגן דניאל לייבעלס אַ ליד פון וועלכן עס זענען מיר געבליבן אין זכרון, די ערשטע צוויי שורות:

„מיר זענען די זיילן, מיר זענען די טרעפּ,
מיר טראָגן די הימלען אויף אונדזערע קעפּ״.

געווען איז עס אַ פּראָלעטאַריש ליד, געשריבן אין אַ לייכט־זינגעוודיקן ריטם, וואָס האָט עדות־געזאָגט אויף מוזיקאַלישקייט און אויף פולער באַ־הערשונג פון פאָרעם. נישט לאַנג נאָך דעם ליד איז געווען געדרוקט זיינס אַ צווייט ליד, אַ „נאָקטורן״, וואָס האָט סיי קינסטלעריש און סיי טעכניש איבערגעשטיגן דאָס ערשטע ליד. וועגן דעם זעלבן ליד האָט ה. ד. נאָמבערג, צו וועמען דאָס ליד איז צופעליק אַריינגעפאַלן — אַ זאָג־געטאָן צו עמעצן פון די שרייבער אויף טלאָמאַצקע 13: אַ דיכטער, אַ פּנים־חדשות, וואָס שניידט פּענעצלעך גאָלד...

אין משך פון עטלעכע יאָר האָט ד. לייבעל אָפּגעדרוקט, בסך־הכּל, עט־לעכע לידער, וואָס זענען דערטרונקען געוואָרן צווישן די הונדערטער און טויזנטער שורות פון זיינע ליטעראַרישע און נאָך מער — פּאָליטישע אַר־טיקלען פאַר זיין פּאַרטיי־צייטונג.

ערשט אין די דרייסיקער יאָרן אין ארץ־ישׂראל, ווו ער איז געווען דער גייסטיקער מדריך און פירער פון דער ערשטער יידישער שרייבער־גרופּע אין תל־אביב — איז דערשינען זיין ערשטע און איינציקע לידער־זאַמלונג א. נ. „ביים גרינעם לאָמפּן־שיין״, לידער, וואָס האָבן זיך באַזונדער אויס־געצייכנט מיט זייער פּעדאַנטיש־פּרעציעזער טעכניק. די זאַמלונג איז אָבער אין די אַרבעטער־קרייזן, און אַפילו צווישן זיינע אייגענע פּאַרטיי־חברים — געוואָרן מיט אַ שמייכל אויפגענומען, ווי אַ ליטעראַרישער קוריאָז, ווי

אַ קאַפּריז פון אַ פּאַרטיימענטש, אַ שייגעץ־ייִסט, ביי וועמען דיכטונג איז אַ „האָבי" — בעת ביי ד. לייבלען איז די דיכטונג געווען דער אָאַזיס אויף וועלכן ער האָט ביי יעדער געלעגנהייט זיך אָפּגערוט פון דער האַרטער, גראָער פּאַרטייאישער פּראָזע...

אין תל־אביב האָט מיר דניאל לייבעל מגלה־געווען אַ סוד, אַז נאָך אַלס יונגער בחור, האָט ער אין זיין געבורטשטאָט טורנע „אונטערגעזינדיקט" מיט שרייבן העברעיִשע שירים, וואָס ער האָט זיי פאַרעפנטלעכט אונטער פאַרשידענע פּסעוודאָנימען און, אויך אונטער אַ פּסעוודאָנים: בסתר.

אין תשוקה צו פּאָעזיע, ווען די מוזע האָט אים נישט גענוג געדינט פאַר זיינע אייגענע לידער — פלעגט דניאל לייבעל נישט איין מאָל זיך צוכאַפּן צו אַ גוט ליד פון אַ צווייטער שפּראַך און פּרווון זיינע דיכטערישע כּוחות ביי איבערזעצונגען פון דייטש אויף יידיש; פון יידיש אויף העברעיִש און פון העברעיִש אויף יידיש. נאָך מיט קאַרגע פינף צענדליק יאָר צוריק, האָט דניאל לייבעל אין פוילן איבערגעזעצט פון פויליש אויף העברעיִש — סלאָוואַצקיס פּאָעמע „אַנעלי". די איבערזעצונג איז געדרוקט געוואָרן אין אַ גרויסער העברעיִשער זאַמלונג „מנחה", וואָס דער פאַרלאַג „שטיבל" האָט אַרויסגעגעבן.

ד. לייבעל האָט אין פוילן אויך איבערגעזעצט פון פויליש אויף יידיש — וויספּיאַנסקיס דראַמאַטישע פּאָעמע „וועסעלע" (אַ חתונה). אויב דער זכּרון נאַרט מיך נישט — איז די איבערזעצונג דערשינען אין בוכפאָרמאַט און זי האָט אויך געזאָלט ווערן אויפגעפירט דורך דער ווילנער טרופּע.

דאָס ערשטע ליד מיינס אויף העברעיִש, איז אויך געווען אין לייבעלס איבערזעצונג. אַז ער האָט אין מיין אָנוועזנהייט געוויזן די איבערזעצונג אַ העברעיִשן שרייבער, אַ יידיש־קעגנער און, יענער האָט אים געפרעגט: ווי קומט עס, לייבעל, וואָס דו, מיט אַזאַ העברעיִש, ביסט אַ יידישיסט? — האָט אים לייבעל מיט דער גאַנצער תּמימות זיינער, געענטפערט: אַזאַ יידי־שיסט בין איך — מיט העברעיִש...

ווי דניאל לייבעל איז אין פוילן געווען מיין ערשטער רעדאַקטאָר, אַזוי איז ער אין ארץ־ישׂראל געוואָרן דער פּאַטראָן איבער מיינע ערשטע ביכער צו וועלכע ער האָט מיט אַ געפיל פון סאַטיספאַקציע — געשריבן

צו זיי הקדמות, און מיט אַ סך וואַרעמקייט גערעדט וועגן זיי אויף עפנט־לעכע ליטעראַרישע אימפּרעזעס.

*

אויב פּאָעזיע איז ביי דניאל לייבעלן געווען נאָר אַ „האָבי" — קאָן מען דאָס נישט זאָגן וועגן זיין שרייבן ליטעראַטור־קריטיק צו וועלכער דעניש און קלאָרן קריטישן אַנאַליז. זיין הויפּטגעביט איז אָבער געווען דעניש און קלאָרן קריטישן אַנאַליז. זיין הויפּט־געביט איז אָבער געווען און געבליבן ביזן סוף פון זיין לעבן: פילאָלאָגיע און תנ"ך־פאָרשונג. צוליב זיינע תנ"ך־פאָרשונגען האָט ער זיך ביסלעכווייז דערווייטערט פון דער ליטעראַטור און, לסוף — זיך אָפּגעזאָגט פון צו זיין דער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דער פועלי־ציוניסטישער וואָכנצייטונג „ניי־וועלט" און, ער איז אַריבער וווינען אין ירושלים, ווו די גייסטיקע אַטמאָספערע פון דער פאַרהייליקטער שטאָט איז געאייגנט פאַר גייסטיקער אַרבעט, איבערהויפּט — פאַר תנ"ך־פאָרשונג.

די לעצטע אָפּהאַנדלונג וועגן דיכטונג, האָב איך געהערט פון ד. לייב־לען — אין יאָר 1964, אין ירושלים. גערעדט האָט ער טאַקע וועגן מיר — אויף אַן אָוונט לכּבוד מיינע פערציק יאָר לעבן און שאַפן אין ארץ־ישׂראל.

זיין לעצטע רעדע: זכרונות וועגן זיינע צענדליקער יאָרן אָנגעהערי־קייט צו דער לינקער פועלי־ציון־באַוועגונג, האָב איך געהערט פון אים אַ יאָר פאַר זיין טויט, אין לאָקאַל פון דער פּרץ־ביבליאָטעק ווו זיינע אַלטע פּאַרטיי־חברים און סימפּאַטיקער האָבן געפייערט זיין אַלט־ווערן 75 יאָר.

מיטן טויט פון דניאל לייבעל איז אַוועק אין דער אייביקייט אַן ערודיט, אַ שפּראַך־ און תנ"ך־פאָרשער, אַ שרייבער און ליטעראַטור־קענער, וואָס איז געווען דער ערשטער רעדאַקטאָר פון מיינע ערשטע לידער.

1968

# דרייסיק יאָר יחזקאל קאָרנהענדלער

מיט אַ פאַרשפּעטיקונג האָב איך זיך פון פּאַריזער „אַרבעטער־וואָרט" דערוווּסט, אַז מען האָט דאָרט געפייערט די דרייסיק־יאָריקע שריפטשטע־לערישע און קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון יחזקאל קאָרנהענד־לער.

האָט מיך די ידיעה זייער געפרייט, וואָס ענדלעך האָט זיך די פּאַרי־זער געזעלשאַפטלעכקייט דערמאָנט אָפּצוצאָלן קאָרנהענדלערן אַן אַלטן חוב און — איך האָב זייער באַדויערט, וואָס איך בין אויף דער דאָזיקער שׂמחה נישט געווען. איך גלויב, אַז דער בעל־שׂמחה אַליין האָט עס אַוודאי אויך באַדויערט, ווייל נישט נאָר שרייבער־קאָלעגן זענען מיר, נאָר פּערזענלעך־פאַרבונדענע מיט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט — כאָטש מער פון דרייסיק יאָר ליגט צווישן אונדז און ס׳טיילט אונדז פונאַנדער דער מיטללענדישער ים.

אין משך פון די איבער דרייסיק יאָר, וואָס איך בין אין ארץ־ישׂראל און קאָרנהענדלער אין פראַנקרייך — זענען מיר זיך צוזאַמענגעקומען בסך־הכל צוויי מאָל אין פּאַריז. דאָס ערשטע מאָל: אין יאָר 1937, ווען נאָך ניו־יאָרק, וואַרשע און ווילנע — איז פּאַריז געוואָרן דער פּערטער יידישער קולטור־צענטער, אין וועלכן ס׳איז אויך פאָרגעקומען דער ערשטער יידי־שער קולטור־קאָנגרעס, צו וועלכן איך בין דעלעגירט געוואָרן פון ארץ־ישׂראל. דאָס צווייטע מאָל זענען מיר זיך צונויפגעקומען אין פּאַריז אין יאָר 1949, ווען קאָרנהענדלער איז שוין געווען פון די געציילטע ביים לעבן־געבליבענע יידישע שרייבער און קולטור־טוער אין פראַנקרייך נאָך היטלערן; ווען ער איז שוין געהאַט אַרויס מיט זיין יידישן „זשאַקיז" — די „בריוו פון לעקטור", וואָס געשריבן האָט ער זיי אונטער די נעגל פון טויט; אונטער פיר יאָר נאַצישע הערשאַפט אין פראַנקרייך.

אַגב, אויף וויפל מיר איז באַוווּסט, זענען די דאָזיקע טיף־מענטשלעכע דאָקומענטאַרע „בריוו פון לעקטור״, ווי קאָרנהענדלערס פּריִערדיקע ווערק — כּמעט פאַרשוויגן געוואָרן מצד דער קריטיק. אַ באַקאַנטער יידישער שרייבער אין ישׂראל וואָלט קאָרנהענדלערן געזאָגט וועגן דעם, דאָס וואָס ער האָט מיר אַ מאָל געזאָגט: ווי זאָל מען וועגן דיר שרייבן, אַז דו טוסט גאָרנישט דערצו!...

אין דער צייט פון מיין אויפהאַלטן זיך אין פּאַריז פלעג איך מיט קאָרנהענדלערן בעת אונדזערע אָפטע באַגעגענישן אויפלעבן אין זכּרון אונדזער געמיינזאַמע יוגנט, און אויך די קינדער־יאָרן אין וואַרשע אין „טויטן־געסל״, די ניזקע, ווו מיר האָבן אין איין הויז און אין איין הויף זיך דערצויגן, געשפּילט זיך, פאַרשפּילט זיך, צעקריגט און צעשלאָגן זיך, געטרוימט און געחלומט און — נישט געחלומט, אַז מיר וועלן בלייבן שרייבער — נאָך דעם ווי מיר האָבן אין דער יוגנט אָנגעהערט צו אַ ליטע־ראַריש קרייזל צו וועלכן עס האָבן אויך אָנגעהערט קאָפּל דוואָ און די דיכטער שמואל וואָלמאַן און יוסף קירמאַן.

צוליב אונדזער בשותּפותדיקער קינדהייט, געמיינזאַמע יוגנטצייט און די זעלבע גורל־באַשטימונג צו ווערן שרייבער ביי יידן — וואָלט איך בשום אופן נישט געקאָנט אָנווענדן לגבי קאָרנהענדלערן די מאָס פון אָביעקטי־ווער קריטיק בנוגע זיין ליטעראַריש שאַפן; איינס אָבער, דאָס, וואָס מען קאָן ליידער נישט זאָגן וועגן אַ סך שרייבער — קאָן איך וועגן קאָרנהענד־לערן יאָ זאָגן: אונטער אַלץ וואָס ער האָט ביז איצט אָנגעשריבן, שטייט דער מענטש, ער, קאָרנהענדלער — אין שטענדיקן קאַמף פאַר עפּעס הע־כערס און בעסערס פון אַ „בולקע מיט פּוטער״, און דער עיקר פון אַלע עיקרים: אין שטענדיקן קאַמף פאַרן אמת, אַ קאַמף אַן אויסזיכטלאָזער ווי „אַ קול אין מדבר״, ווייל זעלטן ווער עס פאַרטראָגט אים, דעם אמת, איבערהויפּט ווען ער קומט פון אַן אומפּאַרטייאישן אַנאַרכיסטיש־אינ־דיווידואַליסטישן אידעאַליסט, ווי דאָס איז יחזקאל קאָרנהענדלער, דער נאַציאָנאַלער ייד און פּראָלעטאַרישער ציוניסט.

צוליב זיין אַנאַרכיסטיש־אינדיווידואַליסטישער וועלט־אָנשויונג האָט קאָרנהענדלער איבערהויפּט צווישן דער אַרבעטערשאַפט, וואָס דענקט אין

היפּוך צו אים — מאַרקסיסטיש־מאַטעריאַליסטיש — אַ סך קעגנער, אָבער נישט קיין פיינט.

ווי קאָן מען פיינט האָבן אַ מענטש, וואָס איז, ווי קאָרנהענדלער, פּעיִק אַזוי זיך מקריב־צו־זיין פאַר אַ מענטש און זיין אַזאַ איבערגעגעבענער טוער און חבר אַפילו פאַר אַ קעגנער?

ווי פערזענלעך, אַזוי איז קאָרנהענדלער אויך געזעלשאַפטלעך פול מיט אחריות און איבערגעגעבנקייט, און עס איז דערפאַר קיין ווונדער נישט, וואָס דער נאָמען קאָרנהענדלער געהערט צו די פּאָפּולערסטע נעמען פון יידישן פּאַריז. פּאָפּולאַריטעט האָט זיך קאָרנהענדלער אויך פאַרשאַפט אַ דאַנק זיינע עקסקורסיעס, וואָס ער פירט דורך אַלס מדריך און קענער פון דער געשיכטע פון יעדן שטיין און ציגל פון „אַלט פּאַריז". אָבער נאָך מער: פאַר זיין דער ערשטער צוצולייגן אַ האַנט צו יידיש־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

ווען מען זאָל פאַר אַזאַ „קלייניקייט" ווי: זיין אַ מענטש — געבן אַ פּרעמיע — האָט זיך עס קאָרנהענדלער שוין לאַנג פאַרדינט. אַזאַ פּרעמיע איז מער ווערט פון אַ ליטעראַטור־פּרעמיע, בפרט אין אונדזער פאַרווילדע־וועטער צייט, ווען שיינע ביכער זענען דאָ אַ סך און שיינע מענטשן — ווייניק.

איבערשיקנדיק צום בעל־יובל יחזקאל קאָרנהענדלער מיינע האַרציק־סטע גרוסן און ווונטשן — ווינטש איך אים, אַז צוזאַמען מיט נאָך אַ סך שעפערישע יאָרן זאָל דאָס אמתדיקע וואָרט זיינס מער נישט בלייבן „אַ קול אין מדבר".

---

פּ. ס.

ביז מיינע עטלעכע צענדליק שורות וועגן קאָרנהענדלערס דרייסיק יאָר פּאַריז האָבן זיך דערוואַרט צו ווערן פאַראייביקט אין מיין איצטיקן בוך, האָט שוין קאָרנהענדלער באַוויזן נישט נאָר רייכער צו ווערן מיט נייע, זייער ווערטפולע ווערק, נאָר רייכער צו ווערן מיט דערפאַרונג פון יאָרן און צו פייערן זיין 70סטן געבוירן־טאָג — עד מאה ועשׂרים!

# צו נתן אַלטערמאַנס ערשטן יאָרצייט

אין די ערשטע יאָרן פון מיין זיין אין „פּאַלעסטינע", ווען כ'האָב זיך שוין געהאַט אַקלימאַטיזירט אַפילו מיט די כאַמסינען און איינגעלעבט זיך מיטן קאָלאָריט פון דער נייער לאַנדשאַפט און נייער ווירקלעכקייט; געוואָרן, הייסט עס, אַן „אייגענער" אין דער משפחה פונעם קליינעם יידישן ישוב — האָט מיך עמעץ אין אַ שבת פאַרמיטאָג אין תל־אביב, אַריינגע־פירט אין אַ נישט־גרויס קאַפעהויז אויף אַלנבי נישט ווייט פון ים. געהייסן האָט דאָס קאַפעהויז „שלג לבנון" און געדאַרפט האָט עס זיין דער תל־אביבער „מאָנפּאַרנאַס" פאַר די אויפגייענדיקע יונגע העברעישע שרייבער און קינסטלער.

נישט געקוקט אויף דער פריִער שעה, איז דאָס קאַפעהויז געווען אין גאַנצן באַזעצט. איבערהויפט זענען שטאַרק געווען באַזעצט צוויי צונויפגערוקטע טישלעך, אויף וועלכע ס'איז געשטאַנען אַ גרויסע פלאַש קאָניאַק און גלעזלעך פאַר אַ גאַנצער כאַליאַסטרע יונגע בחורים און עטלעכע מייד־לעך; חברה האָט זייער הייטער און הויך גערעדט און געטרונקען, נאָר די צענטראַלע פיגור פון דער גאַנצער כאַליאַסטרע האָט אויסגעזען צו זיין דער ייִנגסטער פון אַלע — אַ בחורל וואָס האָט ווייניק גערעדט און מיט אַ פּאָר אָנגעצונדענע אויגן געהאַלמעט אין איין אונטערוויגן זיך, פון צייט צו צייט אַריינגעוואָרפן אין דער כאַליאַסטרע אַ וואָרט פון וואָס אַלע האָבן אויסגעשאָסן מיט געלעכטער. מיין באַגלייטער האָט מיר פון דער ווייטן אָנגעוויזן אויף אים און באַמערקט: — אָט דער־אָ, וואָס שאָקלט זיך אַזוי און איז שוין גוט „אונטערן גלעזל", איז אַ פיל־צוזאָגנדיקער יונגער העב־רעישער דיכטער, זיין נאָמען איז נתן אַלטערמאַן.

פערזענלעך באַקאַנט מיט אַלטערמאַנען האָב איך זיך אין אַ צייט אַרום, שוין נישט אין „שלג לבנון", נאָר ביי כאַצקלען אין קאַפעהויז „כסית", וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן דער „אמתער" „מאָנפּאַרנאַס"

פאַר דער תל־אביבער שרייבער־ און קינסטלער־באַהעמע אויף דיזענגאָף.
בעת כ׳בין איין מאָל אין אַ יום־טוב־טאָג אַריינגעקומען אין „כסית״, ווו ס׳האָט געררישט ווי אין אַ בינשטאָק מיט יונגוואַרג, האָב איך ווידער דער־זען אַלטערמאַנען זיצן ביי אַ פלעשל קאָניאַק — אַרומגערינגלט מיט זיינע פאַרערער און פאַרערערינס, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך אויך געפונען דער ערשטער יידישער דיכטער מיט וועלכן כ׳האָב זיך באַקענט אין ארץ־ישראל: דער געוועזענער זעלנער אינעם יידישן לעגיאָן — שמחה אייזן, מיט וועמען די העברעיִשע יונגע שרייבער האָבן זיך געחברט פאַר זיין קאָנען טרינקען און געבן צו טרינקען...

אַז אייזן, דער „שר המשקה״ ביים באַהעמישן טיש, האָט מיך דערזען איינעם אליין זיצן אין אַ ווינקל, האָט ער אָנגעגאָסן נאָך אַ כוסה, צוגערוקט נעבן זיך נאָך אַ שטול און, צורופנדיק מיך צום טיש — הויך אַ זאָג־געטאָן מיין נאָמען, און אַלע האָבן אויסגעטרונקען לכבוד מיר, דעם אומבאַקאַנטן אין דער געזעלשאַפט. ערשט אין דער מיטאָג־שעה, ווען חברה האָט אָנגע־הויבן אייננציקווייז אַרויסרוקן זיך פון „כסית״ און ביים טישל זענען נאָר געבליבן: אַלטערמאַן, אייזן און איך — האָט אַלטערמאַן, אונטערשאָק־לענדיק זיך אויף זיין שטייגער, געזאָגט מיר, אַז מיין נאָמען איז אים באַקאַנט נאָך פון וואַרשע, ווו אויך ער איז געבוירן געוואָרן; אַז אין וואַר־שע האָט ער געלערנט און געענדיקט אַ העברעיִשע שולע און אַז נישט יידיש, נאָר העברעיִש איז זיין מאַמע־לשון... פון דעסטוועגן — האָט ער צוגעגעבן — וואָלט איך וועלן זיך באַקענען אויך מיט אייערע לידער.

בעת מיין צווייטער באַגעגעניש מיט אַלטערמאַנען, נישט אין „כסית״, נאָר אין אַ דריטער „פיליע״ פונעם „מאָנפאַרנאַס״ — אויף כיכר דיזנגוף, אינעם קליינעם קאַפעהויז „קנקן״ — האָב איך אים געשענקט מיין ערשטע זאַמלונג ארץ־ישראל־לידער „אין זוניקן לאַנד״, וואָס איז אים, ווי ער האָט מיר שפּעטער געזאָגט, זייער געפעלן; באַזונדערס געפעלן איז אים, דאָס ליד „ביי אונדז אַ קינד״, וואָס ער האָט מיט נאָך עטלעכע פון מיינע לידער איבערגעזעצט אויף העברעיִש און זיי איבערגעגעבן ווי אַ ביישטייער פאַר מיין ערשטער זאַמלונג איבערגעזעצטע לידער, וואָס זענען אין יאָר 1945 דערשינען אונטערן נאָמען „מן הטנא״.

אַ דאַנק מיין ערשטער זאַמלונג לידער אין העברעיִש, האָט זיך אַל־טערמאַנס פּאַראינטערעסירונג מיט מיר פּערזענלעך אַזוי געשטאַרקט, אַז ער האָט פון מיין יעדער יידישער לידער־זאַמלונג, וואָס כ׳פלעג שפּעטער אַרויסגעבן — געהייסן זיך געבן אַ צאָל עקזעמפּלאַרן, פאַר וועלכע ער פלעגט מיר צוריקברענגען דעם פולן באַטרעף פאַר זיי און נישט איין מאָל — נאָך מער וויפל די ביכער האָבן באַטראָפן... אַז זיינע קאָלעגן העברעיִ־שע שרייבער האָבן אים איין מאָל הינטער מיינע פּלייצעס אַ פרעג געטאָן וואָס ער האָט אַזוינס דערזען אין מיר, וואָס ער פאַרנעמט זיך אַזוי מיט מיינע לידער, האָט ער געענטפערט: ווייניק וועך פון אונדז איז אַזוי פאַר־ליבט אין ארץ־ישראל — ווי ער, אַ שאָד נאָר וואָס ער שרייבט יידיש...

צוליב אַלטערמאַנס באַזונדערער באַציִונג צו מיר, בין איך, ווי איך האָב עס שוין דערמאָנט אין איינס פון מיינע בלעטלעך וועגן יידיש אין ארץ־ישראל, געווען דער איינציקער יידישער שרייבער אין דער יידישער „מדינה אונטערוועגנס״ — ווען אַ גרופּע יונגע העברעיִשע שרייבער מיט אַלטערמאַנען בראש, האָבן איינגעלאַדן צו באַטייליקן זיך מיט יידיש אויף עטלעכע זייערע ליטעראַרישע אימפּרעזעס.

ווי איך האָב שוין פריִער באַמערקט, איז אַלטערמאַן געווען נישט נאָר קעגן יידיש אין ארץ־ישראל, נאָר קעגן יידיש בכלל. ער איז אָבער קיין מאָל נישט אַרויסגעטראָטן קעגן יידיש עפנטלעך, ווי עס האָט עס געטאָן נישט איינער פון די העברעיִשע שרייבער, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך אויך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געלעבט פון יידיש, שרייבנדיק אין דער אויסלענדישער יידישער פּרעסע.

איך געדענק נישט נאָך אַ דיכטער (אויסער ביאַליקן) וואָס זאָל אין ארץ־ישראל האָבן געווען אַזוי פּאָפּולער און אַזוי באַליבט ווי נתן אַלטער־מאַן — איבערהויפּט אין די יאָרן ווען ער האָט אין „דבר״ אין זיין „טור השביעי״ פאַרעפנטלעכט זיינע שפּילעווודיקע, שאַרפזיניקע פּזמונים, וואָס האָבן דערמאָנט איינעם פון די גרעסטע יידיש־פּוילישע דיכטער: יוליאַן טווים. ווי טווים, האָט אַלטערמאַן געשריבן גלענצנדיקע סאַטירישע לי־דער און סקעטשן פאַר דער קליינקונסט־בינע; געשריבן אויך ערנסטע פּיעסן און אין די שפּעטערדיקע יאָרן — שאַרפע פּאָלעמישע אַרטיקלען,

אין וועלכע ער האָט רעאַגירט אויף געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע דער־שיינונגען — נישט זייענדיק געזעלשאַפטלעך אָדער פּאָליטיש אַנגאַזשירט אין וועלכער ס׳איז פּאַרטיי, אַפילו אין דער, צו וועלכער ער האָט אידעאָ־לאָגיש אָנגעהערט, צו מפא״י.

ווייט פון קאָנען זיך קהלן און פון זיין „אָרגאַניזירט״, האָט נתן אַל־טערמאַן אַפילו נישט אָנגעהערט צום העברעיִשן שרייבער־פאַראיין, הגם ער איז צווישן די שרייבער און קינסטלער געווען דער לעבעדיקסטער נערוו.

דער אַכזריותדיקער טויט האָט אים פרי אַרויסגעריסן און געלאָזט אין דער נייער העברעיִשער דיכטונג אַ גרויס ליידיק אָרט.

# אַ פאַרשוויגן געזאַנג

## (נאָכן טויט פון אלכסנדר פּען ז״ל)

אין מיין בוך „היימישע און נאָענטע", אין די בלעטלעך דערמאָנונגען, האָב איך שוין באַמערקט, אַז פון דער פּלעיאַדע העברעיִשע שרייבער, וואָס זענען אין די צוואַנציקער, אָנהייב דרייסיקער, יאָרן אויפגעקומען צוזאַמען מיטן באַנייטן אַרבעטנדיקן ארץ־ישׂראל — האָב איך דערוואָרבן פון זיי צוויי־דריי העברעיִשע פריינד, וואָס איינער פון זיי איז געווען דער דיכ־טער אַלכסנדר פּען, וועלכער איז אין לאַנד אַריין געקומען אַ צוויי־דריי יאָר פריִער פאַר מיר; געקומען פון ראַטנפאַרבאַנד, אַ סיביריאַק, אַ געווע־זענער באָקסער, אַ יונגער רוסישער דיכטער — אונטערן איינפלוס פון מאַיאַקאָווסקיס רעוואָלוציאָנערן מאָדערניזם, יעסענינס אימאַזשיניזם און פּאַסטערנאַקס אינטעלעקטואַליזם.

די העברעיִשע באַהעמע, שרייבער און קינסטלער פון יענער צייט, האָט אַפילו געהאַלטן, אַז אַלכסנדר פּען איז געקומען נישט נאָר דיכטעריש באַאיינפלוסט פון די דריי אויבן דערמאָנטע גרויסע רוסישע פּאָעטן, נאָר — אימפּאָרטירט אויך זייערע באַהעמישע, עקסטראַוואַגאַנטע געננ. דאָס איז אָבער, נאָך מיין מיינונג, געווען ווייט נישט ריכטיק. מעגלעך, אַז אין פּענס שאַפן האָט ווי ביי אַ סך דיכטער אין ראַטנפאַרבאַנד זיך געפילט די השפּעה פון יעסעניגען, פּאַסטערנאַקן און, דער עיקר — פון מאַיאַקאָווסקין, וועמען ער האָט באַזונדער פאַרערט און אַפילו זייער אַ סך איבערגעזעצט אין העברעיִש — האָט פּען פון דעסטוועגן געהאַט זיין אייגענע פיזיאָגנאָ־מיע סיי אין זיין דיכטונג און סיי אין זיין פּערזענלעך ליבן.

שוין דאָס אַראָפּלאָזן זיך מיט זיין אַטלעטישער, בלאָנדער שיינקייט, פון זיין רוסיש געבוירן־לאַנד, פון אַ קאַלטן פּלאַנעט אין לאַנד פון

כאַמסינען — איז פּען געווען אַ דערשיינונג וואָס האָט געצויגן די אויפֿ־מערקזאַמקייט — פֿריִער פֿון אַלע — פֿונעם „שיינעם מין" און דערנאָך — פֿון דער שרייבערישער באַהעמע אין וועמענס געזעלשאַפֿט אַל. פּען איז ווי אין יעדער געזעלשאַפֿט — געווען אַ יוצא דופן. אַ קאָנטיקער, אַן אַרויס־רופֿערישער, ווי גרייט שטענדיק אויפֿצונעמען אַ פּאַרמעסט... ער איז גע־ווען, ווי מען זאָגט דאָס אויף העברעיִש: איש לא נוח, מען האָט זיך גע־דאַרפֿט צו אים פֿריִער גוט צוגעווינען, אַז מען זאָל קאָנען מיט אים געמיט־לעך זיצן, טרינקען מיט אים אַ „גלעזל" און הערן אים זינגען. פּען האָט אַלע דריי זאַכן גוט געקאָנט: געקאָנט לאַנג זיצן, געקאָנט, הייסט עס, טרינקען (און נישט שיכּור־זיין) און געקענט זינגען, ווי ס'קאָן נאָר זינגען אַ „רוסקי טשעלאָוויעק": מיט אַ טיפֿער שטים און ברייטן אָטעם.

אויך מיין באַקענען זיך מיט פּענען איז געקומען דורך געזאַנג: בעת כ'בין איין מאָל אין אַ פּאַרנאַכט אַריינגעקומען אין איינעם פֿון די קאַפֿע־הייזער, ווו עס פֿלעגט זיך צונויפֿקומען די באַהעמע אויפֿן תל־אביבער „מאָנפּאַרנאַס", אויף דיזנגוף — איז ווי זיין שטייגער איז געווען — גע־זעסן אין „זיין" שאָטנדיק ווינקל, אַלכּסנדר פּען אין געזעלשאַפֿט פֿון עט־לעכע פֿון זיינע יונגע פֿאַרערער און פֿאַרערערינס וואָס האָבן אים צוגע־האַלפֿן „פֿירן טיש": געטרונקען מיט אים און שטיל מיט אים מיטגעזונ־גען; מיט אַ מאָל זענען אַלע שטיל געוואָרן און ס'האָט זיך דערהערט נאָר פּענס סאַמעט־ווייכע באַריטאָן־שטים זינגענדיק פֿון זיין באַליבטן רוסישן רעפּערטואַר, וואָס איז פֿול געווען מיט נאָגנדיקער נאָסטאַלגיע: היות זיין זייער געפֿילפֿול זינגען איז מיר זייער צוגעפֿאַלן צום האַרץ, האָב איך זיצנדיק אַ צוויי טישלעך ווייטער פֿון אים — אונטערגעכאַפּט דעם מאָטיוו און ווי פֿאַר זיך — געזונגען מיט אים די „צווייטע שטים"; אַז פּען האָט דערהערט און דערזען ווער עס באַגלייט אים, האָט ער איבערגעריסן דאָס זינגען און אומבאַקאַנט פֿאַר אים — מיך פֿאַרבעטן צום טישל, מיך מכבּד געווען מיט אַ „גלעזל" און געבעטן „אונטערהאַלטן" אים בעתן איבערזינ־גען דאָס זעלבע ליד און נאָך אַנדערע לידער.

צוליב זיין געפֿינען אין מיר אַ גוטן מיטזינגער, האָב איך אין פּענען געפֿונען אַ גוטן פֿריינד און אַפֿילו אַן אינטערעס צו באַקענען זיך מיט

מיינע לידער, וואָס ער האָט, נישט קאָנענדיק קיין יידיש — נישט געקאָנט זיי לייענען און געמוזט זיך פאַרלאָזן אויף דער מבינות פון אַנדערע... ס׳האָט אָבער נישט לאַנג גענומען און, פון האָט זיך ביי מיר אויסגעלערנט יידיש אויף אַזוי פיל, אַז ער האָט שוין אַפילו זייער געלונגען איבערגע־זעצט עטלעכע לידער מיינע אויף העברעיש און כ׳האָב זיך דערפאַר רע־וואַנזשירט מיט אים און אים איבערגעזעצט עטלעכע לידער אויף יידיש.

כ׳האָב שוין ערגעץ ווו דערמאָנט, אַז כ׳בין אַ מאָל אַרומגעפאָרן מיט פּענען איבער די קיבוצים — אין בשותפותדיקע אַרויסטרעטונגען מיט אונדזערע שאַפונגען; ער — מיט העברעיש, און איך — מיט יידיש. אין שייכות מיט דעם, וויל איך נאָך צוגעבן אַ קורצן, פריילעכן עפּיזאָד:

באַקומענדיק אין יעדן קיבוץ אַ געוויסן האָנאָראַר פאַר אונדזער אויפ־טריט, האָט פּען מיר געגעבן צו האַלטן די „קאָסע" — מחמת ער האָט מורא געהאַט ער זאָל אויפן וועג נעמען טרינקען פון דעם געלט און, פאַרטרינקען אויך מיין חלק... אָבער נישט קאָנענדיק ביישטיין דעם יצר הרע און נישט טרינקען — האָט ער געהאַלטן אין איין נעמען ביי מיר נאָר אויף אַ „גלעז־זעלע" און, ביז מיר זענען צוריק געקומען קיין תל־אביב — איז אין דער קאָסע נישט געבליבן קיין איינציקער פּיאַסטער פאַר מיר...

דריי חדשים פאַר אַלכסנדר פּענס טויט, האָב איך אין ראַדיאָ געהערט אַ שמועס מיט אים, און פּען האָט מיט אַ זייער שוואַך, קראַנק קול גע־פרעגט: פאַר וואָס האָט מען אַזוי פיל גערעדט וועגן מיין פיזישער שיינ־קייט, וועגן מיינע ליבעס, דערפאָלג ביי פרויען, אַפילו וועגן מיין טרינקען און — כמעט גאָרנישט וועגן מיינע לידער, אַפילו נישט וועגן יענע לידער, וואָס מען האָט זיי אַמאָל אַזוי פיל געזונגען?...

איך מיין, אַז דאָס וועלן, נאָך ביים לעבן, טויט־פאַרשווייגן אַלכסנדר פּענען דעם דיכטער, ליגט אין איינס פון די צוויי סיבות: אָדער פאַר זיין נישט איינגיין אויף פשרות און קאָנפאָרמיזם — ביז צו עקסטרעמען ליני־קיזם, אָדער — די קאַרגשאַפט פון געוויסע פּען־מענטשן — צו שענקען אַ ביסל וואַרעמע אויפמערקזאַמקייט יענעם, פון וועמען זיי קאָנען נישט דערוואַרטן, צו ווערן דערפאַר אָפּגעצאָלט כפלים...

דריי חדשים שפּעטער — נאָך אַלכסנדר פּענס טויט, האָט זיך די גאַנצע העברעיִשע פּרעסע ברייט צעשריבן װעגן אים, ווי װעגן איינעם פון די באַדייטנדיקסטע העברעיִשע פּאָעטן.

זאָל מען עס טאַקע האָבן סוף־כל־סוף אָפּגעשאַצט די גרויסע ווערטן פון פּענס דיכטונג? אָדער — דאָס האָט מען זיך אַזוי צעשריבן װעגן אים אונטערן רושם, וואָס אַל. פּען, דער „בעזבאָזשניק", האָט אין זיין צוואה געהייסן אַ גאַנץ יאָר זאָגן נאָך זיך קדיש?...

# מיין ברודער לוי, דער פראָזאַיקער

אַז צוויי ברידער, און אַפילו מער ווי צוויי, זאָלן זיין שרייבער — איז אין דער ליטעראַרישער וועלט נישט קיין נייעס. נאָר אַז איין ברודער זאָל געבן אַן אַריינפיר־וואָרט צו אַ בוך פונעם צווייטן ברודער, ווי איך האָב עס געטאָן אין מיין ברודער לויס ערשט בוך „אין דער נייער היים" — איז, מיין איך, יאָ אַ שטיקל נייעס. איך מיין אָבער נישט צו געבן קיין אָפּהאַנדלונג וועגן זיין בוך — מחמת איך שרייב פרינציפיעל נישט וועגן ביכער, און וואָלט איך, בנוגע מיין ברודער געוואָלט מאַכן אַן אויסנאַם און יאָ שרייבן — קאָן איך עס נישט טאָן, שוין דערפאַר, ווייל כ'בין נישט זיכער צי כ'וואָלט דערצו פאַרמאָגט די נויטיקע אָביעקטיוויטעט.

חוץ מזה: ווי שרייבט מען עס קריטיק איבער אַ בוך, וואָס איז נאָך נישט דערגאַנגען צו דער עפנטלעכקייט — צום לייענער?!

וואָס איך בין יאָ אויסן־געווען מיט מיינע געציילטע שורות, איז: איבערנעמען דאָס „קוואָטערשאַפט" פון מיין ברודער לויס ליטעראַרישן „ערשטלינג", וואָס איז ביי אים געבוירן געוואָרן נאָך באמת גרויסע חבלי לידה. איך וויל אים, הייסט עס, אָפיציעל אַריינפירן אין דער יידישער שרייבער־משפחה און אין דער יידישער ליטעראַטור, צו וועלכער ער איז מיט זיין בוך דערציילונגען געקומען אין איר טראַגישסטער צייט פאַר איר פאָלקס־לשון — יידיש, און במילא — פאַר דער יידישער ליטעראַטור — נאָכן אומקום פון אַ דריטל פונעם יידישן פאָלק.

„אין מיין עלטער, ווען שרייבער הייבן שוין אָן טראַכטן וועגן אויפהערן שרייבן — הייב איך ערשט אָן" — האָט מיר דער ברודער מיינער געזאָגט, אין שייכות מיט זיין גרויסער תשוקה צום שרייבן. דער אמת איז אָבער, אַז עטלעכע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער נאָך אין וואַרשע דעביוטירט מיט זיינע ערשטע ליטעראַרישע שאַפונגען אין דער דאָרטיקער אַרבעטער־פּרעסע — זייענדיק אַליין אַן אַרבעטער, אַ שטוב־

מאַלער. ער האָט אָבער נישט באַוויזן צו שלאָגן וואָרצלען אינעם ליטעראַרישן נאָכוווּקס אין יידיש־פּוילן. ער האָט אין יאָר 1939, בעת דער אינוואַזיע פון היטלערס האָרדעס אין פּוילן — צוזאַמען מיט הונדערטער טויזנטער יידן געלאָזט זיך אין גרויס בהלה צו די רוסישע גרענעצן, כדי זיי צו „שוואַרצן" און — ראַטעווען זיך פון די נאַצישע נעגל.

נאָך עטלעכע יאָר פאַרוואָרפן זיין מיט פרוי און קינדער אין טיף־רוסלאַנד, — האָט זיך מיין ברודער, אַ פיזיש און גייסטיק דערשעפּטער, אומגעקערט אין חרובן פּוילן און נישט האָבנדיק דאָרט צו וואָס צו בלייבן — אַריבער קיין דייטשלאַנד און, דורך די די. פּי־לאַגערן אין בערגען־בעלזען — אָנגעקומען אין מדינת ישראל, אין יאָר פון איר אויפקום.

געפינענדיק אין ישראל אַ נייע היים מיט אַ ניי לעבן, וואָס איז פול און רייך מיט נייעם אינהאַלט — האָט זיך אין מיין ברודער לוי אויף ס׳ניי דערוועקט דער ווילן צו נעמען זיך צו דער פען, וואָס די פרוכט פון איר זענען די דערציילונגען פונעם ערשטן בוך „אין דער נייער היים"; דאָס צווייטע בוך — די נאָוועלן „די משפחה יעלניק"; דאָס דריטע בוך דערציילונגען „פון היינט און אַמאָל", און אַ בוך דערציילונגען אין העבּרעיִש — „בעד אשנבי" — איבערגעזעצט פון שמאי מאַגדעל.

כדאי צו באַמערקן, אַז די דאָזיקע גייסטיקע פרוכט, האָט מיין ברודער אויסגעטראָגן ביי פיזיש־שוואַרצער אַרבעט אין חיפה׳ער פּאָרט.

# 40 יאָר נאָך יעסענינס טויט

עס ווערט פערציק יאָר זינט דער רוסישער פּאָעט סערגיי יעסענין האָט אין עלטער פון דרייסיק יאָר געמאַכט אַ סוף צו זיין אומרויק, באָהעמיש לעבן.

ס׳איז שווער צו זאָגן, וואָס פאַר אַן אָרט יעסענין וואָלט פאַרנומען אין דער היינטיקער רוסישער ליטעראַטור פון סאָצרעאַליזם — ווען דעם אויבנאָן אין דער דיכטונג פאַרנעמט דער יונגער יעווגעני יעווטושענקאָ, וואָס האָט זיין גרויסע פּאָפּולאַריטעט צו פאַרדאַנקען נישט אַזוי דעם טאַלאַנט זיינעם, ווי זיין „געוואַגט" ליד „באַבי־יאַר": זיין „זשאַקיז" קעגן דעם אָפענעם און באַהאַלטענעם אַנטיסעמיטיזם אין ראַטנפאַרבאַנד.

ס׳איז אויך שווער צו זאָגן ווי די אָפיציעלע טאָנגעבער פונעם איצטיקן פּאָליטיש־מילדן קורס לגבי דער סאָוויעטישער ליטעראַטור, וואָלטן זיך היינט באַצויגן צו יעסענינען, דעם אינדיווידואַליסט.

יעסענין, דער דיכטער פון טעמפּעראַמענט און ווידערשפּרוך; דער זינגער און באַזינגער פון דאָרף און דאָרפישקייט און, דער בונטאַר קעגן אַלץ, וואָס איז נישט געווען פאַר זיין באַנעם און געפיל — האָט נאָך רעכט נישט צעקייענדיק דעם זין און דעם ציל פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע — זי אויפגענומען מיט ברייטע אָרעמס — שוין בלויז דערפאַר וואָס אין זיין היימלאַנד טוט זיך עפּעס; וואָס עס האָט געפּלאַצט דאָס דיקע אייז פון דערשלאָגנקייט און אַפּאַטיע ביים רוסישן פאָלק, וואָס האָט אין משך פון הונדערטער יאָרן געקנעכטיקט און געקרעכצט אונטער די שטיוול פון די צאַרישע סאַטראַפּן.

יעסענין, וואָס איז נאָכן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע, אַריבער פון דאָרף אין שטאָט, פלעגט, אַ מבולבלער, זיך אַרומדרייען איבער די אויפגעברויזטע גאַסן פון מאָסקווע און אַ פאַרכאַפּטער אַנטקעגנגיין יעדן מאַסן־אויפמאַרש; שטופּן זיך צו די פאָדערשטע רייען און — בלייבן פון

הינטן; זיך געפּלאָנטערט צווישן פיס און רעדער און — געבליבן אַ „פּאַ־פּוטשיק“, אַ מיטלויפער, ווי ער אַליין האָט געזאָגט וועגן זיך אין זיינע צייטלידער. יעסענין האָט, בחוש, געפילט דעמאָלט, אַז ער וועט צעטראָטן און צעריבן ווערן פון די, וועמען ער האָט באַזונגען פאַר זייער אַנט־שלאָסנקייט און, זיי נישט פאַרטראָגן — פאַר זייער האַרטן אומרחמנותדיקן גאַנג...

נישט לאַנג איז אָבער יעסענין אַזוי פאַרכאַפּט געווען פון דעם, וואָס ער האָט אַזוי באַזונגען.

אין ניכטערער ספקות צום „ליכטיקן מאָרגן“, וואָס די רעוואָלוציע האָט צוגעזאָגט, האָט ער אָנגעהויבן פאַרטרינקען זיין גרויסע בענקשאַפט צוריק צום דאָרף, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט און נישט דערקענט שוין נאָך זיין אַהיימקומען. אויך דאָס דאָרף האָט זיך אויפגעוועקט ווי פון אַ לאַנגן לעטאַרגישן שלאָף; אויך דעם דאָרף האָט מען אויסגעטאָן פון אַלע הייליק־טימער; פון די צערקווועלעך אַראָפּגענומען די גלעקער און אין די פויע־רישע כאַטעס — אויפן אָרט פון צאַר ניקאָלאַיס פּאָרטרעט — אויפגע־האָנגען לענינס.

יעסענין האָט זיך, ממש, געבראָכן אונטער דער לאַסט פון דער גרוי־סער, גורלדיקער צייט אין וועלכער ער האָט געלעבט און מיט איר נישט מיטגעלעבט — נישט קאָנענדיק אונטערוואַרפן זיך איר פאָדערונג: שטעלן די פען אין דינסט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

ווי ס'איז באַוווּסט, איז יעסענין באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך אויפ־שניידן זיך די אָדערן פון די הענט.

דער שפּעטער פונעם מאָדערנעם רעוואָלוציאָנערן ליד, וולאַדימיר מאַ־יאַקאָווסקי, האָט, שרייבנדיק וועגן יעסענינס טאַט, אים אָנגערופן דעזערטער.

איך דערמאָן עס, ווייל אָנרופן אַ שרייבער דעזערטער — אַפילו נאָך זיין טויט — האָט אין יענער צייט געהייסן: אַ טויטאורטייל אויף זיינע ביכער, וואָס טאָרן מער נישט דערשיינען, אָדער זיי דאַרפן פאַרשווונדן ווערן, אַז קיין אויג זאָל זיי מער נישט אָנזען...

צום גליק פאַרן לייענער פון עכטער, גוטער פּאָעזיע, איז דעמאָלט נישט געשען אַזוי ווי מאַיאַקאָווסקי האָט געמיינט... די רוסישע ליטעראַטור

האָט, ווייזט אויס, נישט געקאָנט אַזוי לייכט מוותר זיין אויף יעסענינען און זיינע לידער זענען נישט נאָר נישט פאַרשוווּנדן געוואָרן, נאָר פאַר־קערט: דערשינען אין נייע אויפלאַגעס, וועלכע מאַיאַקאָווסקי האָט נישט דערלעבט צו זען, מחמת ער האָט עטלעכע יאָר נאָך יעסענינס טויט, אויך „דעזערטירט": באַגאַנגען זעלבסטמאָרד...

פערציק יאָר שוין נאָכן טויט פון אַ וווּנדערלעכן פּאָעט, אַ דיכטער, אַ בונטאַר קעגן אַלץ און אַלעמען און קעגן זיך אַליין; אַ דיכטער, וועמען מען פלעגט מוחל זיין זיין באָהעמישע צעכראַסטעטקייט, זיין שיכורן און סקאַנדאַלעוועןן — ווי מען איז מוחל אַ זייער גראָטן קינד, פון וועלכן מען דערוואַרט נאָך אַ סך נחת...

עד היום לעבט יעסענינס אָנדענק אויך אין דער וועלטדיכטונג און אין די שאַפונגען פון נישט איין רוסישן און נישט־רוסישן דיכטער, וועמען ער האָט באַווירקט מיטן טיפן ליריזם און פאַרבנרייכע אימאַזשן פון זיינע לי־דער, וואָס זענען אָנגעלאָדן מיט אַלע ריחות און זאַפטן פון אַ זעקסטל פון דער ערד, וואָס הייסט רוסלאַנד.

1966

# דער מאָלער אַברהם גוטערמאַן

אין דער לאַנגער, טרויעריקער רשימה, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו לייענען וועגן די אומגעקומענע יידישע קינסטלער אין פוילן נאָך דער היטלער־אינוואַזיע, האָב איך כמעט נישט געזען דערמאָנט דעם מאָלער אברהם גוטערמאַן, מיט וועמען כ׳בין פּערזענלעך געווען זייער באַפריינדעט זינט דעם יאָר 1929 נאָך מיין קומען פון ארץ־ישׂראל אויף אַ באַזוך קיין פוילן, אַ באַזוך, וואָס האָט צוליב נישט פאָרויסגעזעענע סיבות אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1933, און אין משך פון די פיר יאָר זיין אין פוילן, אין מיין גע־בורטשטאָט וואַרשע, פלעג איך גוטערמאַנען באַזוכן כמעט יעדע וואָך און אָפט צוויי מאָל אין דער וואָך.

גוטערמאַן, אַ געבוירענער אין דער זעלבער שטאָט וואָס דער גרויסער שרייבער יוסף אָפּאַטאָשו, אין מלאַווע, * האָט געוווינט אין סאַמע צענטער פון יידיש־וואַרשע: אויף דזשעלנע, אַנטקעגן דעם „פּאַוויאַק", וואָס האָט אַרומגענומען שטיקער פון די גאַסן דזשיקע, פּאַוויע און סמאָטשע; געוווינט האָט ער אויף אַ דריטן אָדער פערטן שטאָק, אין אַ הויז ווי אַ קאַסטן, אין וועלכן עס האָט פונעם קעלער ביז צום בוידעם — געוווינט די יידישע אָרעמקייט. פאַרנומען האָט גוטערמאַן אַ דירה פון צוויי קליינע צימערן מיט אַ קיך, וואָס איז קאַלט און טונקל געווען אַפילו אין די זוניקסטע טעג

---

* שוין נאָכן פאַרעפנטלעכן אין די „לעצטע נייעס" מיין אַרטיקל וועגן דעם מאָלער אברהם גוטערמאַן, האָט מיר דער דיכטער יוסף רובינשטיין פון ניו־יאָרק געשריבן, אַז ווי ער איז אינפאָרמירט, שטאַמט גוטערמאַן נישט פון מלאַווע, נאָר פון נאָווידוואָר. ער שרייבט מיר אויך, אַז גוטער־מאַן האָט אַ קורצע צייט געלערנט אין דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע און, אַז קיין קראָקע איז ער פון וואַרשע געגאַנגען צו פוס...

אין זומער און, אין וועלכער ס'האָבן זיך אַפילו ביי טאָג אַרומגעדרייט ווי צוויי שאָטנס — גוטערמאַנס מאַמע, אַן אַלמנה, און אַ פאַרזעסענע שוועס־טער...

די אַטעליע גוטערמאַנס איז געווען דאָס שלאָפצימער אין וועלכן עס זענען געשטאַנען צונויפגערוקט צוויי הילצערנע בעטן, איבערגעדעקטע מיט שטאַרק־אויסגעריבענע פלושענע דעקעס, נאָך פון טאַטע־מאַמעס חתונה־צייט, און צווישן די בעטן און פענצטער — אַ מאָלבערט, און אין די ווינקלען, אויף דר'ערד — בילדער, לייוונטן און רעמען, אַרום וועלכע גוטערמאַן האָט זיך אַרומגעדרייט מיטן פענדזל און געזוכט אַן אָרט ווו צו שטיין און, אַ ביסל ליכט אויף צו זען וואָס ער מאָלט...

וואָס אַן אמת, האָט גוטערמאַן קיין סך פּלאַץ אין זיין „אַטעליע" נישט פאַרנומען, ווייל ער איז געווען פון קליינעם, אָבער ברייטן וווקס: געהאַט אַ גרויסן קאָפּ מיט ווילד־צעוואַקסענע העלע האָר ווי פלאַקס; אַ ברייט פּנים מיט אַ ברייטער נאָז; ווייצענע ברעמען, בלאָע אויגן, און אויסגעזען האָט ער ווי אַ תמימותדיק, גוטמוטיק פויערל אין שטאָט...

ווי איך האָב שוין דערמאָנט בין איך ביי גוטערמאַנען געווען אַן אָפּ־טער אַריינגייער; איך בין אָבער נישט געווען דער איינציקער אַריינגייער. מען האָט ביי אים אָפט געקאָנט טרעפן מיט אַ מאָל אַ סך פון זיינע פריינד — יונגע קינסטלער און שרייבער, פאַרערער און פאַרערערינס וואָס פלעגן מיטברענגען מיט זיך, ווער אַ הערינג, ווער אַ ברויט, און דער עיקר, אַ פלעשל וודקע אויף צו לאָזן זיך ווילגיין אויף אַ באָהעמישן אופן: אויסגעזעצט אויף די צוויי בעטן און אַפילו אויפן דיל.

די הויפּט־אַריינגייער פון דער גאַנצער כאַליאַסטרע ביי גוטערמאַנען זענען אָבער געווען: איך, און דער דיכטער יוסף רובינשטיין, וואָס האָט אַוודאי נישט ווייניקער פון מיר צו דערציילן וועגן גוטערמאַנען דעם מאָ־לער און מענטש; וועגן זיין אָרעמער, טרויעריקער וווינונג מיט זיין פריי־לעכער אַטעליע.

וועגן גוטערמאַנען דעם מאָלער ווייס איך נאָר, אַז ער האָט קיין קונסט־אַקאַדעמיע נישט דורכגעמאַכט; אַז ער איז צו דער מאָלעריי געקומען, ווי אַ סך יידישע קינסטלער און שרייבער, פון דער יידישער אָרעמקייט, וואָס

האָט נישט געגעבן די מעגלעכקייט צו לערנען און שטודירן, נאָר — וואַקסן סטיכיש, ווילד, און ווי מיט ניסים — דערגרייכן אַפילו צו גרויסקייט און רום.

ווי אַ קינסטלער, אַ יידישער מאָלער פון דער יידישער אָרעמקייט אינעם אַמאָליקן האַלב־פאַשיסטישן און גאַנץ־אַנטיסעמיטישן פוילן, האָט זיך גוטערמאַן, אומפּאַרטייאיש, געפונען אינעם לאַגער פונעם פּאַרביטער־טסטן און רעוואָלטירנדיקסטן טייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און, דאָס האָט אומדירעקט — געלייגט אַ חותם אויף זיין שאַפן, וואָס מען האָט אין יענער צייט אָנגערופן „פּראָלעטאַרישע קונסט", אָדער ווי עס ווערט היינט אָנגערופן אין ראַטנפאַרבאַנד: סאָצרעאַליזם.

מיט זיין פּראָלעטאַרישער מאָלעריי האָט גוטערמאַן געצאָלט בלויז אַ חוב דער צייט, ווען — סיי די יידישע און סיי די פּוילישע אַרבעטערשאַפט האָט געהאַלטן, אַז זי שטייט ערב דעם פאַלן פונעם פאַשיזם אין פוילן און פאַר אַ דילעמע צווישן פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און דעמאָקראַטיע, וואָס איז געוואָרן דאָס הויפּט־פּראָבלעם פאַר וויכוחים אין די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס.

אויסער גוטערמאַנען דעם רעאַליסט, דעם מאָלער פון פאַבריקן, אַר־בעטער און אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס, האָט אָבער געלעבט אין אים נאָך אַ גוטערמאַן, וואָס איז אין מאָלן געווען ווייט פון יעדער רעאַליטעט; אַ מאָלער אַ פאַנטאַסט און וויזיאָנער פון בילדער, וועלכע ער האָט געזען אין זיינע חלומות און, נישט אויף דער ערדישער, האַרטער וואָר...

שווער צו זאָגן וואָס און ווי אַזוי וואָלט גוטערמאַן געמאָלט ווען ער וואָלט געבליבן לעבן און געווען איינער פון די אַרויסגעטריבענע יידן פו־נעם היינטצייטיקן „סאָציאַליסטישן" פוילן, ווו צוזאַמען מיט אים און מיט זיינע בילדער, זענען אומגעקומען זיינע און אַלעמענס שענסטע חלומות...

# אַן אינטערוויו מיט זיך אַליין...

צו האָבן אַן אינטערוויו מיט זיך אַליין, האָט מיך באַוויגן פאָלגנדי־קער קוריאָז: אַ רעדאַקטאָר פון אַ ליטעראַרישער צייטשריפט האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך אַהיים, כדי צו האָבן מיט מיר אַן אינטערוויו. אַז כ׳בין געקומען צו אים און מיר האָבן פריִער פאַר אַלץ געמיטלעך אויסגעטרונקען אַ טוץ גלעזער טיי און פאַרביסן מיט קוכן, האָט זיך דער רעדאַקטאָר אַ נעם־געטאָן צו זיין אינטערוויו מיט מיר און אָנגעהויבן זיך קלאָגן פאַר מיר, אַז ער איז — נישט פאַר קיין שום ייד געדאַכט — זייער נישט גע־זונט; מיר אויסגערעכנט וויפל און וואָס פאַראַ מחלות ער האָט; ביי וויפל און ביי וואָס פאַראַ דאָקטוירים ער איז שוין געווען אַלץ; מיר אָנגערופן די נעמען פון יעדער רפואה, וואָס ער נעמט; גערעדט אַפילו וועגן דער ווירקונג פון יעדער רפואה, געוואָלט מיר באַווייזן דערמיט זיין בקיאות אין מעדיצין און — אַריבער אויף פאַמיליע־ענינים; גערעדט וועגן דער פרוי און זיינע צוויי טעכטער, און אַזוי רעדנדיק — אַרויפגעכאַפּט זיך אויפן ריכטיקן פערד זיינעם, אויף דער ליטעראַטור, און נאָכן אַוועק־הרגענען אַ טוץ שרייבער מיט איין האַנטמאַך — גענומען פאַר מיר אויפ־וויקלען זיינע ליטעראַרישע פלענער אויף ווייטער. ווער ווייסט ווי לאַנג ער וואָלט נאָך אַזוי גערעדט — ווען נאָך קאַרגע צוויי שעה צייט נישט געבן מיר די געלעגנהייט צו זאָגן אַ וואָרט אַפילו, וואָלט נישט עמעץ אָנ־געקלונגען אין דער טיר און ס׳וואָלט זיך נישט אַריינגעשטעלט נאָך אַ שרייבער וועמען ער האָט, ווי מיך, איינגעלאַדן צו האָבן מיט אים אַן אינ־טערוויו...

ווען דער צווייטער שרייבער האָט זיך באַוויזן אין דער אָפענער טיר און איך האָב זיך אויפגעשטעלט אַוועקצוגיין, האָט דער רעדאַקטאָר מיר

זייער געדאַנקט פאַר מיין אויפמערקזאַמקייט, וואָס איך האָב אים געשענקט, און איך — אים — האָב געדאַנקט פאַר זיין אינטערוויו וואָס ער האָט מיר געגעבן.

פון דאַנען — מיין „אינטערוויו" מיט זיך אַליין:

*

...געגומען זיך צו דער פעדער האָב איך אין עלטער פון פערצן־פופצן יאָר, נאָר אָנגעהויבן שרייבן, האָב איך אין עלטער פון אַכצן יאָר. אין זעלבן עלטער האָב איך אין י. מ. ווייסענבערגס „זאַמעלביכער" אָפּגעדרוקט דאָס ערשטע ליד מיינס און באַקומען מיין ערשטן האָנאָראַר.

אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן, האָב איך זיך דאָס ערשטע מאָל באַקענט מיט דער יידישער ליטעראַטור בכלל. דעם שטאַרקסטן רושם אין דער דיכטונג האָט דעמאָלט געמאַכט אויף מיר אורי צבי גרינבערג — דער עיקר מיט זיין פּאָעמע „מעפיסטאָ". אונטערן רושם פון דער דאָזיקער פּאָעמע, האָב איך גרינבערגן געהאַט געווידמעט אַ פּאָעמע א.נ. „געטער און דיכטער". אויף אַ שרייבער־צוזאַמענפאָר אין וואַרשעווער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13, האָט דער רעדאַקטאָר פון „ווילנער טאָג", זלמן רייזין, געקויפט ביי מיר די דאָזיקע פּאָעמע און — זי נישט אָפּגעדרוקט, צוליב אַ סיכסוך צווישן אים און גרינבערגן. מיט יאָרן שפּעטער האָט גרינבערגס אָרט פאַרנומען ביי מיר ה. לייוויק; פאַרנומען — סיי מיט זיין גרויסער דיכטונג, סיי מיט זיין גרויסער מאָראַלישער פּערזענלעכקייט.

אויב עס קאָן בכלל זיין אַ רייד פון לערנען זיך דיכטן אָדער שרייבן פּראָזע, איז מיין לערער געווען דאָס לעבן גופא — אָנהייבנדיק פון מיין היים־סביבה און היים־אַטמאָספערע פון נויט און הילפלאָזיקייט, ביז — צו דער היינטיקער אַטמאָספערע פון אַ געזעלשאַפט, וואָס גיט דער מענטשהייט ליכט — פון וועלכן ס'ווערט נישט איין מאָל פינצטער פאַר די אויגן...

יעדער יונגער שרייבער, ווי לאַנג ער האָט נאָך זיין אייגענעם וועג נישט געפונען — לאָזט זיך — באַוווסטזיניק אָדער אומבאַוווסטזיניק — אויף די שוין אויסגעטראָטענע וועגן פון די עלטערע שרייבער. וואָס שייך מיר, זענען די פרעמדע השפּעות אויף מיר אין מיין ערשטער שאַפונג־תקופה געווען זייער ווייניק און עפּיזאָדיש־קורצע.

מיין וועג צו דער דיכטונג? — די וועגן מיט וועלכע קינסטלער און שרייבער קומען צו דער קונסט און ליטעראַטור, זענען נישט ביי אַלעמען די זעלבע. מיך, למשל, האָט צו דער דיכטונג געברענגט מיין גרויסע תשוקה צו מוזיק, וואָס האָט אין אַלע צייטן גערעדט צו מיר מער פון יעדער קונסט — אַריינגערעכנט אויך די דיכטונג מיט וועלכער איך אַליין פאַרנעם זיך שוין באַלד אַ האַלבן יאָרהונדערט. עד היום באַדויער איך וואָס כ'האָב נישט געהאַט די נייטיקע באַדינגונגען צו קאָנען שטודירן און אָפּגעבן זיך מיט מוזיק, וואָס איז די „צווילינג־שוועסטער" פון פּאָעזיע.

שטייענדיק אַלע מיינע יאָרן אויף דער זייט פון די פּראָגרעסיווע קינסטלער און שרייבער, בין איך, ווי אין סתירה צו פּראָגרעס — קעגן אַלע „איזמען" אין דער קונסט און ליטעראַטור. איך האַלט, אַז אויב מען איז — —איז מען, און אויב מען איז נישט — העלפן נישט קיין „איזמען" מיט וועלכע אויך יעדע טאַלאַנטלאָזיקייט פאַרזיכערט זיך ווי מיט אַ הכשר פון אונדזער צעטומלטער, מאָדערנער צייט.

צי איז פאַראַנען אַ פּראָלעטאַרישע און בורזשואַזע קונסט און ליטער־ראַטור? — ניין, נישט פאַראַנען קיין צוויי קונסטן און צוויי ליטעראַטורן, פאַראַן נאָר איין קונסט און איין ליטעראַטור: אַ גוטע אָדער אַ שלעכטע, וואָס קאָן דירעקט אָדער אומדירעקט דינען דעם פּראָלעטאַרישן אָדער בור־זשואַזן קלאַס — אָפּהענגיק פון דעם קינסטלערס און שרייבערס סאָציאַלן אָפּשטאַם און סאָציאַלן איינשטעל.

די היטלער־תקופה און אונדזער גרויס פאַלקסאומגליק, האָט געפונען אויסדרוק אין מיין לידער־זאַמלונג „מיין ברענענדיקער שטאַם", וואָס איז

זיך צעוואָקסן אין מיין שפּעטערדיקן בוך לידער „איבער חורבות". איך זאָג: געפונען אויסדרוק — כאָטש איך האַלט אַז, לעת עתה, האָבן נאָר געציילטע שרייבער געפונען אויסדרוק פאַר דעם, וואָס איז מיט אונדזער יידיש פאָלק געשען אין דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

מיר לעבן אין אַ צייט ווען ס'איז שווערער עפּעס נישט אָנצושרייבן ווי יאָ אָנצושרייבן. בפרט איז עס שווער פאַר אַ ייד, איבערהויפּט — פאַר אַ ייד פון דער היטלער־תקופה. וועלכער ייד האָט נישט דירעקט אָדער אומדירעקט איבערגעלעבט אַזוינס וואָס נישט יעדער נישטייד איז דערמיט געפּרווּווט געוואָרן? כמעט יעדער ייד וועט אייך מיטביידע הענט באַווייזן די מאָס וויפל ער וואָלט אָנגעשריבן, ווען ער וואָלט נאָר געהאַט צייט... איז טאַקע קיין וווּנדער נישט וואָס די יידישע ליטעראַטור פון נאָכן היטלער־חורבן איז אַזוי „רייך געוואָרן" מיט אַזאַ טעמאַטיק, וואָס אין די ליטעראַטורן ביי די אומות העולם וועט מען זי נישט געפינען; איך מיין — די חורבן־ליטע־ראַטור און די יזכור־ביכער: אַ ליטעראַטור, וואָס ביינציק פּראָצענט פון איר איז נישט געשריבן געוואָרן פון שרייבער, נאָר פון איבערגעבליבענע יידן פון שטעט און שטעטלעך אין די לענדער איבער וועלכע היטלערס חילות זענען דורכגעגאַנגען ווי די טייפונען.

ווי טאַטע־מאַמע איז נישט לייכט צו ענטפערן, וועלכעס פון זייערע קינדער זיי האָבן ליבער — אַזוי איז דעם שרייבער שווער צו זאָגן פון וועלכן ווערק זיינעם ער אַליין איז מער צופרידן. פון דעסטוועגן זאָג איך, אַז מיר זענען מער צום האַרצן מיינע יחידישע קול־דממה־דקה־לידער, ווי יענע לידער, וואָס איך מוז זיי זינגען בקול רם, ווי פאַר טויבע.

געבערענגט אין יאָר 1924 קיין „פּאַלעסטינע" האָט מיך — נישט דער „סטיכישער פּראָצעס" און נישט די „היסטאָרישע נויטווענדיקייט" מיט וועל־כע כ'האָב זיך אַזוי פיל אָנגעהערט און אַזוי ווייניק פאַרשטאַנען דערפון — זייענדיק אין אַ באַוועגונג פון לינק־פּראָלעטאַרישע ציוניסטן. געבערענגט קיין אַרץ־ישראל האָט מיך דער אומרו פון אַ שווער פּאָרגעפיל וועגן דער צוקונפט

פון יידן אין פוילן. ערשט אין „פּאַלעסטינע״, ווען דער מדבר איז נאָך גע־
לעגן אויך אין תל־אביב, האָב איך באַנומען דעם זין פון ציוניזם און געוואָרן
אַ ציוניסט — זעענדיק ווי אונדזערע „ראָבינזאָן קרוזאָס״ פון דער חלוצישער
יוגנט וועקן צום לעבן די טויטע ערד, וואָס יאָרטויזנטער האָבן פאַרשטיי־
ניקט.

מיינע צענדליקער יאָרן ארץ־ישראל האָבן באַרייכערט מיין טעמאַטיק
מיט היימלאַנד־מאָטיוון, מיט ריטמען פון אַרבעט און איבערבוי, און מיט אַ
שלל פון פאַרבן פון אַ נייער לאַנדשאַפט — אין ליכט פון אַן אויפגייענדיק
ניי, געזונט יידיש לעבן. איך האָב, זעט אויס, געהאַט, ווי שלום אַש האָט
עס באַצייכנט: אַ טאַלאַנט צו ארץ־ישראל. וואָס מיר פעלט אין ארץ־ישראל,
איז: אַן אַנטי־ציוניסטישע פאַרגאַנגענהייט, וואָס גיט די מעגלעכקייט זיך
צו דערשלאָגן צו עפּעס און, אַפילו צו מאַכן אַ נישט־קשהדיקע קאַריערע...

צי איך לעב פון שרייבן? — ליידער, יאָ! איך זאָג: ליידער, כאָטש איך
האַלט, אַז אַ שרייבער דאַרף לעבן נאָר פון שרייבן. אויך שרייבן איז אַ
פּראָפעסיע ווי אַלע פּראָפעסיעס, נאָר — פון נישט קיין שטאַרק גאַנגבאַר
אַרטיקל, בפרט אין אונדזער תקופה פון גייסטיקער און מאָראַלישער ירידה
אויך ביי מאָראַל־פּרעדיקער. זי, די היינטיקע געזעלשאַפט אונדזערע, איז
שולדיק, וואָס אַ שרייבער מוז, חוץ זיין שרייבערישן טאַלאַנט, האָבן נאָך
זייטיקע באַשעפטיקונגען, וואָס זאָלן אים דערמעגלעכן צו לעבן און שאַפן.
זי, די סנאָביש־מאַטעריאַליסטישע און נישט ווייניק — די סאָציאַליסטישע
געזעלשאַפט, וואָס האַלט דאָס שרייבן (איבערהויפּט דאָס דיכטן) אויך פאַר
בטלנות — זי, האָט עס דערפירט צו דעם, אַז נישט איין שרייבער און דיכ־
טער זאָל זיך שעמען מיט זיין שרייבערישער פּראָפעסיע און, זי פאַרלייקע־
נען ווי אַ מלאכה בזויה... די געזעלשאַפט איז אויך שולדיק וואָס אַ בוך איז
געוואָרן דאָס לעצטע געברויך, אָדער כמעט קיין געברויך נישט, אַפילו ביים
עם הספר...

צי איך שרייב אויך פּראָזע? — איך ווייס נישט צי מען קאָן פאַר מיין
ביסל פּראָזע, וואָס איך שרייב פון צייט צו צייט, מיך האַלטן פאַר אַ פּראָזאַי־

קער. יעדער דיכטער קאָן אַ מאָל אָנשרייבן אַ ביסל פּראָזע און נישט זיין קיין פּראָזאַיִקער — ווי פּראָזאַיִקער הייבן אַ מאָל אָן מיט לידער און ווערן נישט קיין דיכטער.

וואָס זענען מיינע פּלענער אויף ווייטער? — כ׳האָב זיך קיין מאָל נישט געמאַכט ליטעראַרישע פּלענער אויף אַ ווייטער מעטע. האָב איך ווען יאָ זיך אָנגעצייכנט אַ וועלכן ס׳איז פּלאַן, איז ער, ביז צום נעמען זיך צו אים — אויסגערונען, ווי עס רינען אויס אַ סך פּלענער, אידייען און טעאָריעס, וואָס מען וויל זיי צופּאַסן צו דער אומבאַשטימטער צוקונפט. די איינציקע פּלאַנמעסיקייט מיט וועלכער איך „אַרבעט״ ווי אַ געוויסנהאַפטיקער בווימייסטער, איז: ביים „בויען״ מיין ליד אַזוי, אַז כ׳זאָל צו אים גאָר נישט קאָנען שפּעטער צוגעבן און גאָר נישט אַראָפּנעמען...

ווי קוק איך אויף דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק? — כ׳האָב שוין אַ מאָל געשריבן און חזר עס איצט איבער: נאָך פּרישמאַנען, בעל־מחשבות, קאָראַלניק און ניגער האָט די יידישע ליטעראַטור כמעט נישט קיין קריטיקער, דערפאַר אָבער — אַ סך קריטיק, וואָס עס שרייבן די שרייבער גופא — איינער וועגן דעם אַנדערן...

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ „חברישע״ קריטיק איז ווייט פון צו קאָנען זיין אָביעקטיוו און ווייט צו זיין באַלערנדיק סיי פאַרן שרייבער און סיי פאַרן לייענער. ווען איך רעד וועגן קריטיק, מיין איך נישט די עסייאיסטיק, וואָס איז אַ העכערע מדרגה פון קריטיק און איז אַ קונסט פאַר זיך; איך מיין אויך נישט דאָס מין שרייבן רעצענזיעס צו וועלכע ס׳קאָן זיך אַפילו נעמען נישט קיין שרייבער... און כ׳מיין אויך נישט די קריטיק פון אַ כלומרשט אומאָפּהענגיקן שיינגייסט, וועמען איר וועט מיט אַבי וואָס און מיט אַבי וועמען נישט אָפּקויפן — מחמת אַזאַ קריטיק געהערט על פּי רוב צו די חכמהלאָגישע ווידעראַנאַנדן פון וועלכע ס׳איז נאָך קיינער נישט קלוגער געוואָרן...

וואָס לייען איך? וואָס איז מיין לעקטור? — ס׳האָט נאָך, דאַכט זיך, קיינער, אין אַן אינטערוויו מיט אַ שרייבער, געפרעגט אים וואָס ער לייענט? וואָס איז זיין לעקטור? איבערהויפּט פרעגט מען עס נישט קיין יידישן שריי־

בער אויף וועמען רכילות־טרייבער האָבן אויסגעטראַכט אַ בילבול, אַז אויסער זייערע אייגענע שאַפונגען — לייענען זיי נישט קיין ביכער... דער אמת איז, אַז דער רוב שרייבער קויפן נישט קיין ביכער — צוליב אַ פּשוטער סיבה: זיי קאָנען זיך אויף אַזאַ לוקסוס נישט דערלויבן און זיי מוזן זיך באַגנוגענען מיט לייענען „קריגס־ליטעראַטור”. דאָס איז די ליטעראַטור וואָס זיי קריגן צוגעשיקט: איין שרייבער פון אַנדערן. אויך מיר קומט אויס דאָס רוב צו לייענען דאָס, וואָס איך קריג פון מחברים, איבערהויפּט פון קאָלעגן דיכטער, וועמענס לידער איך מוז לייענען, כדי צו קאָנען כאָטש טראַכטן, אַז מיינע לידער זענען בעסער...

ווי אין סתירה צו מיינע זייער נישט היימלעכע לידער — האָב איך בטבע זייער ליב הומאָר, הומאָר אַפּילו אין טראַגיזם. וואָלט איך געהאַט אַ גוטן זכּרון, וואָלט איך גאַנץ שלום־עליכם געדאַרפט שוין קאָנען אויף אויסנווייניק — אַזוי פיל מאָל האָב איך אים שוין געלייענט, לייען אים און וועל אים לייענען ווי לאַנג איך וועל נאָר קאָנען לייענען. גערן לייען איך אויך טשעכאָוון, מאַרק טווייגען, גאָגאָלן, נאַדירן, און אַלע די שרייבער וואָס פאַרמאָגן הומאָר. מחמת אַ ווערק, מעג עס זיין פון אַ גרויסן שרייבער, קוים פאַרמאָגט עס נישט כאָטש אַ טראָפּן הומאָר — איז עס געגליכן צו אַן אומהיימלעך געדיכטן וואַלד, וואָס לאָזט נישט צו קיין טראָפּן לופט און קיין טראָפּן ליכט.

דער נאַיִווער לייענער איז זיכער, אַז די מוזע „באַפאַלט” דעם שרייבער ביי נאַכט פאַרן גיין שלאָפן, אָדער פאַר טאָג, ווען אַלע שלאָפן נאָך, נאָר זי, די מוזע פעדערט זיך פריִער פאַר אַלע און וועקט אים אויף, ער זאָל זיך נעמען צו דער פען... דער אמת איז, אַז דער רוב שרייבער (איבערהויפּט פּראָזאַיִקער) פאַרוואַנדלען זייער שרייבטיש אין אַ ווערקשטאַט, וואָס בינדט זיי טאָגטעגלעך צו, ווי יעדן בעל־מלאכה — צו אַן אַכט־שעהדיקער אַרבעט און אַפּילו צו איבערשעהען... וואָס שייך מיר — ווייס איך נישט צי כ'וואָלט געקאָנט ענטפערן אויף דער פראַגע: ווען און ווו איך שרייב? ערשטנס — האָב איך אַ צו קליינעם שרייבטיש — איך זאָל אים קאָנען פאַרוואַנדלען אין אַ ווערקשטאַט; צווייטנס — בין איך נישט אַזוי פּראָדוקטיוו — איך

זאָל זיך נייטיקן אין אַ ווערקשטאַט, צי אין אַ גרויסן שרייבטיש ; און נישט פּראָדוקטיוו בין איך — ווייל כ׳האָב נישט קיין לייכט „טראָגן״ און אויך נישט קיין לייכט „האָבן״ און כ׳גיב דערפאַר נישט אַוועק מיין ליד צום דרוקן פריִער, איידער ס׳האָט זיך גענוג אויסגעוואַרעמט ביי מיר אין בוזעם...

צי גלייב איך אין אַ צוקונפט פאַר יידיש ? — שוין אין דער פראַגע אַליין ליגט שוין, מיין איך, דער ענטפער — מחמת ביי אַ געזונט, נאָרמאַל פאָלק, קאָן אַזאַ פראַגע בכלל נישט אויפשווימען. יידיש איז אָבער פאַרשניטן געוואָרן צוזאַמען מיט די מיליאָנען יידיש־רעדנדיקע, פון וועלכע ס׳זענען געבליבן בלויז רעשטלעך וואָס זענען מיט זייער יידיש־לשון עקסטעריטאָ־ריאַל אַפילו אין דער אַלט־נייער היים, אין ישׂראל. יידיש־אָפּטימיסטן גלייבן פון דעסטוועגן, אַז ישׂראל און נאָר ישׂראל, וועט ראַטעווען יידיש פון אונ־טערגאַנג — והא ראיה : פיר־פינף טעאַטער־טרופּעס אין יידיש ; אַ יידישער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין, וואָס ציילט שוין קאַרגע צוויי הונ־דערט יידיש־שרייבנדיקע מיטגלידער ; אַ קולטורהיים פאַר יידישע שריי־בער — —דאָס לייוויק־הויז ; אַ יידישע טאָג־צייטונג ;אַ פּערטליאָר־שריפט ; דער י. ל. פּרץ־פאַרלאַג א. א. נאָר איין „קלייניקייט״ : נישטאָ אין גאַנץ ארץ־ישׂראל קיין העברעיִשע שול, וואָס זאָל כאָטש אַרייננעמען יידיש אַלס לימוד, ווי זי נעמט אַריין אַראַביש, ענגליש און פראַנצויזיש ; נישטאָ, אַחוץ די עטלעכע צענדליק קינדער ביים אַרבעטער־רינג — קיין איין קינדערהיים, קינדער־גאָרטן, ווו די דערציִער און דערציִערינס זאָלן מיט די קינדער רעדן און זינגען יידיש. אָן אַ קינדער־נאָכוווקס פאַר יידיש, האָבן די אַלע פריִער אויסגערעכנטע יידיש־דערגרייכונגען אין ישׂראל, קיין שום ממשות נישט פאַרן קיום פון יידיש. דרך אגב, וויל איך נאָך באַמערקן, אַז מיר פערזענלעך קומט שוין אויס צו קעמפן היינט פאַר יידיש נישט נאָר מיט העברעיִסטן, נאָר אויך מיט יידישע שרייבער, וואָס שרייבן יידיש ווייל זיי קאָנען נישט קיין העברעיִש, און פאַר זען זיך געדרוקט אין אַ העברעיִשער איבערזעצונג — זענען זיי גרייט, נישט נאָר אָפּצוזאָגן זיך פונעם קאַמף פאַר די רעכט פון יידיש, נאָר אַפילו פון פאַרטיידיקן דאָס יידישע לשון — בעת מען פאַר־שפּייט עס.

## וועגן קריטיק

מיט יאָרן צוריק איז אַן אָנגעזעענער יידישער דיכטער אַרויס מיט אַן אַלאַרמירנדיק אַרטיקל אונטערן קעפּל: לידער אויף אונדז!... אין יענעם אַרטיקל וואָרנט דער דיכטער קעגן דער „סכנה" פון אַ לידער־היישעריק, וואָס קאָן, חלילה, אויספרעסן דאָס גאַנצע פעלד פון דער יידישער ליטעראַ־טור. אינספּירירט פון יענעם אַלאַרם, האָב איך דעמאָלט אָנגעשריבן און פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אונטערן קעפּל: „קריטיקער אויף אונדז!" און — „אַלאַרמירט" קעגן אַ דערשיינונג, וואָס לויט מיין מיינונג, איז זי פאַר דער ליטעראַטור אַ סך שעדלעכער און נעגאַטיווער פונעם לידער־מבול. איך מיין — וועגן דער קריטיק, צו וועלכער ס'האָט זיך ביי אונדז גענומען אויף יעדער דיכטער און פּראָזאַיִקער — מחמת דאָס פעלד פון דער יידישער ליטע־ראַטור־קריטיק איז שוין יאָרן־לאַנג ליידיק.

די זעלבע טעמע: קריטיקער אויף אונדז!... ריכטיקער: קריטיקער ביי אונדז, איז ביי מיר ווידער אויפגעשווומען, צוליב מיין דערמאָנען זיך אָן אַ צווייט אַרטיקל, פון אַ צווייטן גוט באַקאַנטן דיכטער און פּראָזאַיִקער, עסיי־איסט און ליטעראַטור־קריטיקער, אַ „פּוסק אחרון", וואָס האָט, שרייבנדיק וועגן מיינעם אַ בוך, וועלכן ער האָט אַרונטערגעריסן — געפונען פאַר נייי־טיק צו באַמערקן, אַז כ'האָב נישט ליב קיין קריטיקער.

כ'האָב נישט בדעה דאָ איבערצוחזרן וואָס דער שרייבער־קריטיקער האָט מיט אומרעכט געשריבן וועגן מיר און וואָס איך האָב אים דעמאָלט געענטפערט אין אַן אָפענעם בריוו. איך דערמאָן בלויז דעם דאָזיקן פאַקט, כדי צו האָבן די געלעגנהייט זיך מודה צו זיין בפני כל עם ועדה — אַז איך האָב נישט ליב קיין קריטיקער, וואָס שרייבן לידער, דערציילונגען, ראָמאַ־נען, עסייען און מאַכן מיט זייער שרייבן אויך קריטיק — אוממעגלעך צו זיין אָביעקטיוו לגבי איינער דעם אַנדערן — מחמת, אַפילו אין אונטערבאַ־וווסטזיין — פאַרנעמט ביי זיי זייער אייגן ווערק, אַ ווערטפולער אָרט פון יענעמס, וועגן וועלכן זיי רעדן אָדער שרייבן.

אמת, די יידישע ליטעראַטור פֿאַרמאָגט נאָך אויך ביים היינטיקן טאָג קריטיקער און עסייאיסטן, פֿון וועלכע מען וואָלט אפשר געקאָנט עפּעס לערנען — ווען זיי וואָלטן נישט געווען אַזוי פּאָליטיש און נישט ווייניק — אויך פֿערזענלעך טענדענציעז — ווי זיי זענען. צוליב טענדענציעזקייט רייסט מען ביי אונדז נישט איין מאָל אַרונטער אַ הויך טאַלאַנטירטן שרייבער און מען הייבט אויף אַ מיטלמעסיקייט און, נאָך ווייניקער פֿון דעם.

אין בעסטן פֿאַל, נוצן אונדזערע קריטיקער אויס אַפֿילו די „גוטע פּען" זייערע — אויף אויסצולאָדן זייער ביסל גייסטרייכע, בליצאַרטיקע חכמה־לאָגיע פֿון גלייכוועטלעך און ציניש־וויציקע קאַלאַמבורן, וואָס האָבן מיט קריטיק קיין שום שייכות נישט. איך מיין דאָ יענע קריטיקער, פּיינשמעקערישע אוניווערסאַליסטן, וואָס קאָנען ווינציקער ווי וועגן אַ קלאַסיקער נישט שרייבן. און שרייבן זיי יאָ אַ מאָל וועגן נישט קיין „קלאַסיקער" — קומט דעם שרייבער אַרויס דערפֿון „אַ בערישע טובה".

אין סך־הכּל: די יידישע ליטעראַטור האָט כּמעט נישט קיין קריטיקער, וואָס זאָל זיך פֿאַרנעמען נאָר מיט קריטיק; מיט אַזאַ קריטיק, וואָס זאָל זיין באַלערנדיק סיי פֿאַרן שרייבער און סיי פֿאַרן לייענער — ווי עס האָבן זיך די ליטעראַטורן ביי די אומות העולם, און ווי ס׳האָט זי געהאַט אַמאָל אויך די יידישע ליטעראַטור אין דער תקופה פֿון פּרץ, פּרישמאַן, בעל־מחשבות און שפּעטער: ד"ר מוקדוני און ש. ניגער, נאָך וועלכע די יידישע ליטעראַטור איז געוואָרן פֿאַריתומט, אָן אַן אויטאָריטעט.

ווען כ׳וואָלט געווען פֿון די, וואָס רעדן מיט גאָט, וואָלט איך גענומען גאָט פֿאַר אַן עדות, אַז מיין „אַנרייסן" זיך אויף די קריטיקער, איז נישט קיין אָפּרעכענען זיך מיט זיי, פֿאַר אַרונטעררייסן מיינס אַ בוך, נאָר — פֿאַר זייער באַציִונג פֿון זלזול צו יענע שרייבער, וואָס זענען נישט אין זייער גייסט און געשמאַק.

כ׳וואָלט אויך גענומען גאָט פֿאַר אַן עדות, אַז איך געדענק נישט די צייט, ווען איך זאָל האָבן צוגעשיקט מיינס אַ בוך צו אַ קריטיקער און אַז די ביכער מיינע, וועגן וועלכע זיי האָבן יאָ געשריבן, האָבן זיי באַקומען נישט פֿון מיר דירעקט. נאָך מער: איך קאָן אַפֿילו באַווייזן, אַז אויף אַ סך ביכער, וועלכע איך האָב צוגעשיקט צו רעדאַקציעס, האָב איך בפּירוש צו־

געשריבן: נישט צום רעצענזירן! געמיינט האָב איך דערמיט — מען זאָל בלויז פאַרצייכענען דאָס דערשינענע בוך, און נישט מער.

איך וויל נאָך באַמערקן, אַז מיין סענסיוויטעט לגבי אונדזערע קריטי־קער, ווי צו קריטיקער בכלל, איז נישט אַזוי צוליב נישט באַפרידיקן מיך מאָראַליש, ווי צוליב אַן אומעסטעטישן און אַפילו פיזישן ביי־טעם וואָס איך פיל, בעת עמעצער באַברעט זיך אין מיין נשמה — בפרט נאָך מיט נישט קיין ריינע כוונות. צוליבן זעלבן טעם פאַרטראָג איך אויך נישט אַ דאָקטאָרס אַרומטאַפּן דעם גוף — כדי צו געפינען אין אים דאָס קראַנקע אָרט — מיטן אונטערשיד, וואָס דער קריטיקער טאַפּט דאָס רוב אויף אַ געזונט אָרט — און זאָגט דעם שרייבער אָפּ דאָס לעבן...

איך פאַרזיכער נאָך אַ מאָל: מיין קעגנערשאַפט צו אונדזערע קריטיקער איז נישט קיין פּערזענלעכער נקמה־אַקט, נאָר אַ מאַכן אויפמערקזאַם אויף דער הפקרות אויף וועלכער ס'זענען אויסגעשטעלט יענע שרייבער, וואָס האָבן זיך נישט באַוואָרנט מיט אַ בייטש קעגן אַ בייטש: שרייבן נישט קיין קריטיק און לויבן אַפילו נישט זייערע אייגענע ווערק, ווי דאָס טוט — און־טער פאַרשידענע נעמען פון דער הפטורה — נישט איינער פון די שרייבער, וואָס שרייבן אויך קריטיק.

# רייד פון אַ „שווייגער"

שטענדיק, ווען מיר קומט אויס צו שטיין פֿאַר אַ פּובליקום פֿאַר וועלכן איך דאַרף רעדן — דערמאָן איך זיך אָן מיין ערשטן ליטעראַרישן אַפּוטרו־פּוס: דעם באַרימטן יידישן שרייבער איטשע מאיר וויסענבערג, וואָס איז, ווי איך, נישט געווען קיין רעדנער און אפשר דערפֿאַר טאָקע — געהאַלטן, אַז אַ שרייבער דאַרף נאָר קאָנען שרייבן און נישט רעדן.

דער גערעכטער, נאָר תמימותדיקער וויסנבערג האָט זיך, אַ פּנים, נישט געכאַפּט, אָדער פֿאַרגעסן, אַז אַ שרייבער דאַרף אַ מאָל קאָנען נאָר רעדן און נישט שרייבן...

עס איז שוין אָבער קאָנווענציאָנעל אָנגענומען, אַז אַ שרייבער, ווען ער טרעפט זיך אויף זיינס אַ ליטעראַרישן יום־טוב פּנים־אל־פּנים מיטן פּובלי־קום, מיטן לייענער־עולם, האָבן די לייענער דעם שטומען באַגער צו הערן אים, נישט אַזוי בכתב ווי בעל־פּה; די לייענער ווילן דאָן, אַז דער שרייבער זאָל פֿאַר זיי רעדן, רעדן פֿון מויל צו אויער; זיי ווילן, אַז ער זאָל ביי דער געלעגנהייט, ווען ער שטייט פֿאַר זיי — פֿאַרענטפֿערן אַ סך אָנגעקליבענע קשיות; אויפֿקלערן זיי אַ סך אומקלאָרקייטן און אומפֿאַרשטענדלעכקייטן, וואָס בלייבן ביי זיי אָפֿט מאָל איבער, נאָכן דורכלייענען אַ ווערק. בקיצור: זיי ווילן, אַז דער שרייבער זאָל זיי איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל זאָגן דאָס נישט דערזאָגטע, דאָס, וואָס ליגט צווישן די שורות און אין די רמזימדיקע פּינטע־לעך און שטריכעלעך.

נישט איין מאָל ווילט זיך דעם לייענער אויך וויסן, נישט נאָר וואָס דער שרייבער שרייבט אָדער וואָס ער האָט בדעה צו שרייבן, נאָר אויך ווען ער שרייבט, אין וועלכער צייט פֿון טאָג אָדער נאַכט און ווי אַזוי ער שרייבט; ער וויל, הייסט עס, וויסן דעם פּראָצעס פֿונעם קינסטלערישן שאַפֿן: דעם סוד היצירה. מיט אַנדערע ווערטער: דער לייענער האָט נישט איין מאָל חשק צו כאַפּן אַ קוק אַריין אין שרייבערס לאַבאָראַטאָריע, אין זיין קיך, וואָס איז אָפֿט מאָל אויך זיין שלאָפֿצימער...

אויב אַ שרייבער, בפרט אַ דיכטער, דאַרף אַ מאָל רעדן, רעדן פּראָזע — וואָלט מיר צום לייכטסטן געווען, ווען כ׳וואָלט געקאָנט ענטפערן אויף פראַגן וואָס מען וואָלט זיי מיר געשטעלט דירעקט. נאָך בעסער: אויף פראַגן וואָס איך שטעל זיי פאַר מיר אַליין — ווען כ׳בין מיט זיך, ווען כ׳מאַך דעם חשבון מיט דער וועלט און מיין אייגענעם חשבון־הנפש.



זייער אָפט קומט מיר אויס צו הערן רעדן וועגן... מיין שווייגן. איך בין, זאָגט מען, אַ „שותק". אויף דער פייערונג לכבוד מיינע פערציק יאָר לעבן און שאַפן אין ארץ־ישראל, האָט אַ קאַפּאַציטעט, אַ שרייבער און רעדנער געזאָגט אַפילו, אַז ער האָט זיך ביי מיר „געלערנט" שווייגן. ער האָט אָבער נישט דערציילט, אַז ער האָט זיך די חכמה פון שווייגן נישט אויסגעלערנט — מחמת שווייגן לערנט מען זיך נישט אויס און אויף צום רעדן איז אָפט מאָל געננג אַפילו נאָר אַ ביסל חוצפה...

דער אמת איז, אַז סיי דער פון מיר דערמאָנטער שרייבער און סיי אַנדערע געוויסע שרייבער, וועמען ס׳אינטריגירט אַזוי מיין אומהיימלעך שווייגן, זענען גאָר נישט אַזוי שטאַרק צופרידן מיך צו הערן רעדן — נישט ווייל איך בין אַ שלעכטער רעדנער אָדער גאָר קיין רעדנער נישט, נאָר פשוט פאַר מורא פאַר מיין „שלעכטער" געוווינהייט זיך „אַרויסצוכאַפּן" מיט אַן אמת, וואָס מאַכט אַ מאָל אומבאַקוועם און אומזיכער נישט נאָר עמעצנס פערזענלעכע פּאָזיציע, נאָר אויך די פּאָזיציע פון אַ גאַנצער געזעלשאַפט.

אין אַלע צייטן איז דער שקר געפאָרן אין קאַרעטן און דער אמת — געגאַנגען צופוס... כ׳געדענק אָבער נישט, אַז דער שקר זאָל אין וועלכער ס׳איז צייט האָבן אַזוי ציניש־זיגעריש טריומפירט, ווי אין אונדזער פינצטע־רער נאָך־היטלער־תקופה.

מעגלעך, אַז די מורא פאַרן אמת, סיי ביים יחיד און סיי ביים כלל, איז אַ פועל־יוצא פון אַנטוישונגען אין אידייען, וואָס האָבן ביטער אָפּגענאַרט און אויסגערונען, ווי די טייכן וואָס האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזט טרוקענע, פּרוכטלאָזע וויסטענישן...

איך געהער אָבער נישט צו די אַנטוישטע אמת־זוכער, סאָציאַליסטן — מחמת כ׳בין קיין מאָל נישט געווען קיין בלינד־פאַרגלויבטער, קיין „חסיד שוטה" פון וועלכן ס׳איז רבין...

כ׳האָב שטענדיק צוגעלאָזט דעם געדאַנק, אַז דער בעסטער מאַטעמאַ־טיקער קאָן האָבן אַ טעות אין חשבון, און דער גרעסטער חכם קאָן אַ מאָל זאָגן אָדער אָפּטאָן אַ פּאַטאַלע נאַרישקייט.

מיין סאָציאַליזם איז פריִער פאַר אַלץ געווען (און געבליבן) אַ געפיל־זאַך, אַ געפיל פאַר יושר און צדק, וואָס אָן דעם דאָזיקן געפיל קאָן מען, מיין איך, קיין סאָציאַליסט נישט זיין — מעג מען אַפילו קאָנען אויף אויסנווייניק גאַנץ תורת מאַרקס און אַלע אַנדערע תורות וועגן סאָציאַליזם. אויך רעאַק־ציאָנערן און פאַשיסטן קאָנען גוט דעם סאָציאַליזם וואָס זיי האָבן, משמעות, געלערנט, כדי צו וויסן ווי אַזוי אים צו באַקעמפן.

מיין סאָציאַליזם איז, אַלזאָ, דער רויטער „בלוטטראָפּ", וואָס כ׳האָב אַוודאי געירשנט פון דער מאַמע מיינער, וואָס איז וויט געווען פון מאַרקסנס „קאַפּיטאַל", ווי זי איז ווייט געווען פון ראָטשילדס קאַפּיטאַל...

פון איר, פון דער מאַמע מיינער, ווען מען די נויט האָט אויסגעלערנט צעשניידן אַ לעבל ברויט אויף אַכט חלקים אַזוי, אַז דאָס גאַנצע „געזינד זאַלבע אַכט" זאָל נישט ווערן באַעוולהט — פון איר האָב איך געלערנט שווייגן, און — נישט פאַרשווייגן — ווייל מען דאַרף, האָט זי אַ מאָל אַ זאָג געטאָן, זיך שלאָגן מער פאַרן אמת ווי פאַרן לעבל ברויט.

אויך שאַפן הייסט: רעאַגירן. די שפּראַך פון שרייבער און קינסטלער איז נישט די שפּראַך, אויף וועלכער מען הערט זיי רעדן, נאָר די, וואָס ליגט אין זייער שאַפונג, אינעם ווערק, וואָס זיי טראָגן אויס אין גרויס חבלי לידה.

מיין שפּראַך איז דאָס דיכטערישע וואָרט מיינס, מיט וועלכן איך רעאַ־גיר אויף געשעענישן און דערשיינונגען, וואָס קומען פאָר נישט נאָר אויפן פּאָעטישן הימל נאָר אויך אויף דער פּראָזאַישער ערד.

מיט דער הילף פונעם דיכטערישן וואָרט שלאָג איך זיך אַ גאַנץ לעבן פאַרן אמת אינעם לעבן און פאַרן אמת אין דער קונסט און ליטעראַטור.

# צוויי אפאָריזמען

דער, וואָס האָט דער ערשטער געוואָרנט די חכמים: חכמים, הזהרו בדבריכם — איז זיכער נישט געווען קיין נאַר און פאַרשטאַנען, אַז זיי, די חכמים נבונים, די ווילערנער און ווילקענער, די למדנים און מלמדים, וואָס ליגן מיט די קעפּ אין די ספרים און ביכער — אַז נאָר זיי זענען אָפּט מאָל מסוגל זיך „אַרויסצוכאַפּן" מיט אַן אומזיניקייט צו וועלכער ס׳וואָלט זיך נישט דערטראַכט אַ פּשוטער בשר ודם, אַ געזונטער בעל־שכל, אַזאַ וואָס קאָן דאָס לעבן נישט פון די ספרים און ביכער, נאָר פונעם לעבן גופא...

און נאָך אַ שוואַכקייט האָבן זיי, די ווילערנער און ווילקענער, די, וואָס אויף אונדזער אייראָפּעיִש לשון הייסן זיי: גייסטמענטשן, אינטעלעקטואַלן און געלערנטע: — די שוואַכקייט פון מלמדים און לערער: צו רעדן צו אַלעמען, ווי צו זייערע תלמידים — מעג אַזאַ „תלמיד" פאַרשטיין אין נאָגל מער, וויפל אַזאַ זעלבסט־געקרוינטער חכם פאַרשטייט אין זיין גאַנץ לייב און לעבן...

דאָס כסדרדיקע רעדן ווי אַ געלערנטער, אַ גייסטמענטש, וואָס באַמיט זיך פיר און צוואַנציק שעה נאָך אַנאַנד צו זיין גייסטרייך, אָריגינעל און אינטערעסאַנט — אַפילו עוון מען רעדט מיט אים וועגן קאַרטאָפל — מאַכט אים נישט איין מאָל לעכערלעך און קאָמיש אין די אויגן פונעם אייגפאַכסטן, קלוגן מיטשמועסער.

ווען מען זאָל פאַרצייכענען אַזעלכע מינדלעך־אַרויסגעזאָגטע „געניאַלע" געדאַנקען פון נישט איין געלערנטן, וואָלט צו דער וועלט־ליטעראַטור צוגעקומען אַ גאָר נישט־קשהדיק גרויס אַמוזאַנט בוך פון אַבסורדן און נאָנסענסן.

איך וועל בלויז ברענגען איין ביישפּיל פון אַזאַ אַבסורדאַלן זייפנבלאָזגעדאַנק פון אַ באַקאַנטן גרויסן העברעיִשן געלערנטן אין ארץ־ישראל.

ווייל דער געדאַנק איז דירעקט געזאָגט געוואָרן מיר — וויל איך אויבערגעבן פון וועמען און ביי וועלכער געלעגנהייט ער איז געזאָגט געוואָרן.

אין יאָר 1928, ווען פּרץ הירשביין האָט דאָס ערשטע מאָל באַזוכט ארץ־ישראל, האָב איך אים איין מאָל געזען שטיין אויף רחוב גאולה, מיט יהודה קויפמאַנען. אַז הירשביין האָט מיך דערזען אויף דער צווייטער זייט גאָס, האָט ער מיך אַריבערגערופן און מיך פאָרגעשטעלט פאַר קויפמאַנען: דאָס איז דער דיכטער פּאַפּיערניקאָוו!

קויפמאַן, וועלכער איז געשטאַנען צו מיר אין פּראָפיל, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן, האָט נישט אויסדרייענדיק דעם קאָפּ אין מיין זייט, בלויז זייטיק אַ קוק געטאָן אויף מיר און זייטיק, ווי דרך אגב, אַ זאָג געטאָן צו הירשביינען: וואָס איז דען וויכטיק ווער דאָס איז און ווי ער הייסט? וואָסער בוך האָט ער אָנגעשריבן?

וויסנדיק פון פריִער ווער קויפמאַן איז, האָט מיך דער זאָג זיינער זייער איבערראַשט און נישט ווייניק באַליידיקט. אויך הירשביין, האָב איך באַמערקט, איז נישט ווייניק געוואָרן איבערראַשט פון דעם וואָס ער האָט געזען און געהערט. כ׳האָב אויף דער גיך אַ זאָג געטאָן „שלום״, דערלאַנגט נאָר הירשביינען די האַנט און בין אַוועק ווי אַן אָפּגעבריטער...

כדי צו באַרויִקן זיך פון דער באַליידיקונג האָב איך, קומענדיק אַהיים צו מיר אין מיין דאַכשטיבל אויף זרובבל 10 — גענומען אַן עקזעמפּלאַר פון מיין ערשט לידער־בוך „אין זוניקן לאַנד״ און אויפן שער־בלאַט אָנגעשריבן צוויי אַפאָריזמען:

נישט וויכטיק איז דער מענטש, נאָר דאָס בוך.

יהודה קויפמאַן

שיינע ביכער — פאַראַנען אַ סך.

שיינע מענטשן — ווייניק.

י. פּאַפּיערניקאָוו

דאָס בוך האָב איך מיט דער פּאָסט געשיקט צו קויפמאַנען.

מיט אַ וואָך שפּעטער האָט מיר פּרץ הירשביין דערציילט, אַז מיין בוך ליגט ביי קויפמאַנען כסדר אויפן טיש, און ווער עס קומט צו אים אַריין, דעם ווייזט ער אים, פאַרענטפערט זיך פאַר זיין אומטאַקטישקייט און פאַרזיכערט, אַז ער זוכט אַ וועג מיך איבערצובעטן.

קויפמאַן האָט אָבער דעם וועג צו מיר נישט געפונען...

# מיינע בעלי־טענות, סאָציאַליסטן

דאָ נישט לאַנג, האָב איך אין די „לעצטע נייעס" פאַרעפנטלעכט עט־לעכע לידער פון מיינס אַ ציקל א. נ „אין לאַנד פון די נביאים" — לידער וועגן דעם, אַז „אין זוניקן לאַנד" איז שוין ווייט נישט אַלץ אַזוי זוניק און ליכטיק ווי איך אַליין האָב אַמאָל געזונגען — פאַרכליניעט און פאַרבלענדט מיט דער שיינקייט פונעם לאַנד — ווען די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספערע איז געווען אַן אידעאַליסטישע, אַ ריינע, ווי באַרגלופט מיט וועלכער מען האָט געקאָנט געזונט אָטעמען — הלוואי, היינט געזאָגט, אין מדינת ישראל.

נאָכן אָפּדרוקן די אויבן דערמאָנטע עטלעכע לידער, האָבן אין דער רעדאַקציע „לעצטע נייעס" אָנגעהויבן אָנקומען פּראָטעסט־בריוועלעך — הלמאי מען דרוקט אַזעלכע לידער, וואָס קאָנען ברענגען שאָדן נישט בלויז דעם לאַנד, נאָר אויך דער צייטונג גופא...

היות די בריוועלעך האָבן מיר אויסגעזען צו זיין אינספּירירט פון וועמען — האָב איך נישט געפונען פאַר נייטיק צו ענטפערן אויף זיי און זיך אַריינצולאָזן מיט די בריוושרייבער אין אַ פּאָלעמיק. צוליב דעם אָבער, וואָס מיר איז פאַר די זעלבע לידער אויסגעקומען צו הערן אויך מינדלעכע פּראָטעסטן און פאַרוווּרפן מצד ציוניסטישע אַרבעטער־טוער, אַרבעטער־פירער, סאָציאַליסטן, אַלטע קעמפער פאַרן אמת — האָב איך באַשלאָסן זיי צו ענטפערן און דערביי צו שטעלן זיי אויך עטלעכע פראַגן.

דער עיקר, מיין איך צו ענטפערן יענע סאָציאַליסטן, „קעמפער", וואָס האָבן מיך גוט־ברודעריש געעצהט נישט צו פאַרנעמען זיך מיט קיין פּאָ־ליטיק, מחמת דאָס איז נישט קיין ענין פאַר דיכטער...

איך וויל אָבער פריִער פאַר אַלץ באַמערקן, אַז איך פאַרנעם זיך נישט מיט קיין פּאָליטיק און האָב זיך מיט קיין פּאָליטיק נישט פאַרנומען אַפילו דעמאָלט ווען כ'האָב אָנגעהערט צו אַ לינק־ציוניסטישער אַרבעטער־פּאַר־טיי. והשנית, האַלט איך נישט, למשל, אַז די אַלע, וואָס פּאָליטיק איז ביי

זיי, ממש, אַ פּראָפּעסיע — זענען טאַקע אַזעלכע גוואַלדאָוונע פּאָליטיקער — ווי איך האַלט נישט, למשל, אַז יעדער מיניסטער האָט „אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער"...

און איצטער: פון ווען אָן — פרעג איך — זענען לידער וועגן מאָראַ־ליש־געזעלשאַפטלעכער געפאַלנקייט — פּאָליטיק? צי ווען עמעץ רייסט אויף אַ פענצטער כדי אַריינצולאָזן אַ ביסל לופט, דאָרט ווו מען ווערט שיר דערשטיקט — טוט ער עס צוליב פּאָליטישע טעמים?...

און נאָך אַ פראַגע: פאַר וואָס האַלט יעדער פּאָליטישער טוער און סתם יעדער פּאַרטיי־זעלנער, אַז ער איז נישט נאָר אַ ספּעץ אויף צו מאַכן רעוואָלוציעס, נאָר אויך אַ קענער פון ליטעראַטור — בעת ער האַלט, אַז אַ שרייבער דערקעגן, פאַרשטייט זיך נישט אויף קיין פּאָליטיק — כאָטש די געשיכטע פון וועלט־פּאָליטיק ווייסט וועגן דיכטער, וואָס האָבן אויף אַ סך יאָרן פאָרויסגעזען, ריכטיקער: פאָרויסגעפילט און פאָרויסגעזאָגט גרויסע פּאָליטישע געשעענישן וועגן וועלכע גרויסע פּאָליטיקער האָבן אַפילו נישט געחלומט...

און איצטער — צום סאַמע עיקר:

יאָרן לאַנג האָבן סאָציאַליסטישע מנהיגים געהאַט, געדענק איך, טענות צו די שרייבער און דיכטער — הלמאַי זיי גייען נישט אַרויס פונעם „העל־פאַנטביין־טורעם"; גייען נישט אַראָפּ פונעם אָלימפּ; פאַרנעמען זיך מיט „הימל־זאַכן"; זעען נישט וואָס עס טוט זיך אויף דער ערד; זענען נישט רעאַל, און נאָך אַזעלכע טענות — פאַר נישט אָפּרופן זיך אויף די סאָציאַ־לע, נעגאַטיווע דערשיינונגען אין לעבן. און מיט אַ מאָל — פאַרנעמט זיך נישט, דיכטער, מיט קיין פּאָליטיק! צוריק, הייסט עס, אין „העלפאַנטביין־טורעם" — דערפאַר, ווייל כ'האָב „געוואַגט" מיט מיינע לידער „אין לאַנד פון די נביאים" צו באַרירן דאָס, וועגן וואָס די ישראל־פּרעסע האַלט אין איין אַלאַרמירן: וועגן דער מאָראַלישער ירידה ביי דער ישראלדיקער יוגנט, און נישט נאָר ביי דער יוגנט.

דער ענטפער פאַר וואָס אַ דיכטער טאָר זיך נישט צורירן צום אמת וועגן דער ישראלדיקער געזעלשאַפטלעכקייט, האָט מיר מיט יאָרן צוריק, נאָך אין „מדינת ישראל אונטערוועגס" געגעבן אַ קאַפּאַציטעט, אַן אַרבעט־

טער־פירער — טאַקע פון דער פּאַרטיי צו וועלכער איך האָב אַמאָל גע־הערט.

געוועזן איז עס נאָך דעם ווי איך האָב אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג לידער א. נ. „מיט לענדער גלייך״; לידער פון מיין ערשטער מרידה קעגן דעם וואַקסנדיקן סאָציאַלן אומרעכט, וואָס מ׳איז שוין צו יענער צייט באַגאַנגען קעגן דער יידישער און אַראַבישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל.

ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען — האָט מיך פּאַר די דאָזיקע לידער שאַרף אָנגעגריפן מיין באַקאַנטער לינקער פּאַרטיי־מנהיג, וואָס האָט זיין אָנגריף מאָטיווירט מיט דעם, וואָס מיט אַזעלכע לידער קאָן איך ברענגען שאָדן די אינטערעסן פון ארץ־ישראל, ווייל „דאָס וועגן וואָס איר שרייבט, איז אמת, נאָר מען דאַרף נישט תמיד דערציילן דעם אמת״ — „ווייל אייך — האָט ער צוגעגעבן — וועט מען גלויבן...״

מיין מנהיג האָט, מיט זיינע ווערטער, מיט אַזאַ דערקלערונג ווי: „אייך וועט מען גלויבן״ — מיר געמאַכט דעם גרעסטן קאָמפּלימענט, וואָס מען קאָן מאַכן אַ דיכטער, וועלכער איז ווי איך — אויסער אין אַ טורעם פון אַ בוידעם־שטיבל — קיין מאָל נישט געזעסן אין קיין העלפאַנטביין־טורעם״.

# וועגן מלך ראַוויטשעס אַ רעצענזיע
## איבער מיין בוך „דאָס לאַנד פון צווייטן בראשית"

אין „די גאָלדענע קייט" נומער 22, פון חודש אויגוסט 1955, האָט דער דיכטער מלך ראַוויטש אָפּגעדרוקט אַ רעצענזיע וועגן מיין בוך „דאָס לאַנד פון צווייטן בראשית". אין דער דאָזיקער רעצענזיע האָט זיך מ. ראַוויטש ראשית כל אַ נעם געטאָן אויסצוגעפינען ווער עס איז דער „געזעצלעכער" גייסטיקער פאָטער פון מיינע ארץ־ישראל־לידער און נישט לאַנג זוכנדיק — „געפונען", אַז סיי טעמאַטיש און סיי שפּראַכלעך און פאָרמעל — לעבן זיי אין זכות פון... שמואל יעקב אימבער.

אַוודאי איז ש. י. אימבער געווען אַ דיכטער מיט וועמען עס איז זיך נישט געווען צו שעמען און פון וועמען עס איז נישט קיין אומכבוד צו זיין דירעקט אָדער אומדירעקט באַאיינפלוסט.

אַוודאי האָט מלך ראַוויטש, ווי אַלע, וואָס שרייבן וועגן ביכער, דאָס רעכט צו האָבן אַזאַ מיינונג ווי ער האָט. די מעשׂה איז אָבער, וואָס אימבערס השפּעה אויף מיר איז נישט ראַוויטשעס אַ מיינונג, נייערט, אַ פעסטשטעלונג — הגם ער פּרוּווט עס אַפילו נישט באַווייזן, כאָטש מיט איינציקע שורות פון מיינע און פון אימבערס ארץ־ישראל־לידער — לדוגמה. מיינט אפשר ראַוויטש (ווי דאָס מיינען, ליידער, אַ סך פון אונדזערע קריטיקער), אַז מען דאַרף אים גלייבן אויפן וואָרט? אָדער האַלט ער אפשר, אַז נישט אַלע מאָל איז וויכטיק, וואָס עס זאָגט ווער, נאָר ווער עס זאָגט...



ש. י. אימבער האָט זיינע קאַרגע צוויי צענדליק לידער וועגן ארץ־ישראל פאַרעפנטלעכט (ווי ראַוויטש אַליין גיט אָן) אין יאָר 1912. משמעות, אַז ער זאָל זיי האָבן געשריבן נאָך אַ סך פריִער, ד. ה. אין יענע יאָרן ווען איך בין נאָך קיין שרייבער נישט געווען און נישט געלייענט נאָך קיין

לידער, און וואָס שייך ארץ־ישראל — נישט געזען נאָך דאָס לאַנד אַפילו אין חלום; געווען איז עס אין יענע יאָרן, ווען דיכטער חובבי־ציון אָדער גאַנצע ציוניסטן האָבן געשריבן ציון־לידער און „ציונס־קלאַנגען" — ווי זיי פלעגן אָנרופן זייערע לידער פון פלאַטאָנישער ליבע און בענקשאַפט צו ציון, דאָס הייליקע לאַנד פון די אָבות.

באַקענט האָב איך זיך מיט אימבערס ציוניסטישע לידער — ערשט אין די דרייסיקער יאָרן, ווען איך האָב שוין געהאַט אַרויסגעגעבן „אין זוניקן לאַנד", „גאָלדענע זאַמדן" און „מיט לענדער גלייך" — דריי זאַמלונגען לידער וועגן ארץ־ישראל — אין ארץ־ישראל; וועגן ארץ־ישראל נישט אין חלום, נאָר אויף דער וואָר; וועגן אַ חלוציש ארץ־ישראל אין בוי און אין איבערבוי; וועגן ארץ־ישראל אין קאַמף מיט דער וויסטעניש, אין קאַמף מיט דער ערד, און אין העראָישן קאַמף פאַר דער ערד און פאַר אַ פריי באַפרייט לאַנד, דערנאָך — וועגן ארץ־ישראל אין איר גרויסער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע; דאָס דערקלערן זי פאַר אַ יידישער מדינה, און — דאָס דערקלערן דער יידישער מדינה קריג — מצד זיבן אַראַבישע לענדער, וואָס זענען פון איר באַזיגט געוואָרן.

היות די צייט און די טעמע באַשטימען, נאָך מיין מיינונג, אויך די שפּראַך און די פאָרעם — זענען מיינע ארץ־ישראל־לידער צייטלעך, טעמאַטיש און במילא שפּראַכלעך און פאָרמעל, די בולטסטע באַווייזן קעגן ראַוויטשעס דיאַגנאָז וועגן אימבערס „געזונטע און גוטע השפּעה" אויף מיר.

פון ראַוויטשעס צושרייבן אימבערן דעם פאַרדינסט פאַרן ביסל גוטס אין מיינע ארץ־ישראל־לידער, האָב איך אַרויסגעפּילט נאָר איין אמת: זיין אַלטע, גרויסע פאַרערונג און ליבע צו אימבערן.

ביי דער געלעגנהייט — אַ באַמערקונג וועגן ראַוויטשעס אַ „טעכנישע באַמערקונג", הלמאי איך האָב נישט אָנגעגעבן אונטער אַלע לידער די דאַטעס.

ראַוויטש האָט זיך, זעט אויס, נישט געכאַפּט, אַז איך האָב די דאַטעס אָנגעגעבן נאָר אויפן לעצטן ליד פון יעדער לידער־גרופּע — לויטן יאָר ווען זיי זענען געשריבן געוואָרן.

# קינסטלערישער שליח־ציבור *

ווי מען קאָן נישט געבן קיין אַלזייטיקע, גרינטלעכע אָפּשאַצונג וועגן אַ שרייבער מיט וועמענס ווערק מען איז נישט גענוג באַקאַנט — אַזוי קאָן מען אויך נישט גרינטלעך און אַלזייטיק אָפּשאַצן אַן אַקטיאָר וועמען מען האָט נישט געזען אין אַ סך ראָלן, דער עיקר: אין זיין קרוינראָל, אָדער קרוינראָלן פּאַר וועלכע דער אַקטיאָר איז מער געאייגנט און אין וועלכע ער לעבט זיך צום בעסטן קינסטלעריש אויס.

יעקב מאַנסדאָרפן האָב איך בסך־הכל געזען דריי מאָל שפּילן טעאַטער; פון די דריי מאָל — נאָר איין מאָל אין יידיש און צוויי מאָל אין העברעיִש. אין יידיש האָב איך אים געזען אין פּאַריז אין „פּיאַט" — ווי עס האָט דעמאָלט געהייסן דאָס פּאַריזער יידישע אַרבעטער־טעאַטער. שוין דעמאָלט, מיט איבער צוואַנציק יאָר צוריק, האָט מאַנסדאָרף, ווי איך געדענק — געשפּילט די „ערשטע פידל", די הויפּטראָל, הייסט עס, און אַרויסגעוויזן גרויס מייסטערשאַפט.

די צוויי פאָרשטעלונגען אין העברעיִש האָט מאַנסדאָרף געגעבן אין תל־אביב, אונטער זיין אייגענער רעזשי. געשפּילט האָט ער אין פינטשעווסקיס „איך לעב" (חי אני) און אין אַ פראַנצויזישער צוויי־ראָלן־פּיעסע „הער לאַמבאַרטיע". ווי אין יידיש — אַזוי האָט מאַנסדאָרף געהאַלטן דעם עולם געשפּאַנט אויך אין העברעיִש, און באַוויזן, אַז מיט אַזאַ קולטור וואָס מאנסדאָרף פאַרמאָגט — קאָן מען אויך אין אַן אויסגעלערנטער שפּראַך זיך פילן היימיש־פריי.

---

* פונעם בוך „יעקב מאַנסדאָרף אין זיין דור" — אַרויסגעגעבן נאָך זיין טויט מיט דער מיטהילף פון דער קולטור־פעדעראַציע און הסתדרות עברית, אין יאָהאַנעסבורג און פון דעם יעקב מאַנסדאָרף־פאָנד אין ראָדעזיע.

יעקב מאַנסדאָרף, וואָס איז צו זיין קינסטלער־באַרוף געווען געבענטשט מיט אַ דראַמאַטיש־דינאַמישער שטים און מיט אַ זעלטענער דיקציע, האָט זיך פאַרנומען אויך מיט וואָרט־קאָנצערטן פון דעם בעסטן פון דער אייראָ־פעיִשער און יידישער ליטעראַטור.

ווען מען זאָל בלויז אָפּשאַצן דעם גרויסן פאַרדינסט וואָס מאַנסדאָרף האָט פאַר דער יידישער ליטעראַטור, וועלכער ער האָט געדינט שוין יאָרן־לאַנג, ווי איר קינסטלערישער שליח־ציבור און פאָפּולאַריזאַטאָר אירער אויף זיין אייגנאַרטיקן קינסטלערישן נוסח; ווען מ׳זאָל דאָס אַליין בלויז אָפּשאַצן — האָט יעקב מאַנסדאָרף בלי שום ספק פאַרדינט די פאַרערונג פון אַלע פריינד פון ערנסטן יידישן וואָרט איבער דער וועלט.

# צו יצחק פרענקלס האַלבן יובל

פאַר קיינעם איז צייט נישט אַזוי רעלאַטיוו, ווי פאַרן קינסטלער, ווייל דער אמתער קינסטלער האָט אייביק דאָס געפיל, אַז ער שטייט כּסדר נאָך ביים אָנהייב פון זיין שאַפן.

אויך דעם מאָלער יצחק פרענקל איז, ווי אַן עכטן קינסטלער, אַוודאי נישט פרעמד דאָס דאָזיקע געפיל פון שטענדיק שעפערישער נישט־גע־זעטיקטקייט און אומרו, און דאָך — אָטעמען, דאַכט זיך, זיינע בילדער מיט עפּישער רויִקייט און מייסטערישער זיכערקייט און צילבאַוווּסטקייט.

ס׳איז שווער צו זאָגן, וועלכער זשאַנער איז פרענקלען אייגנטימלעכער און אין וועלכע בילדער ער לעבט זיך קינסטלעריש מער אויס, צי אין זיינע פראַכטפולע פּייזאַזשן און שטיללעבנס, צי אין זיינע מיט קראַפט גע־מאָלענע פּאָרטרעטן; אויף אַלע בילדער פרענקלס ליגן די פאַרבן שיכט אויף שיכט, ווי אָנגעוואַקסן שטיין אויף שטיין און אונטער זיי — די גרויסע שעפערישע אחריות, עקשנות און פאַרטיפונג, וואָס אין סך־הכל איז עס דער סטימול פון פרענקלס כּוח און וויטאַליטעט.

צווישן דער גרויסער צאָל בילדער, וואָס דער מאָלער האָט איצט אויס־געשטעלט אין תל־אביבער מוזעום, לכבוד זיינע פינף־און־צוואַנציק יאָר שאַפן — זענען אַ נייעס אין פרענקלס טעמאַטיק פיר־פינף בילדער פון גרעסטן יידישן פאָלקס־אומגליק: טרעבלינקע, פּאַרטיזאַנער אין אונטער־ערד, אויפשטאַנד אין געטאָ און אַנדערע ענלעכע בילדער, געמאָלט וויזיאָ־נעריש, אַזוי ווי יעדער לעבעדיקער ייד, וועלכער איז נאָר נישט פאַרפעצט און פאַרטעמפּט געוואָרן פון ווילטאָג — זעט זיי, נישט איין מאָל, אין חלום און כאַפּט זיך דערפאַר, נישט איין מאָל אויף, ווי מיט אַ פאַרלוירן, אָפּגעריסן האַרץ און צעשראָקן ביז וואַנזין.

אַגב, האָט זיך, אויסער פרענקלען, קיינער, דאַכט זיך, פון די ארץ־ישׂראלדיקע מאָלער, נישט צוגערירט צו דער דאָזיקער גרויליקער צייט־

טעמאַטיק. ווי מיר איז באַקאַנט, האַלטן די ארץ־ישׂראלדיקע מאָלער אויך ביים היינטיקן טאָג נאָך, אַז טעמאַטיק אין דער מאָלעריי איז איבערהויפּט שעדלעך און אַ פאַרשוועכונג פון דער „הייליקער" קונסט לשם קונסט, און מיינען, אַז אויף צו מאַכן קונסט־געשיכטע איז גענוג נאָר גוט אָפּצומאָלן אַן עק פון אַ הערינג, אָדער אַ קאָפּ פון אַ פיש...

ווי די איידל־געוויקלטע מאָלער, די „קונסט־לשם־קונסטניקעס" — אַזוי דאַרפן אויף פרענקלס „טרעבלינקע" דרייען מיט די נעז אויך די פיינ־שמעקערישע „קונסט־ליבהאָבער" און „קונסט־מבינים", וואָס שרייען (ווען מען ווייזט זיי אויך אין דער קונסט) דאָס פּנים פון דערווירקלעכקייט...

צו זיין האַלבן יובל ווינטש איך דעם מאָלער פרענקל ער זאָל זוכה זיין צו מאָלן דאָס גרויסע בילד פון צעצאָלונג און נקמה אין די מערדער פון טרעבלינקע, מיידאַנעק, אָשוויענטשים און אַלע אַנדערע גיהנומס, אין וועל־כע עס זענען אומגעקומען זעקס מיליאָן יידן. איך ווינטש אויך פרענקלען צו דערלעבן דעם טאָג, ווען קונסט וועט אויפהערן צו זיין דער קנין פון יחידי סגולה, פאַר סנאָבן, וואָס באַצירן מיט איר די לאַנגווייליקע סאַלאָנען און ווערן דער באַזיץ פונעם גאַנצן פאָלק.

1945

# צווישן אנשי־רוח — יידישע שרייבער

אַליין אַ סופר בישׂראל, אַ יידישער דיכטער, וואָס שוין באַלד אַ האַלב יאָרהונדערט פאַרקער איך, סיי פּערזענלעך, סיי קולטור־געזעלשאַפטלעך צווישן יידישע שרייבער, אַזוי, אַז כ׳האָב שוין איבערגענוג צייט געהאַט זיך צו דערוויסן, אַז שרייבער זענען נישט דאָס, וואָס די אַמאָליקע נאַיִווע יידישע לייענער, איבערהויפּט פון דער אַמאָליקער „ליבער פּראָווינץ״ אין אַמאָליקן פּוילן און ליטע פון פאַר דער היטלער־מלחמה, האָבן אין זיי געזען אָדער געוואָלט אין זיי זען: „העכערע וועזנס״, הימלמענטשן, מלאכים וואָס לאָזן זיך אַראָפּ אויף דער ערד, נאָר דעמאָלט, ווען זיי דאַרפן (ווי שטערבלעכע) עסן, טרינקען און טאָן אַנדערע פיזיאָלאָגישע באַדערפעניש...

פון דעסטוועגן פרעג איך נישט איין מאָל זיך אַליין: ווי קומט עס וואָס מענטשן ביי וועמען דאָס שרייבן זייערס איז אַ דירעקטע אָדער אומדירעקטע גייסטיקע שליחות צו מאַכן דעם מענטש גייסטיק שענער און ריינער, צו פלאַנצן אין אים מידות טובות — זאָלן, מיטן אויסנאַם פון יחידי סגולה — זיין אַליין ווי אויסגעהוילט פון דער עלעמענטאַרסטער מאָראַלישער התחייבות, אַפילו לגבי אייגענע קאָלעגן שרייבער. פאַר וואָס פעלט די שרייבער (איך רעד וועגן די יידישע שרייבער), פאַר וואָס פעלט זיי די קעגנזייטיקע חברישע סאָלידאַרע באַציִונג וואָס עס האָבן, למשל, שוסטערס, שניידערס, סטאָלאַרעס און אַנדערע בעלי־מלאכות, וואָס זענען אָרגאַניזירט אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען ווו זיי קעמפן נישט נאָר פאַר זייער לוין, נאָר זענען אויך גרייט פאַר באַליידיקן זייערס אַ חבר פון פאַבריק אָדער ווערקשטאַט — אַפילו אָפּצושטעלן די אַרבעט.

אמת — דער יידישער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין איז נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין, וואָס דאַרף פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון זיינע מיטגלידער; דער יידישער שרייבער־פאַראיין איז נאָר אַ קלוב, אַ

היים פאַר די שרייבער; איז וואָס? דאַרף אין אַ שרייבערהיים נישט זיין קיין קעגנזייטיקע טאָלעראַנץ און באַציִונג, קיין קאָלעגיאַלע, וואַרעמע אַטמאָספער, וואָס זאָל דערמעגלעכן די שרייבער צו זיצן ביי איין טיש און — זיך נישט אויסמיידן ווי קאָנקורענטן, וואָס גייען איינער אויפן צווייטנס לעבן?!...



ווי אַ לאַנגיאָריקער מיטגליד פונעם יידישן ליטעראַטן־פאַראיין און ווי אַן אָפטער מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פונעם פאַראיין, קאָן איך עדות זאָגן, אַז די שולד פון נישט קאָנען שאַפן אַ וואַרעמע אַטמאָספער אין דער שרייבער־משפחה ליגט ביי די, וואָס פירן אָן מיטן שרייבער־קאָלעקטיוו; ביי די אויסדערוויילטע און זעלבסט־דערוויילטע וואָס קוקן פון אויבן אַראָפּ צו די שרייבער פון די „כל הנערים״, צו די, וועלכע האָבן זיך נישט דערוואָרבן אַ וועלכע ס׳איז פּאָזיציע, ווי זיי, די אויסדערוויילטע, האָבן זיך עס דערוואָרבן, נישט אַזוי מיטן כוח פון זייער שרייבערישן טאַלאַנט, ווי מיטן כוח פון זייטיקע טאַלאַנטן, וואָס נישט יעדער שרייבער איז מיט זיי געבענטשט געוואָרן...

זיי, די אויסדערוויילטע און זעלבסט־דערוויילטע שרייבער, זענען צווישן זיך געבונדן מיט אַ נישט געשריבענעם הסכם לויטן אַלטן פּרינציפּ פון „שמור לי ואשמור לך״: אַ הסכם אויף קעגנזייטיק האָנאָרירן איינעם דעם צווייטנס כבוד און אָנצונעמען זיך איינער דעם צווייטנס קריוודע — וואָס זיי פּראַקטיצירן עס נישט לגבי די, וואָס האָבן נישט קיין פּאָזיציע אויף צו קאָנען זיך דעקן און שיצן קעגן יעדער עווענטועלער עוולה.

# אין ים פון ווערטער און רייד

נישטאָ, דאַכט זיך, אַזאַ גייסטיק־געזונטער מענטש, וואָס זאָל נישט האָבן אַ וועלכע ס׳איז פסיכישע שוואַכקייט אָדער שוואַכקייטן וואָס נישט יעדער, וואָס האָט זיי, וויל זיך אין זיי מודה זיין, אַפילו ווען ער וויס וועגן זיי.

מיינע שוואַכקייטן, וועלכע איך קען און בין זיך אין זיי מודה, זענען, למשל: קאָנען אַ סך שווייגן און וויניק — פאַרשווייגן; נישט קאָנען צו־פיל הערן רעדן און דערפאַר — זעלטן גיין צו אַ רעפעראַט — אַפילו אויף אַ טעמע, וואָס קאָן מיך אינטערעסירן.

צו מיינע שוואַכקייטן רעכן איך אויך צו מיין נישט קאָנען זיין העפ־לעך צו נודניקעס, איבערהויפט צו נודניקעס, וואָס שרייבן און ווילן כ׳זאָל זיי אויפן אָרט הערן און זאָגן מיין מיינונג, אָדער — מיין שוואַכקייט נישט צו לאָזן זיך אַרויפנעמען אויף יענעמס „קאַפּיטע", נישט וועלן, הייסט עס, האָבן יענעמס פנים, נאָר מיין אייגן פנים, מיין אייגענע וועלט־אָנשויונג, מיין אייגענע מיינונג.

די דאָזיקע שוואַכקייטן מיינע, געהערן אָבער נישט צו מיין טעמע וועגן רעדן און כ׳וועל זיי נאָך אַוודאי שענקן אַ באַזונדער קאַפּיטל.

אומקערנדיק זיך צו מיין טעמע, וויל איך פעסטשטעלן, אַז נוטה צו רעדן אַ סך, זענען איבערהויפּט די, וואָס האָבן צום וויניקסטן וואָס צו זאָגן... איך מיין: די איינגעבילדעטע, די אַלצווייסער, וואָס קיין שום קולטור־ און קונסט־פּראָבלעם איז זיי נישט פרעמד — אָפּגערעדט שוין פון פּאָליטיק, אין וועלכער זיי שווימען ממש אַרום ווי פיש אין וואַסער און זענען מיט אייך שטענדיק גרייט צו פירן וויכוחים, זיך "שפּאַרן אין אָפענע טירן" און בכלל געבן אויפקלערונגען וועגן אַלץ, וואָס זיי פאַרשטייען נישט און ווייסן נישט...

נישט קיין סך בעסער זעט עס אויס אינעם ווערטערוואַלד און אין ים פון רייד און פּראַזן ביי די, וואָס זייער קאָמוניקאַציע מיט דער געזעלשאַפט איז דאָס געשריבענע און געדרוקטע וואָרט — די שרייבער, מיין איך, די פּראָזאַיִקער און דיכטער, איבערהויפּט טאַקע די דיכטער, וואָס יאָגן זיך נאָך געפליגלטע ווערטער, נאָך ווערטער־קאָמבינאַציעס און וואָרטשפּיל, וואָס זיי האַלטן, זעט אויס, אַז דאָס זענען און דאַרפן זיין די הויפּט־עלע־מענטן אין דער פּאָעזיע.

אויך די פּראָזע, די בעלעטריסטיק ליידט פון צו פיל באַרעדעוודיקייט און איבעריקייט, פון איבערגעלאָדנקייט און פּסיכאָלאָגישע גריבלענישן און נאָך מער — אין איבעריקע נאַטור־שילדערונגען מיט וועלכע די שרייבער פילן נישט איין מאָל אויס אַ ליידיקייט...

וואָס שייך רעדן, זענען אויך צווישן שרייבער פאַראַנען רעדנער; רעדנער וואָס רעדן וועגן ליטעראַטור! רעדנער וואָס רעדן „ליטעראַטור" און רעדנער וואָס רעדן פּאָעזיע — אַפילו דאָרט ווו ס'איז נייטיק צו רעדן פּשוטע פּראָזע...

וואָלטן די שרייבער בכלל געוווּסט דעם סוד הצימצום, וואָלטן זיי, וואָס אַן אמת, געהאַט אַ פּאָר אָנגעשריבענע ביכער ווייניקער, דערפאַר אָבער — אַ פּאָר לייענער מער — מחמת די לייענער, בפרט אין אונדזער אַטאָ־מישער תקופה פון גרייכן אין משך פון געציילטע טעג צו דער לבנה — די לייענער פעלט דאָס געדולד צו גיין מיטן שרייבערס קעמלטריט, איבער בערג מיט ביכער.

מיט מיינע אויספירן וועגן דער מענטשלעכער שוואַכקייט אַ סך צו רעדן, בין איך, קאָן זיין, אַרויף אויף אַ געביט וואָס געהערט נישט מיר, נאָר די פּסיכאָלאָגן — וועט זיין, מיין איך, גענוג פאַר מיר דאָס, וואָס כ'האָב אויף דער טעמע זיך באַגרענעצט צו עטלעכע צענדליק שורות.

# די מורא פאַר נישט שרייבן

אַז אַ גרויסער שרייבער זאָל אַ מאָל אָנשרייבן אַ נישט געלונגען ווערק — איז באַקאַנט — אַפילו ווי אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. נאָר אַז אַ טאַלאַנטירטער שרייבער, וואָס האָט זיך אין דער ליטעראַטור שוין דערוואָרבן אַ בכבודיקע פּאָזיציע, זאָל פּלוצעם נעמען שרייבן און דרוקן איין שאַפונג ערגער פון דער אַנדערער און דערגיין אַפילו צו גראַפאָמאַניע — איז אַ דערשיינונג אויף וועלכער ס'איז כדאי, מיין איך, זיך אָפּצושטעלן און צו באַהאַנדלען זי מיטן גאַנצן ערנסט. איבערהויפּט איז אַזאַ דערשיינונג אויפפאַלנדיק ביי די, וואָס זייער געביט אין דער ליטעראַטור זענען די קורצע, ריטמישע, געגראַמטע אָדער נישט־געגראַמטע שורות — די דיכטקונסט.

לויט מיין באַשיידענער מיינונג, איז אַזאַ דערשיינונג אַ נאַטירלעכער פּועל יוצא פון גייסטיקער דערשעפּונג ביז — נישט צו האָבן וואָס צו זאָגן און נישט צו האָבן דעם גייסטיקן כוח זיך אָפּצושטעלן, צו מאַכן אַ שטיקל אָטעם־פּויזע אויף אָנצונעמען זיך מיט נייע שאַפונג־כוחות. פּשוטער גערעדט, הייסט עס: נישט קאָנען שווייגן אַ ביסל, נישט קאָנען נישט שרייבן ווען מען האָט נישט וואָס צו זאָגן. איז אָבער דער יצר־הרע ביי אַזעלכע דיכטער אַזוי גרויס, אַז ער דערפירט זיי צו אומרו — אַקוראַט ווי די וועלט וואָלט ביי זיי כסדר געמאָנט זיי זאָלן אָן איבעררייס ליפערן די איידעלע מאַטעריע, וואָס הייסט פּאָעזיע, אָדער ווי מען רופט דאָס פּאַכמעניש: דיכטונג.

דער אומרו ביי יענע דיכטער, וואָס הערן פּלוצעם אויף צו קאָנען אָנשרייבן כאָטש יעדן צווייטן טאָג אַ ליד — דערקען איך נישט נאָר פון די שלעכטע לידער, וואָס זיי נעמען פּלוצעם שרייבן, נאָר אויך פון זייער נאָכפרעגן זיך ביי זייערע קאָלעגן דיכטער, ווי זיי האַלטן עפּעס מיט דער „מוזע" — צי זיי שרייבן, הייסט עס. צום שטוינען, זענען צווישן די אומרויקע נאָכפרעגער פּאַראַנען דיכטער פון דער "מזרח־וואַנט", אַזעלכע וואָס זענען געוווינט כסדר צו לאָזן פון זיך הערן און נישט לאָזן, אַז די וועלט זאָל, חלילה, איין טאָג פאַרגעסן זייער עקזיסטענץ...

אַז כ׳האָב איינעם אַזאַ דיכטער געזאָגט, אַז כ׳האָב שוין אַ האַלב יאָר צייט נישט אָנגעשריבן קיין איינציקע שורה, האָט ער אויף מיר אַ דערשראָקענעם קוק געטאָן ווי אויף אַ פאַרלוירענעם מענטש און נאָך אַ ווײַלע פאַרטראַכטן זיך, געזאָגט: איך מיין פון דעסטוועגן, אַז מען דאַרף זיך אַ מאָל אויפצווינגען און שרייבן. דעם דיכטער איז אַוודאי נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז כ׳וואָלט אים געקאָנט אָנווייזן אויף יעדן ליד זיינעם, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אויפגעצוווּנגענערהייט... ער איז אבער נישט דער איינציקער יידישער דיכטער, וואָס האָט ביי מיר געטאָפּט דעם שעפערישן דופק — כדי צו וויסן ווי ער אַליין האַלט מיטן געזונט...

ווי איך האָב שוין פריִער באַמערקט, איז דעם שרייבערס אומרו פאַרן פלוצעמדיקן אָפּשטעלן זיך פון דער שעפערישער פּאָטענץ — אַ דערשייַנונג וואָס איז סימפּטאָמאַטיש ביי די יונגע און מיטליאָריקע שרייבער, און זייער זעלטן — ביי עמעצן פון די עלטערע שרייבער, ביי די, וואָס האָבן אין משך פון אַ סך יאָרן שטעקן „מיט ביידע פיס" אינעם באָדן פון דער ליטעראַטור — געשלאָגן אין איר טיפע וואָרצלען און זיך אָנגענומען אויך מיטן כוח צו קאָנען (ווען נייטיק איז) לאַנג צו שווייגן און — נישט פאַרשוויגן צו ווערן.

## טעאָריעס...

יעדער קולטור־שעפערישער מענטש, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט אַ וועלכער ס'איז אידייע, מעג זי זיין, די אידייע — אַן אידייע־פיקס ווי אַזוי מתקן זיין די וועלט — שאַפט ער זיך פאַר זיין אידייע אויך אַ טעאָריע אויף צו באַגרינדן זי און דער עיקר: אויף צו געווינען פאַר איר אַנהענגער.

אויך שרייבער און קינסטלער האָבן טעאָריעס אויף צו באַגרינדן זייער שאַפן; טעאָריעס אַ סך מער ווי אידייען, און אַפילו טעאָריעס פאַר אידייע־לאָזיקייטן...

זייענדיק פאַרבונדן מיט דער יידישער ליטעראַטור שוין צענדליקער יאָרן, שטעל איך פעסט, אַז וויפל עס זענען פאַראַנען ליטעראַטור־געביטן — אַזוי פיל טעאָריעס האָבן געשאַפן די שרייבער גופא — יעדער פאַר זיין אָפּצווייג, פאַר זיין געביט מיט וועלכן ער איז זיך מתעסק.

אַזוי, למשל, האָב איך אַ מאָל געהערט אַ רעפעראַט פון אַ יידישן שרייבער אַ ראָמאַניסט, וועלכער האָט טעאָרעטיש „באַוויזן", אַז ווען מען רעדט וועגן פּראָזע, מיינט מען נאָר דעם ראָמאַן אָדער די גרויסע נאָוועלע, נאָר אַזאַ בעלעטריסטיש ווערק וואָס פאַרמאָגט, ווי די קריטיקער רופן עס: „די ברייטע לייוונט", „די קאַנווע" און נאָך אַזעלכע שטאָפן, וואָס זענען, מיין איך, גוט פאַר אַ מאַנופאַקטוריסט...

— די קליינע דערציילונג — האָט דער ראָמאַניסט געזאָגט — איז נאָך מיין „באַשיידענער" מיינונג, נישט קיין יש פאַר אַ ליטעראַטור.

דאַקעגן — האָב איך געהערט פון זייער אַ באַדייטנדיקן שרייבער פון קליינע דערציילונגען — וועגן דער אומנייטיקייט פונעם גרויסן ראָמאַן, וואָס לאָזט דעם לייענער זיך נישט קאָנצענטרירן און מאַכט אים מיד; אַז אויך אויף אַ ראָמאַן איז גענוג עטלעכע געציילטע זייטלעך און נישט קיין הונדערטער זייטן...

אַזוי האָב איך אויך געהערט אַ מאָל ווי אַ דיכטער, אַן עפּיקער, האָט פאַרלייקנט די ליריק און איר צוגעשריבן מענערישע ווייבערישקייט, און

פאַרקערט — האָט אַ ליריקער פאַרביינט די עפּישע דיכטונג וואָס איז, לויט זיין מיינונג, נישט אינטערעסאַנט און לאַנגווייליק...

פון אַ דיכטער, וואָס שרייבט פאַרנעפּלט, האָב איך געהערט, אַז קלאָר־קייט אין לידער איז אַ חסרון; אַז פּאָעזיע דאַרף זיין פאַרנעפּלט, מחמת פאַרנעפּלטקייט מיינט פּאַרטיפּטקייט...

די קוריאָזסטע טעאָריע, וואָס איז מיר אויסגעקומען צו הערן, איז גע־ווען די טעאָריע פון אַ זשורנאַליסט: ער האָט בכלל פאַרלייקנט די נוצלעכ־קייט פון דער שיינער ליטעראַטור און אויפגעהויבן די זשורנאַליסטיק פאַר דער איינציקער נוצלעכער פאָרעם פאַר געזעלשאַפטלעכער קאָמוניקאַציע...

בקיצור — מיר זענען ברוך השם רייך אין טעאָריעס, ווי מיט רפואות צו מכות. די צרה איז אָבער, וואָס נישט פון אַלע רפואות קאָן מען געהיילט ווערן — מחמת דאָס רוב טעאָריעס האָבן אַ טבע אָפּצוטאָן שפּיצלעך און צו שטעלן זיך צוזאַמען מיט זייערע אידייען — קאָפּ־אַראָפּ — קעגן דער געזונטער, שכלדיקער רעאַליטעט.

# ווענן דער שיינער
# אָדער גוטער שורה

אָפּגעבנדיק זיך מיטן געשריבענעם און געדרוקטן וואָרט: מיט דער ליטעראַטור — בין איך אין הלכות פּאָעזיע, נישט נאָר אַ לידער־שרייבער, נאָר בכלל אַ ליבהאָבער פון לידער, ממש אַ לידער־נאַשער פון גוטער פּאָע־זיע. פאַר מיר איז דאָס ליד אין דער ליטעראַטור, די ראָזשינקע, ווי די פּראָזע איז פאַר מיר (פּראָזאַיש גערעדט): דאָס געבאַקענע טייג. נאָך ריכ־טיקער וואָלט געווען צו זאָגן, אַז דאָס פּאָעטישע ליד איז דער עקסטראַקט, דער זאַפט פון אַ פּרוכט, און די פּראָזע — די פּרוכט מיט דער שאָלעכץ צוזאַמען.

אַז איך קריג אַריין אין דער האַנט אַ ליטעראַרישע אויסגאַבע אָדער אַ צייטונג אין וועלכער ס׳זענען אָפּגעדרוקט לידער — לייען איך פריִער פאַר אַלץ די לידער און דערנאָך די פּראָזע.

דאָס וואָס איך טו, טוען אַוודאי אויך אַנדערע דיכטער. נאָר ווי איך האָב עס געזען און געהערט, איז די ראָזשינקע ביי נישט איין דיכטער, נישט אַזוי דאָס ליד אין דער גאַנצקייט, ווי — די שיינע אָדער גוטע שורה, וואָס זיי געפינען אינעם ליד.

נישט איין מאָל האָט נישט איין דיכטער, בפרט אַ דיכטער, וואָס איז אויך אַ רעדאַקטאָר — מיט צופרידנקייט מיר אָנגעוויזן אויף אַ שורה, וואָס ער האָט געפונען אין עמעצענס אַ ליד — אַקוראַט ווי די שיינע אָדער גוטע שורה וואָלט געווען דאָס זאַלץ פון דעם וואָס הייסט פּאָעזיע.

ווייסן נישט יענע דיכטער־לייענער און דיכטער־רעדאַקטאָרן וואָס שטעלן זיך אָפּ אויף אַ שיינער אָדער גוטער שורה, אַז אַזעלכע שורות קאָן מען אויך געפונען ביי גראַפאָמאַנען צו וועלכע די שיינע אָדער גוטע שורה האָט זיך זיי ערגעץ צוגעקלעפּט?...



איך קען טאַלאַנטירטע דיכטער וועמענס לידער מיר איז שווער צו לייענען צוליבּ זייערע צו פיל שיינע שורות און צו פיל מעטאַפאָרן — ווי איך קען טאַלאַנטירטע שרייבער (סיי דיכטער און סיי פּראָזאַיִקער), וואָס קאָנען נישט שרייבן...

איך ווייס, אַז דאָס וואָס כ'האָב דאָ געזאָגט וועט קלינגען — אויב נישט ווי אַן אומזין — ווי אַ פּאַראַדאָקס. ס'איז אָבער אַ פאַקט וואָס נישט איין רעדאַקטאָר קאָן באַשטעטיקן, אַז ער האָט נישט איין מאָל זייער שווער געאַרבעט ביים רעדאַגירן אַ כתב־יד פון אַ טאַלאַנטירטן און אַפילו גרויסן שרייבער — כדי צו באַפרייען אים פון דער איבערגעלאָדנקייט, סטיללאָזי־קייט און שפּראַכלעכער נאַכלעסיקייט.

ס'איז, מיין איך, נישט גענוג אָנצוואַרפן מאַטעריאַל, מעג ער זיין פונעם בעסטן מין; מען דאַרף אויך קאָנען בויען, אויפבויען פונעם מאַטע־ריאַל אַ בנין, אַזוי, אַז מען זאָל פון אים קיין איין ציגל נישט קאָנען אַרויס־נעמען — אַז דער בנין זאָל נישט איינפאַלן... איך מיין דערמיט: די אומ־באַדינגטע נויטווענדיקייט און אומפאַרבייטלעכקייט פונעם וואָרט, וואָס איז אין דער פּאָעזיע כולל אויך דעם קלאַנג און די פאַרב.

די שיינע אָדער גוטע שורה, די מעטאַפאָרע אין אַ ליד, קאָן זיין אַ ראָזשינקע ,אָבער עסן בלויז ראָזשינקעס קאָן מען נישט, ווי מען קאָן נישט טרינקען בלויז עסענץ...

די מאָס פאַר אַן עכט דיכטעריש ליד איז: פשטות, וואָס לאָזט זיך נישט נאָכמאַכן; איבערצייגנדיקע איבערלעבונג און דער „מאַי קא משמע לן" — וואָס לאָזט דאָס ליד אונדז הערן — אַז מיר זאָלן עס וועלן הערן?...

# כ׳האָב מיין ליד נישט דערקענט...

אין יאָר 1948, בעת ישׂראל האָט אין קריג מיט די אַראַבישע לענדער מאָביליזירט אויך אַלע אַרטיסטישע כוחות, וואָס האָבן מיט פּאַסיקן מאַטעריאַל פאַר געזאַנג און רעציטאַציע אויף אַ קינסטלערישן אופן געוועקט און געהויבן דעם קאַמפּלוסט און מוט ביי די מאָביליזירטע — האָב איך איין מאָל, גייענדיק אין גאַס, געהערט פון אַ פאַרמאַכטער טעקסי אַ הילכער און פון הילכער — אַ פּרויענשטים, וואָס האָט מיט גרויס פּאַטאָס רעציטירט אַ ליד פון וועלכן איך האָב קוים אויפגעכאַפּט עטלעכע שורות, וואָס האָבן מיר אויסגעזען צו זיין זייער באַקאַנט, נאָר — בשום אופן נישט געקאָנט זיך דערמאָנען וועמענס זיי זענען. ווען כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט צו הערן דאָס ליד ביזן סוף, האָט זיך אויך די טעקסי אָפּגעשטעלט און פון איר איז אַרויסגעשפּרונגען די רעציטאַטאָרין, וואָס האָט מיך פּערזענלעך געקענט און דערזעענדיק מיך האָט זי מיט פרייד מיך הויך אַ פרעג געטאָן:

— האָט איר געהערט פון מיר אייער ליד „כ׳האָב די ברידער נישט דערקענט״?

— און איך האָב מיין ליד נישט דערקענט — האָב איך איר שפּאַסיק געענטפערט.

איך דערמאָן דעם דאָזיקן פאַקט — אין שייכות מיט דעם, וואָס נישט איבער אַלע מיינע לידער, וואָס מיר קומט אויס צו הערן רעציטירן אָדער זינגען — קאָן איך אַריבערגיין מיט שפּאַס.

נישט איין מאָל האָב איך, הערנדיק זיך דורך אַ צווייטן — נישט דערקענט מיין אייגן פּנים און — געוואָרן דערביי אָנגעפילט מיט ערגערניש און פאַרדראָס.

נישט איין מאָל האָב איך דעם רעציטאַטאָר אָדער זינגער, בעת מעשה, אויפן אָרט, געגעבן אָנווייזונגען ווי אַזוי ריכטיק צו באַהאַנדלען מיין ליד — איבערהויפּט ביים זינגען עס מיט מיין אייגן קאָמפּאָנירטער

מעלאָדיע. אַזוי, למשל, האָב איך, זייענדיק אין יאָר 1951 אין דרום־אַפֿ־ריקע, געהערט פון צוויי פּראָפעסיאָנעלע זינגער מיין זייער פּאָפּולער ליד „זאָל זיין" און — געראַטעוועט עס פון צו ווערן ביי זיי אַן אייביקע קאַליקע... כ'האָב עס פשוט עטלעכע מאָל פאַר זיי איבערגעזונגען און געגעבן זיי די מעגלעכקייט ריכטיק אויפצונעמען מיין מעלאָדיע, וואָס וואַנדערט שוין יאָרנלאַנג אַרום אַ נישט־פאַרשריבענע אויף נאָטנפּאַפּיר. ליידער לאָזט זיך דאָס אָבער נישט מאַכן מיט יענע רעציטאַטאָרן און זינ־גער, וועלכע מען הערט נישט אַליין, פּערזענלעך.

דאָ נישט לאַנג האָב איך, פאַרבייגייענדיק אין גאַס פאַר אַ געשעפט מיט מוזיק־אינסטרומענטן, — גאַנץ צופעליק געהערט מיין ליד „זאָל זיין" — אויף אַ פּאַטעפאָן־פּלאַטע. געזונגען האָט עס אַ העברעיִש־יידישע זינגערין מיט נישט קיין שלעכטער שטים, נאָר אָן אַ ברעקל געפיל און פאַרשטענדעניש פאַר מוזיקאַלישער אינטערפּרעטאַציע — צוויי געווגנ־דיקע חסרונות אויף נישט צו קענען זינגען. דערצו נאָך האָט דער אַקאָמפּאַ־ניאַטאָר אירער, מיט זיין „באַאַרבעטן" מיין מעלאָדיע — אַוועקגענומען פון מיין ליד יעדן חן פון פּאָלקסטימלעכקייט און פשטות, אַוועקגענומען דערפון — די נשמה.

בעתן הערן, וואָס די זינגערין מיטן אַקאָמפּאַניאַטאָר האָבן געמאַכט פון מיין באַליבטסטן, פּאָפּולערסטן ליד, בין איך גרייט געווען (ווען כ'וואָלט געקאָנט) אויפקויפן די גאַנצע אויפלאַגע פון דער־אָ פּאַטעפאָן־פּלאַטע און מאַכן דערפון אַ באַרג שערבלעך...

ליידער בין איך אָפּגעקומען בלויז מיט וועלן און מיט אָנשרייבן די דאָזיקע שורות פון פאַרדראָס און פּראָטעסט קעגן דער גייסטיקער הפקרות פון די יעניקע, וואָס אָנעם וויסן און אָן דער הסכמה פון מחבר — נעמען זיי זיך דאָס רעכט מסרס צו זיין זיינס אַ שאַפונג.

# נאָך וועגן מײַן ליד „זאָל זײַן"...

אין מײַן בוך „היימישע און נאָענטע", וואָס איז אין יאָר 1964 דערשי־נען ביים י. ל. פּרץ־פֿאַרלאַג, האָב איך, אין שייכות מיט מײַן זייער פּאָפּולער ליד „זאָל זײַן" — דערציילט אַ היפּש ביסל קוריאָזיטעטן, וואָס זענען אַרומ־געוואַקסן אַרום דעם דאָזיקן ליד. צוליב דעם, וואָס פֿון יענער צייט ווען כ׳האָב דאָס אַרטיקל אָפּגעדרוקט, זענען אָפּגעלאָפֿן קאַרגע אַכט יאָר, און ס׳זענען צוגעקומען נאָך קוריאָזן — ברענג איך זיי דאָ פֿאַר די לייענער.

ווי איך האָב שוין דערציילט אין מײַן אַמאָליקן אַרטיקל, האָבן זיך גע־פֿונען פּראָפֿעסיאָנעלע און אויך „היימישע" זינגער און זינגערינס, וועמען מײַן ליד האָט אויסגעזען צו זײַן צו קורץ און זיי האָבן אַליין צוגעשריבן שורות, אַז עס זאָל זײַן וואָס צו זינגען...

מיר אַליין איז אויסגעקומען צו הערן פֿון אַ זינגערין, אַזאַ פֿאַרלענ־גערט ליד „זאָל זײַן", פֿון וועלכן ס׳איז מיר, פּשוט, פֿינצטער געוואָרן פֿאַר די אויגן, ווײַל דאָס ליד האָט זיך ביי איר נישט געענדיקט, ווי ביי מיר, מיט אַ „זוניקן וועג", נאָר מיט אַ „פֿינצטערע נאַכט"...

ביי אַ צווייטער זינגערין איז מיטן זעלבן ליד געשען אַ מיכשול צוליב אַ טעות אין איין וואָרט: דער זינגערין, אַ ספרדיה וואָס האָט נישט געקאָנט קיין יידיש, האָט זיך דווקא פֿאַרוואָלט זינגען „זאָל זײַן" אויף יידיש און דאָס — אין אַ פֿאָטעפּאָן־פּלאַטע. מיט זיבן פֿון די אַכט שורות פֿונעם ליד, האָט זי זיך, ווי עס איז, אַן עצה געגעבן, נאָר איין „קלייניקייט": אין דער אַכטער שורה, וואָס ענדיקט זיך מיט „אַ זוניקן וועג", האָט זיך ביי איר געענדיקט מיט אַ „זויניקן וועג"...

צוליב דעם איינעם וואָרט, זויניקן — אַנשטאָט זוניקן — האָט מען די פּלאַטע נישט אַרויסגעלאָזט צום פֿאַרקויף...

אַ זייער שיינעם עפּיזאָד אַרום מײַן ליד „זאָל זײַן", האָט דער באַ־רימטער יידישער קאָמיקער שמעון דזשיגאַן איבערגעגעבן דורכן ישׂראל־דיקן ראַדיאָ און שפּעטער — אינעם אַמעריקאַנער „פֿאָרווערטס".

דזשיגאַן האָט דערציילט, אַז ווען ער האָט זיך אין ראַטנפאַרבאַנד גע־פונען אַן אַרעסטירטער אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, און שפּאַצירנדיק מיט אַן „אָנגעזאָלצענער נשמה" איבערן לאַגער, האָט זיך צו זיינע אויערן פּלוצעם דערטראָגן אַ געזאַנג פון אַ יידיש ליד, וואָס איז אים געווען אומ־באַקאַנט און פאַרכאַפּנדיק שיין; געזונגען האָט עס אויך אַ לאַגערניק וואָס איז אים געגאַנגען אַנטקעגן. דזשיגאַן האָט אים אָפּגעשטעלט, געפרעגט אים וואָס ער זינגט, און דער עיקר — געבעטן ביי זיין אח־לצרה, אַז ער זאָל אים אויסלערנען דאָס ליד וואָס האָט גערעדט צו זיין געמיט; פאַר אויס־לערנען דזשיגאַנען דאָס ליד, האָט זיין אח־לצרה געוואָלט ביי אים זיין „פּאַיאָק" ברויט און די טראַנזאַקציע איז געשלאָסן געוואָרן פאַר אַ האַלבן „פּאַיאָק"...

די פּוענטע פונעם דאָזיקן עפּיזאָד האָט זיך אָבער אָפּגעשפּילט שוין נישט אין ראַטנפאַרבאַנד, נאָר אין אַמעריקע, ווו דזשיגאַן, אַ באַפרייטער, איז שפּעטער געקומען אויף גאַסטראָלן. בעת דזשיגאַנס אַן אויפטריט אין ניו־יאָרק, איז אין דער הפסקה אַרונטער צו אים הינטער די קוליסן אַ מאַן, וואָס האָט אים דערלאַנגט אַ פאַרוויקלטן קוילעטש... געווען איז עס דער געוועזענער לאַגערניק, וואָס איז געקומען דזשיגאַנען אָפּצאָלן פאַרן האַלבן „פּאַיאָק" ברויט, וואָס ער האָט ביי אים גענומען פאַר מיין ליד „זאָל זיין"...

איך האָף, אַז מיר וועט נאָך אויסקומען נישט איין מאָל צוצוגעבן נאָך קוריאָזן, וואָס וועלן אַוודאי אָנוואַקסן נישט נאָר אַרום מיין ליד „זאָל זיין", נאָר אויך אַרום אַנדערע לידער מיינע, וואָס ווערן געזונגען מיט מיין מוזיק.

# אַרום דעם מצב פֿונעם ייִדישן בוך

אַ באַקאַנטער ייִדישער שרײַבער, אַ פּראָזאַיִקער, האָט אין איינעם פֿון זײַנע לעצטע בריוו צו מיר, אויסגעדריקט זײַן צווייפֿל, צי עס עקזיסטירט נאָך אַ ייִדישע ליטעראַטור...

וווּנדערט מיך נישט אַזוי זײַן פּעסימיזם בנוגע דער ביטערער מערכה פֿון ייִדיש, ווי ס׳וווּנדערט מיך, אַז ער ווייסט נישט — אויב ער ווייסט טאַקע נישט — אַז אַ ייִדישע ליטעראַטור פֿאַרמאָגן מיר נאָך, ברוך־השם, אַ גאַנץ רײַכע, עס פֿעלט איר נאָר איין „קלייניקייט״: דער ייִדיש־לייענער, וואָס האָט אַמאָל אין דער נישט ווײַטער פֿאַרגאַנגענהייט, נישט געקאָנט זיך דער־וואַרטן אויף יעדן נײַעם בוך.

וואָס שייך לייענער, קאָן איך מײַן פֿרײַנד, דעם פּראָזאַיִקער טרייסטן, אַז אויך אין דער העברעיִשער ליטעראַטור איז דער מצב גאָרנישט פֿריילעך; אַז אויך אויפֿן העברעיִשן ביכערמאַרק איז — אַ חוץ לערנביכער — אַ לייענבוך געוואָרן דאָס לעצטע געברויך.

פֿון דעסטוועגן — האָט נאָך צוליב דעם שלעכטן מצב פֿונעם ייִדישן בוך, קיין איין ייִדישער שרײַבער נישט אויפֿגעהערט שרײַבן און וועלן אַרויסגעבן זייערע ביכער — ווי ס׳האָט נאָך נישט קיין פּרוּוו, צוליב איר שלעכט־מאַטעריעלן מצב, נישט אָפּגעזאָגט זיך פֿון האָבן קינדער...

אויך מײַן פֿרײַנד און קאָלעגע דער ייִדישער שרײַבער, וואָס צווייפֿלט צי ס׳איז נאָך פֿאַראַנען אַ ייִדישע ליטעראַטור — איז זייער שעפּעריש און לאָזט די נישט־לייענער פֿון ייִדיש, לאַנג נישט וואַרטן אויף זײַנס אַ בוך... און אַז מען גיט אַרויס ביכער — שרײַבט מען וועגן זיי (טאַקע די שרײַבער אַליין, איינער וועגן דעם אַנדערן), און אַז מען שרײַבט איינער וועגן דעם אַנדערן, איז: „שמור לי ואשמור לך״ און, שלום על ישׂראל! כאָטש איינער וואָלט דעם צווייטן, גוטערהייט דערטרונקען אין אַ לעפֿל וואַסער — צוליב דעם, וואָס יעדער שרײַבער דאַרף די געציילטע לייענער פֿאַר זיך אַליין...

ווי איך האָב שוין באַלד אין דער ערשטער שורה באַמערקט, איז דער צווייפֿלער צי ס׳איז נאָך פֿאַראַן אַ ייִדישע ליטעראַטור — אַ פּראָזאַיִקער, אַ

נאַטוראַליסט און ראָמאַנטיקער... באַוועליסט און ראָמאַניסט, וואָס ווען ער רעדט וועגן ליטעראַטור, מיינט ער אַוודאי די פּראָזע און „פּאַרגעסט", אַז ס'איז פֿאַראַן אויך אַ ליטעראַטור פון פּאָעזיע: אַ געביט וואָס יעדער צווייטער, דריטער מענטש — אויב ער איז נאָך געגנוג יונג און פאַרליבט — נעמט זיך דערצו — ווייל עס איז נישטאָ קיין „לייכטערע" זאַך ווי שרייבן לידער, בפרט, מאָדערנע לידער, וואָס נאָר די, וועלכע שרייבן זיי, פאַרשטייען זיי, פאַרשטייען איינער דעם אַנדערן, ווי שטומע פאַרשטייען זיך אויף שטום־לשון...

ווי איך האָב שוין געזאָגט — צווייפל איך נישט ווי מיין קאָלעגע דער פּראָזאַיִקער — צי ס'איז נאָך פאַראַן אַ יידישע ליטעראַטור, איך צווייפל נאָר, צי ס'איז אין דער ליטעראַטור נאָך פאַראַן אַזוינס, וואָס האָט אַמאָל „געהייסן" פּאָעזיע...

ווען איך רעד וועגן פּאָעזיע, מיין איך ווייט נישט דאָס, וואָס ווערט געשריבן אין גוטע ריטמען, גראַמען און אַסאָנאַנסן, ווי אויך נישט אין די אַלע איינפעלערישע ריין־טעכנישע פאָרמען, וואָס אויך שילער און שילע־רינס אין די שולעס לערנען זיך דאָס אויס...

אַגב, איז שוין אויך דער לימוד וועגן פּאָעזיע און פּאָעטיק, אין קיין שום שולע נישט אָבליגאַטאָריש, ווי דאָס איז געווען אין די גוטע צייטן פאַר ליטעראַטור, ווען יעדער שילער אָדער שילערין האָט בכלל געמוזט קענען די ליטעראַטור פון פאָלק און בעל־פּה — קענען לידער פון זייערע פּאָעטן און פון די פּאָעטן קלאַסיקער פון דער וועלט־ליטעראַטור.

וואָס שייך דער היינטיקער, דער מאָדערנער דיכטונג, שרייבן היינט דיכטער נישט ווייניקער, נאָר טאַקע מער לידער וויפל מען האָט געשריבן מיט יאָרן צוריק — כאָטש לייענער פאַר לידער דאַרף מען שוין זוכן מיט ליכט...

די סיבה פון פאַרלירן די לייענער אויך פאַר גוטע לידער פון גוטע פּאָעטן, פאַר לידער, וואָס דערהייבן, רעגן אָן און וועקן דורשט נאָך שיינ־קייט — ליגט אינעם מבול פון לידער, וואָס זענען די פּרוכט פון אַ דעגענע־רירטער תקופה, וואָס שאַפט טעאָריעס פאַר יעדער אומזיניקער, אומעסטע־טישער און אַמאָראַלישער דערשיינונג, אויך אין דער קונסט און ליטעראַטור.

# ליבע צו יידיש

די לעצטע יאָרן קאָן מען אין ישׂראל זייער אָפט הערן מצד העברעיִסטן פון אַלע שיכטן פון דער ישׂראלדיקער געזעלשאַפטלעכקייט ליבע־דערקלע־רונגען צו יידיש. די דערקלערונגען קומען, וואָס אַן אמת, נישט אָפיציעל דורך דער העברעיִשער פּרעסע און אויך נישט פון קיין עפנטלעכע טריבו־נעס, נאָר אין פּערזענלעכע, פּריוואַטע שמועסן צווישן „העברעיִסטן" און „יידישיסטן".

מיר אַליין קומט נישט איין מאָל אויס צו הערן אַזאַ ליבע־דערקלערונג מצד העברעיִסטן, וואָס זענען יאָרן לאַנג געווען נישט נאָר פּאַסיווע קעגנער פון יידיש, נאָר פיזיש־אַקטיווע אַנטי־יידיש־קעמפער. וועגן איינעם אַזאַ אַקטיוון שׂונא־יידיש, וואָס איז געוואָרן אַ בעל־תשובה און ליבהאָבער פון יידיש — האָב איך אַמאָל פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל א. נ. „די ווידוי פון אַ כוליגאַן" (זע אין דאָזיקן בוך). אַוודאי איז בעסער צו זאָגן וועגן יענעם אַז ער איז געווען אַ כוליגאַן, איידער צו זאָגן, אַז ער איז אַ כוליגאַן. נאָר מיך האָט זיין ליבע־דערקלערונג צו יידיש געלאָזט קאַלט און אַפילו שאָ־קירט, ווי עס שאָקירט מיך בכלל יעדע ליבע־דערקלערונג צו יידיש — אַפילו פון די יידיש־אַפּאָלאָגעטיקער, פון יידישע דיכטער.

אויך איך האָב נישט ווייניק געשריבן און פאַרעפנטלעכט לידער וועגן יידיש, אָבער נישט קיין ליבעלידער צו יידיש נאָר לידער פאַרבונדן מיטן טראַגישן גורל פונעם יידישן פאָלק; לידער וועגן יידיש, וואָס מען האָט געשאָכטן צוזאַמען מיט די יידיש־שעפער און לידער וועגן יידיש, וואָס יידן אַליין האָבן פאַרהאַסט און פאַרשפּיגן...



צי האָט שוין ווער געהערט אַז אַ פּאָליאַק, רוס, דייטש אָדער ווער־עס־איז פון אַן אַנדער נישט־יידיש פאָלק זאָל אויף וועלכן ס'איז אופן זיך דערקלערן אין ליבע צו זיין שפּראַך, ווי עס טוען יידישע קולטור־מענטשן, שרייבער, דיכטער (איבערהויפּט טאַקע דיכטער), וואָס פאַרגייען זיך אין שירה ותשבחות צו מאַמע־לשון יידיש, ווי יידיש וואָלט ווירקלעך געווען די

שענסטע, בעסטע שפּראַך — ווייל „מען פאַרשטייט יעדעס וואָרט"...

ווען מען זאָל מיך, למשל, פרעגן וועלכע שפּראַך געפעלט מיך פּאָ־נעטיש בעסער אָדער שענער פון יידיש, וואָלט איך זיכער געענטפערט אַז פראַנצייזיש, איטאַליעניש אָדער רוסיש געפעלט מיר בעסער, נאָר מיין לשון איז יידיש, ווייל ס'איז דאָס לשון פון מיין פאָלק און כ'וועל עס נישט איינטוישן אויף קיין צווייט לשון. מאַכן אָבער פון אַ שפּראַך אַ פעטיש איז: אי נאַציאָנאַלער שאָוויניזם, אי אומזין — מחמת שפּראַך איז נישט קיין ציל פאַר זיך, נאָר אַ מיטל צום ציל, אַ מיטל צו קאָמוניקאַציע און פאַרשטענ־דיקונג. איך וואָלט געזאָגט, אַז שפּראַך איז די לופט מיט וואָס אַ פאָלק אָטעמט. טאָ וועדער זינגט עס ליבעלידער צו לופט — ווי גוט די לופט זאָל נישט זיין?...

אויב איך קעמף נאָך היינט פאַר די רעכט פון יידיש אין ישׂראל — ווי כ'האָב אַלע מאָל געקעמפט — איז עס נאָר דערפאַר, ווייל יידיש איז מיין שפּראַך, וואָס איך האָב, ווי מען זאָגט עס, געזויגן מיט דער מאַמעס מילך; ווייל יידיש איז געוואָרן די שפּראַך פון מיליאָנען קדושים; די שפּראַך, אויף וועלכער איך זינג און וויין און די שפּראַך פון טויזנט יאָר קולטור און ליטעראַטור־געשיכטע, וואָס קיינער האָט קיין רעכט נישט אויסצומעקן זי פון דער וועלט־געשיכטע.

*

די פּלוצעמדיקע ליבע צו יידיש, מצד די יידיש־קעגנער און יידיש־באַקעמפער איז, מיין איך, נישט דאָס קומען זייערס צום יידיש־באַוווסט־זיין אָדער צו חרטה פאַר זייערע אַמאָליקע זינד קעגן יידיש, נייערט — פון רחמנות האָבן אויף די יידישע שרייבער, וואָס האָבן אין העברעיִשן ישׂראל נישט געפונען קיין באָדן אויף קאָנען ממשיך זיין זייער יידיש שאַפן...

אויך די אַפּאָלאָגעטיק צו יידיש מצד די יידישע דיכטער, די יידיש־באַזינגער, קומט נישט אַזוי פון ליבע צו יידיש, ווי זי קומט פון רחמנות... אויף זיך אַליין, אויף דער טרויעריקער מערכה פון יידיש און אויפן גורל פונעם יידישן ליד, וואָס האַלט אין איין פאַרלירן די יידיש־הערער און איז פול, דערפאַר, מיט נאָסטאַלגיע, וואָס קלינגט ווי יעדע נאָסטאַלגיע... מיט „רעקוויעם"...

# פון מיין אני מאמין

ווי שווער ס'איז טאַטע־מאַמען אָפּצוזאָגן זיך פון זייערע לייבלעכע קינ־דער (אַפילו פון די נישט־געראָטענע) — אַזוי איז דעם קינסטלער שווער אָפּצוזאָגן זיך פון זיינע פּערזענלעכע יחידישע שאַפונגען פון וועלכע ער גייט אַ מאָל, נישט־ווילנדיק, אַוועק — פאַרכאַפּט און פאַרשלונגען פון צייט־שטראָמען, וואָס טראָגן אים און ברענגען אים נישט איין מאָל, אַ צעטראָ־גענעם און אַ צעשויבערטן צוריק צו דער אייגענער שוועל...

✶

נישט פאַראַן צווישן קינסטלערס, שרייבערס, פּאָליטיקער, קעמפּערס, אַזאַ, וואָס זאָל דינענדיק וועלכער ס'איז אידייע פון כלל — זיך קאָנען אָפּזאָגן פון זיין פּערזענלעך לעבן, וואָס איז אים נישט ווייניקער טייער, ווי דאָס לעבן פון מיליאָנען פאַר וועלכע ער קעמפט — כדי אין זייער דער־לייזונג דערלייזן זיך אַליין — דעם יחיד.

✶

נישט פאַראַן קיין אַלטע אָדער נייע טעמאַטיק. יעדע טעמע איז אייביק ווי דאָס לעבן; זי בייט נישט דעם אינהאַלט, נאָר די פאָרעם און זי גיט באַרעכטיקונג נאָר אַזאַ ווערק, וואָס איז אמת קינסטלעריש און אמת מענטש־לעך.

✶

אַ שרייבער, וואָס איז געטריי זיך אַליין, זיין אייגענער וועלט — שעמט זיך נישט מיט זיינע געפילן און איבערלעבונגען און ער באַהאַלט זיי נישט

ווי גייסטיקע מיחושן — אונטערן דעקמאַנטל פון איקס־איגרעק, ווי עס טוען עס נישט ווייניק דיכטערס, נאָוועליסטן און ראָמאַניסטן — אַפילו אין ווערק וואָס זענען דורכויס אויטאָביאָגראַפיש. די דאָזיקע שרייבערס וואָס טרייסלען זיך אָפּ פון זיך אַליין און וואַרפן אַרויף זייערע פּערזענלעכע נישט אָנגענעמע, אָדער אומבאַקוועמע איבערלעבונגען — אויף זייערע צוגעטראַכ־טע העלדן און טיפּן — פאַרגעסן אָדער ווייסן נישט, אַז מיטן דערווייטערן זיך פון זיך אַליין, דערווייטערן זיי זייערע שאַפונגען פונעם קינסטלערישן אמת, מחמת ווען אַ שרייבער זאָגט „איך" — איז עס דאָס העמד אויף זיין לייַב — בעת דער אַנאָנימער איקס־איגרעק איז זיין אויבערמאַנטל...



ביי אַ גערעכטן סדר־העולם וואָלטן מענטשן, לויט זייערע נטיות און ווונטשן, געקאָנט זיין דאָס, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט זיין און — זענען נישט. דערפאַר — אַזאַ אייביקע מרידה ביי די, וועמענס ריינע געפילן פאַר אמת און יושר עס ווערן דערשטיקט פון שטאַרקערע אומריינע כוחות; דערפאַר גיבן דאָס רוב שרייבערס און קינסטלערס — די אָפּשפּיגלונג פון דער דרוי־סנדיקער וועלט מיט אירע קאָנווענציאָנעלע ליגנס און — נישט דעם שפּיגל פון דער אייגענער גייסטיקער וועלט, וואָס ליגט אין די נשמה־טיפענישן; דערפאַר די שטענדיקע נישט־געזעטיקטקייט פונעם קינסטלערישן יצר ביי די, וואָס האָבן דאָס באַוווסטזיין, אַז אונטערן דרוק פון געזעלשאַפטלעכע רייבונגען און קאַטאַקליזמען, גייען זיי אין דער ליטעראַטור, ווי ס'גייען אין מלחמה — זעלנער, וואָס מען האָט אין סאַמע ברען פון שניט — זיי אַראָפּ־גענומען פון די גאָלדענע פעלדער און געשיקט אויף די פראָנטן...

# פּאַריזער וועלט־אויסשטעלונג

## (סאָוויעטישער און דייטשער פּאַוויליאָן)

מיט גערוועזער געשפּאַנטקייט האָט מען דאָ דערוואַרט דאָס דערעפע־נען פון דער וועלט־אויסשטעלונג. די סיבה פון דער געשפּאַנטקייט איז גע־ווען דאָס, וואָס די איצטיקע אויסשטעלונג איז גענומען געוואָרן אונטערן פּאַטראָנאַזש פון לעאָ בלומס פאָלקספראָנט־רעגירונג, וואָס ווערט נישט ווייניק באַקעמפט און אונטערגעגראָבן מצד די היטלעריסטן פון דע לאַ ראָקס און דאָריאָס פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס ווערן געשטיצט פון די אַזוי גערופענע „200" פראַנצויזישע געלט־פאַמיליעס. די דאָזיקע לייט פון דע לאַ ראָק און דאָריאָ האָבן געאַרבעט מעשים צו שעדיקן די אויסשטעלונג דורך פּראָוואָצירן אומרוען אין לאַנד, כדי אָפּצוהאַלטן די אויסלענדישע טוריסטן פון קומען אַהער. ווי ווייט די שטימונג פאַר דער אויסשטעלונג איז געווען אַ גערייצטע, האָט מען געקאָנט פילן שוין אין די פאַרשפּרייטע קלאַנגען וועגן דעם, אַז פינצטערע עלעמענטן גרייטן זיך אונטערצוצינדן פּאַוויליאָנען.

טראָץ אַלע סאַבאָטאַזש־אַקטן און פּראָוואָקאַציעס, איז די אויסשטעלונג געעפנט געוואָרן מיט גרויס פייערלעכקייט און מיליטערישן פּאַראַד, וועלכן ס'האָט בייגעוווינט איבער אַ האַלבער מיליאָן מענטשן, דערונטער אַלע אויסלענדישע מלוכה־פאַרשטייערס, קינסטלער און זשורנאַליסטן פון גאָר דער וועלט.

דער הויפּט־אינטערעס פון דער איצטיקער אויסשטעלונג איז — ווי מען האָט עס פאָרויסגעזען — דער סאָוויעטישער און דייטשישער פּאַווי־ליאָן, צו וועלכע מען קאָן אויך צורעכענען דעם איטאַליענישן. דער עיקר — די ערשטע צוויי, וואָס האָבן זיך, ווי גאָרנישט צופעליק, צונויפגעטראָפן פנים־אל־פנים איינער אַנטקעגן אַנדערן, כדי אויף אַ נייטראַלן באָדן צו פאַרמעסטן זיך מיט די כוחות און באַווייזן דער וועלט ווער ס'איז ווער...

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אין דיביידע פּאַוויליאָנען, ווי אין אַלע פּאַווי־ליאָנען בכלל, האָט מען נישט געקאַרגט קיין מי און מיטלען און קינסטלע־רישן געשמאַק צו מאַכן זיי וואָס אימפּאָזאַנטער און רעפּרעזענטאַטיווער. און מען מוז מודה זיין, אַז עס האָט זיך סיי דעם סאָוויעטישן און סיי דעם דייטשישן פּאַוויליאָן איינגעגעבן צו שאַפן דעם געהעריקן איינדרוק, צום גרעסטן טייל — אויסערלעך. איבערהויפּט איז מיט אויסערלעכקייט זייער שטאַרק אָנזעעוודיק אַפילו אינעווייניק — דער דייטשישער פּאַוויליאָן, וואָס מאַכט מיט זיין מאַסיוון פאַרנעם אין דער הויך און אין דער ברייט און טיף — דעם איינדרוק פון אַ מלוכה־געביידע, אָוועקגעשטעלט נישט אויף צייט־ווייליק... ער ווירקט דערפאַר שווערלעך סיי פאַרן אויג און סיי פאַרן געמיט, נאָך מער — אינעווייניק. די צוויי רייען פּודיקע זשיראַנדאָלן, וואָס אין גאָט ווייסט ווי אַזוי דער סופיט האַלט זיי אויס ; די פּיל־שאַטנדיקייט, וואָס ליגט אויף די פּאָלירטע טישן, שטענדערס און געגלאָזטע שענק און די אויסערגעווייגלעכע שטילקייט און רויִקייט (שוין צו שטיל און צו רויִק פאַר אַן אויסשטעלונג), שאַפן דעם איינדרוק, ווי מען וואָלט זיך געפונען אין אַ קירכע, כאָטש נעם און פאַל אויף די קני פאַר די גרויסע גאָבעלינען און נאָך גרעסערע בילדער, וואָס קוקן אַראָפּ פון די ווענט און שטעלן מיט זיך פאַר אַלטע דייטשישע קריגפירער, העלדן און ריטער, אַ נאַצישער פּאַראַד מיט היטלערס אָנוועזנהייט, מוסקולירטע אַרבעטער, ווי די הערקו־לעסן, און אַן אידיליש בילד (דער איינציקער עקספּאָנאַט פונעם איצטיקן דייטשלאַנד) : אַ ווייסנשאַפטלער, אַן אַרבעטער און אַ קאַפּיטאַליסט, ביי אויסאַרבעטן אונטערנעמונג־פּלענער פאַר געמיינזאַמע אינטערעסן.

אין קאָנטראַסט צו דער שווערקייט און פאַרריסנקייט פונעם דייטשישן פּאַוויליאָן, ווירקט אַ סך לייכטער און לופטיקער דער סאָוויעטישער פּאַווי־ליאָן, וואָס איז קאָנסטרוקטיוו אויסגערעכנט אַריינצוזעמען אין זיך וואָס מער זון און ליכט ; און כאָטש ער איז אין פאַרנעם קלענער פונעם דייטשישן פּאַוויליאָן, מאַכט ער אָבער אַ גראַנדיעזן איינדרוק מיט זיינע צוויי קאָלאָס־פיגורן, וועמענס קעפּ מען זעט אַרויסשטאַרצן איבערן גאַנצן פאַרנעם פון דער אויסשטעלונג, ווי מען זעט דעם קאָפּ פונעם אייפל־טורעם איבער פּאַריז. די דאָזיקע צוויי פיגורן אויפן סאַמע פראָנט פון פּאַוויליאָן, שטעלן

מיט זיך פאַר אַן אַרבעטער מיט אַ האַמער און אַ קאָלכאָזניצע מיט אַ סערפּ (ווי זיי וואָלטן זיך פאַרמאָסטן דערלאַנגען דערמיט דעם אַנטקעגנאיבער־דיקן אָדלער אויפן דייטשישן פּאַוויליאָן).ביידע פיגורן דריקן אויס אַזוי פיל שווונג און אימפּעט, ווי זיי וואָלטן געהאַלטן ביים אַראָפּגיין פון דער הויך, פון דער געביידע, און נעמען שפּרייזן איבער דער ערד. ער — מיט אַ פּנים פון אַנטשלאָסנקייט און ווילן, און זי — אַ קאָלכאָזניצע, אַ צעפּלאַ־טערטע פון קאָפּ ביז פּיס, ווי אויף אַ הייס, ווינטיק פעלד בעתן זייען.

ס׳איז דערפאַר קיין ווונדער נישט, וואָס בעת אין דייטשישן פּאַוויליאָן גייט מען מניגים־ווייז, ווי אין שול, אָדער קלויסטער — שטראָמט מען אָן אויפהער צום רוסישן פּאַוויליאָן, ווו איין מאַסע באַזוכער וואַרט פאַרן אַריינ־גאַנג, אַז די צווייטע מאַסע פון אינעווייניק זאָל מאַכן פּלאַץ פאַר איר. און כאָטש דער טאָג איז הייס און אינעווייניק נאָך הייסער — לאָזט מען נישט דורך קיין איין עקספּאָנאַט, קיין איין זשורנאַל, בוך און אַלבאָם; מען ווערט נישט מיד פון קוקן אויף דער פּרעכטיקער מאַפּע פון קאָלירטע שטיינער און אויף די מוסטערן פון וויסנשאַפטלעכע און טעכנישע דער־גרייכונגען פון 20 יאָר ראַטנפאַרבאַנד.

פּאַריז, 1937

## דער צווייטער
## אינטערנאַציאָנאַלער שרייבער־קאָנגרעס

דעם 16טן און 17טן יולי איז אין פּאַריז פאָרגעקומען דער המשך פון 2טן אינטערנאַציאָנאַלן אַנטי־פאַשיסטישן שרייבער־קאָנגרעס, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אין שפּאַניע הינטער די פראָנטן, ווו עס שפּילט זיך שוין אַ יאָר צייט אָפּ די בלוטיקסטע טראַגעדיע פונעם שפּאַנישן פאָלק.

אין היפּוך צום נישט לאַנג פאָרגעקומענעם 15טן פּען־קאָנגרעס, וואָס האָט מיטן אויסנאָם פון איטאַליענישן פּראָפעסאָר פערעראָס רעדע און ד״ר י. נ. שטיינבערגס רעזאָלוציע קעגן רדיפות און פּאָגראָמען אויף יידן — געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ ספּיריטואַליסטן־צוזאַמענפאָר — איז דער 2טער אינטערנאַציאָנאַלער שרייבער־קאָנגרעס געווען אַ גרויסער משפּט איבער דעם אינטערנאַציאָנאַלן פאַשיזם, וואָס באַדראָט די גאַנצע מענטש־לעכע קולטור און ציוויליזאַציע.

אין היפּוך צום פּען־קאָנגרעס, אויף וועלכן כמעט אַלע דעלעגאַטן האָבן אויסגעדריקט דעם ווונטש אָפּצוטיילן די קונסט פון דער פּאָליטיק און כסדר מאַניפּולירט מיטן וואָרט „עספּרי״, ווי מיט אַ לייכט פינג־פּאָנג־באַלעמל פון איינעם צום אַנדערן — איז דער 2טער אינטערנאַציאָנאַלער שרייבער־קאָנגרעס געשטאַנען אין גאַנצן אונטערן בלוטיקן צייכן פון דער צייט און באַהאַנדלט אַלעמענס איין און דאָס זעלבע אָנגעווייטיקט פּראָבלעם פון פאַשיזם, ראַסנהאַס און קולטור־באַרבאַרישקייט.

אַלע דעקלאַראַציעס און רעדעס פון די שרייבער־דעלעגאַטן האָבן גע־קלונגען ווי באַשולדיקונג־אַקטן קעגן פאַשיזם און קעגן די אימפּעריאַליס־טישע מלוכות, וואָס גרייטן צו אַ וועלט־מלחמה.

דער אַקס פונעם דאָזיקן קאָנגרעס איז געווען: שפּאַניע, וואָס פונעם אויסגאַנג פון איר געראַנגל איז אָפּהענגיק די צוקונפט פון אייראָפּע און אפשר פון דער גאַנצער וועלט. כמעט אַלע דעלעגאַטן זענען אויפן קאָנגרעס

דערשינען אַלס עדות, וואָס האָבן אַליין געזען און איבערגעלעבט די בלוטיקע מערדערייען פון פראַנקאָס, היטלערס און מוסאָליניס שוואַרצע חילות, וועלכע פאַרניכטן די שפּאַנישע שטעט און שטעטלעך און שוינען נישט אַפילו די אומבאַשיצטע פרויען און קינדער.

אַ זייער געהויבענע שטימונג פון מוט און גלויבן האָט אַריינגעברענגט מיט זיין שטאַרקער רעדע דער פראַנצויזישער שרייבער שאַמסאָן, וועלכער האָט געשילדערט דעם העראָיזם פון דער רעפּובליקאַנישער אַרמיי און מיליץ. זיין רעדע ווערט באַגלייט מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. אַ סך רעדנער שטעלן זיך אויך אָפּ אויף דער אָפענער אינטערווענץ פון דייטשלאַנד און איטאַליע און טאַדלען די „נישט־אינטערווענץ־פּאָליטיק" פון פראַנקרייך.

שטאַרק איינדרוקפול זענען געווען: דער אַרויסטריט פון היינריק מאַן, וועלכער האָט געעפנט דעם קאָנגרעס און האָט אין זיין רעדע אויסגעדריקט זיין באַדויערן, וואָס ער איז נישט אַלט קיין 30 יאָר, כדי זיך געפינען צוזאַמען מיט די קעמפנדיקע אין שפּאַניע; זשיליען באַנאָס אַרויסטריט קעגן די ד׳אַנונציאָס און מאַרינעטיס, וואָס פאַרקויפן זיך צום פאַשיזם און פאַרראַטן די פרייהייט פון פאָלק; די רעדע פונעם שעף־רעדאַקטאָר פון דער „הימאַניטע", וואַיאַן קוטוריע; בערטאָלד ברעכטס דערציילן וועגן היטלערס קרייצצוג קעגן קולטור און פרייהייט; אַלעקסיי טאָלסטאָיס רוף פון די סאָוויעטישע שרייבער — צו טאָן אַלץ פאַר דער פאַרטיידיקונג פון שפּאַנישן פאָלק; די גלענצנדע רעדע פון איינעם פון די גרעסטע אַלזשירישע דענקער שייך בן באַריס, וואָס דריקט אויס די סאָלידאַריטעט פון די מוסולמענישע אינטעלעקטואַלן מיט די קאָנגרעסיסטן. — די אַלע אַרויסטריטן האָבן געמאַכט אַ זייער שטאַרקן רושם.

מיט באַזונדערן ענטוזיאַזם ווערט דורכן ריזיקן עולם אויפגענומען דער רוסישער שרייבער ווישניעווסקי, וואָס הייבט אָן זיין רעדע אין פראַנצויזיש און גייט באַלד אַריבער אויף רוסיש. עס רעדן נאָך: זשאַן רישאַר בלאָק, דער דענישער שרייבער מ. אַנדערסען נעקסע, דער שפּאַנישער קאַטוילישער שרייבער בערגאַמין, די שוועדישע שריפטשטעלערין קאַרין מיכאַעליס, פאָרשטייער פון טשילע און מעקסיקע און אַ נעגער־דיכטער, וואָס האָט

געשילדערט דאָס לעבן פון זיינע געפּלאָגטע שוואַרצע ברידער און גערעדט אויך אין נאָמען פון די אַלע, וואָס ליידן פון ראַסנהאַס.

דער פראַנצויזישער שרייבער פּאָל ניזאַן האָט דורכגעלייענט די באַ־גריסונגען, וואָס זענען אָנגעקומען פון אַ ריי אַפּוועזנדיקע פּראָגרעסיווע שריי־בער און אינטעלעקטואַלן; זיי שליסן זיך אָן אין די, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו קעמפן קעגן פאַשיזם און קעגן פיזישער און גייסטיקער אונטערדריקונג.

מיט פויסט־באַגריסונג און מיט בלומענקרענץ זענען אויפגעטראָטן אויף דער עסטראַדע אַ ריי אַרבעטער־דעלעגאַציעס, ווען דאָס פּובליקום האָט געענטפערט מיט רוישיקע אָוואַציעס און פויסט־באַגריסונג. אַ יובל פון פרייהייט און סימפּאַטיע און אַ מעכטיק געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל" האָט באַגעגנט אויף דער עסטראַדע אַ גרופּע באַפרייטע מיליציאָנערן, וועל־כע די פאַשיסטישע פּיראַטן האָבן געהאַט געפאַנגען אויף אַ פראַנצויזישער שיף.

אויפן קאָנגרעס האָבן אויך נישט געפעלט קיין דראַמאַטישע מאָמענטן, וועלכע האָבן גערירט ביז גאָר. אַזאַ מאָמענט איז געווען דאָס דערשיינען פון אַ דייטשישער אַרבעטער־פרוי, ווען די נאַציס האָבן געגעבן לעבנס־לענגלעכע תפיסה. זי שילדערט אויך אַ רייע אַרבעטער־טיפּן און פרייהייט־קעמפער, ווען די נאַצישע תלינים האָבן געקעפּט. זי דערציילט אויך פון די, וואָס ווערן געפייניקט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און רופט, נישט צו רוען פאַר דער גערעכטיקייט און פרייהייט. זייער רירנדיק איז אויך געווען דער מאָמענט, ווען ס'האָט זיך צעוויינט די גרייזגראָע שרייבערין קאַרין מיכאַעליס, בעת אַ באַגריסונג, וואָס עס האָט געהאַלטן אַ יוגנטלעכער אַרבעטער פון אַן אויטאָמאָבילן־פאַבריק. צו די אַלע לעבעדיקע, האַרציק־רירנדיקע בילדער האָט זיך פון דער עסטראַדע־אַראָפּ צוגעקוקט אַ ריזיק קויל־געצייכנט בילד פון שפּאַנישן פּאָעט פעדעריקאָ גאַרסיאַ לאָרקאַ, ווע־מען די שפּאַנישע פאַשיסטן האָבן דערמאָרדעט.

די שלוסרעדע אויפן קאָנגרעס האָט געהאַלטן דער רעדאַקטאָר פון דער לינק־דעמאָקראַטישער אָוונט־צייטונג „סע סואַר" — אַראַגאָן.

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַלער שרייבער־קאָנגרעס איז געווען די צווייטע גרויסע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע פון די פּראָגרעסיווסטע, אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער גייסטיקער און קולטורעלער וועלט — שרייבער און אינטעלעקטואַלן, וועלכע האָבן זייער וואָרט און פּען געשטעלט אין דינסט קעגן רעאַקציע, פאַשיזם און קריג, און פאַר פאַרטיידיקן די מענטשלעכע קולטור און פרייהייט און אַלע אונטערדריקטע גערודפטע פעלקער.

אַ פאַרדראָס און אַ ווייטיק איז געווען, וואָס גראָד אויף אַזאַ שרייבער־קאָנגרעס האָבן געפעלט די ליטעראַטור־פאָרשטייער פון אונטערדריקטן און גערודפטן יידישן פאָלק.

פּאַריז, 1937

# אויף אַ שווימענדיקער אויסשטעלונג

אַ וואָך פאַר מיין אָפּפאָרן פון חיפה קיין פראַנקרייך, האָב איך אין דער ישראל־פּרעסע געלייענט, אַז פון טאָקיאָ איז אַרויסגעשווומען אַ יאַפּאַנישע שיף — אַ שווימענדיקע אויסשטעלונג, וואָס וועט זיך אָפּשטעלן אין אַלע אייראָפּעיִשע פּאָרטן, ווו מען וועט זי קאָנען באַזוכן.

לייענענדיק די ידיעה איז מיר אַפילו נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז אויפן וועג פון מיין רייזע קיין אייראָפּע וועל איך ערגעץ־ווו אָנטרעפן די דאָזיקע שיף און באַזוכן די שווימענדיקע אויסשטעלונג — ווי דאָס איז געשען גאַנץ צופעליק און — צוליב אַ טעות:

געווען איז עס אין גענואַ, ווו די פראַנצויזישע שיף „צעזאַרעי״, מיט וועלכער איך בין געפאָרן — האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ טאָג צייט און מיר, די פּאַסאַזשירן, זענען אַראָפּ באַזוכן די שטאָט און איר אומגעגנט. בעתן אַראָפּגיין פונעם בריקל האָב איך באַמערקט אַז די „צעזאַרעי״ האָט פּאַראַנקערט האַרט נעבן אַ גרויסער שיף, וואָס איך האָב אין איילעניש, נישט צו פאַרלירן קיין צייט — נישט באַוויזן זי צו באַטראַכטן און אַפילו נישט צו זען ווי זי הייסט.

אומקערנדיק זיך אין אָוונט, אַ מידער און פול מיט איינדרוקן פון דעם וואָס איך האָב אין משך פונעם טאָג געזען — בין איך, אַ פּאַרטראַכטער און אַ פאַרטראָגענער, אָנשטאָט אַרויפצוגיין אויפן בריקל צו דער שיף „צע־זאַרעי״ — אַרויף אויף אַ צווייט דערנעבנדיק בריקל וואָס האָט געפירט אויף אַ צווייטער שיף און — ס׳איז געשען דער קאָמישער, אָנגענעמער טעות אין וועלכן עס איז שולדיק געווען אויך די איטאַליענישע פּאָליציי, וואָס האָט, ווייזט אויס, שלעכט געלייענט פראַנצויזיש און — מיך דורכגעלאָזט מיט מיין פּאַס פון „צעזאַרעי״...

אויך איך האָב זיך נישט אַזוי גיך געכאַפּט אויף מיין טעות. ס׳האָט מיך נאָר געוווּנדערט, פון וואַנען עס האָבן זיך ביים אַריינגאַנג גענומען מיט אַ

מאָל אַזוי פיל קעסטלעך און וואַזאַנען מיט בלומען, איינע שענער פון דער צווייטער, ממש — אַ בלומען־גאָרטן; דערנאָך האָט מיך זייער געוווּנדערט וואָס אָנשטאָט די פראַנצויזישע שיף־באַדינער און באַדינערינס, שמייען אַרום אַזוי פיל יאַפּאַנער, דער עיקר — יאַפּאַנערינס אין זייערע פאַרביקע קימאָנאָס און מיט זייערע דראָבנע טריטלעך. ווי ליאַלקעס אָנגעדרייטע אויף ספּרוזשינעס זענען זיי אַרומגעגאַנגען מיט פאַפּירענע רעקלאַמע־פעכער און, שמייכלענדיק דערלאַנגט זיי יעדן אַריינגעקומענעם גאַסט און אויך מיך מכבד געווען מיט אַזאַ פעכער — אָננעמענדיק מיך פאַר איינעם פון די פּני פון געגנוואַ וועמען מע האָט, גראָד אין יענעם טאָג, אָפיציעל איינגעלאַדן.

נישט ווייניק האָבן מיך אויך געוווּנדערט די צעהאַנגענע שרייאיקע רעקלאַמעס מיט הערעגליפן־אויפשריפטן פון אויבן־אַראָפּ און די פאַרביקע לאַמפּיאָנען, ווי אויף אַ קאַרנאַוואַל־באַל.

די גאַנצע אויסטערלישע אומוואַנדלונג פון „מיין" שיף „צעזאַרעי", האָט מיר אויסגעזען צו זיין אַ חלום אין וועלכן איך גיי אַרום מיט אָפענע אויגן און זוך מיין קאַבינע, וואָס איך קאָן נישט געפינען...

אַלע אַריינגענג און אַרויסגענג זענען באַהאַנגען מיט יאַפּאַנישע דיאַ־גראַמען, מיט טיכער און געווענטער און מיט די דינסטע פּרעציזסטע מאַ־שין־געוועבן און האַנטהאַפּטן.

לאַנג אַרומצוגיין אַזוי אין חלום איז מיר, לײדער, נישט אויסגעקומען: נאָכן אויסטרינקען אַ גלעזל משקה, וואָס אַ שמייכלענדיקע יאַפּאַנערין האָט מיר אונטערגעטראָגן אין אַ גאָלדן בעכערל אויף אַ זילבערן טעצל — איז מיט מיר געשען אַ נס און כ'בין, אָנשטאָט צו ווערן נאָך מער שיכּור — געוואָרן ניכטער און גענומען לויפן צום אַרויסגאַנג, כּדי נישט צו פאַר־פאָרן, אָנשטאָט קיין פּאַריז — קיין טאָקיאָ...

1950

# שוואַרץ־ווייס

דאָס שווערסטע און אומרויִקסטע פּראָבלעם אין דרום־אַפריקע איז דאָס פּראָבלעם פון די קאָלירטע, איבערהויפּט פון די שוואַרצהויטיקע — „שחור־דיקע" רופן זיי די יידן, „קאַפערס" — רופן זיי די ווייסע (אַ באַצייכענונג, וואָס די שוואַרצע נעמען אויף ווי אַ באַליידיקונג, ווייל עס מיינט כּופר, גאָטלאָזער).

מיטן פּראָבלעם — שוואַרצע, האָב איך זיך באַקענט שוין ביי די ערשטע טריט וואָס איך האָב געשטעלט אויף דער אַפריקאַנער ערד: אין נייראָבי, אויפן פליפעלד, וווּ מיר האָבן אויפן וועג קיין יאָהאַנעסבורג געלאַנדעט אויף אַ שעה צייט עסן פרישטיק און ברענגען זיך אין אָרדענונג נאָך אַ נאַכט פליִען און דרעמלען זיצנדיקערהייט.

צוקומענדיק אויפן פליפעלד צום „טואַלעט" — האָב איך אויף צוויי טירן, איינע נעבן דער אַנדערער, געזען צוויי אויפשריפטן. אויף איינער: פאַר אייראָפּעיער, אויף דער צווייטער טיר: פאַר קאָלירטע.

דאָס איז געווען די ערשטע לעקציע, וואָס איך האָב באַקומען אין הלכת באַציִונג צו די שוואַרצע — אָפיציעל עלף מיליאָן, נישט אָפיציעל — פופצן מיליאָן שקלאַפן, ביי צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן ווייסע איינגע־וואַנדערטע דעראָבערער.

אין דער גאַנצער ברייט און טיף האָט זיך מיר דאָס פּראָבלעם „שוואַרץ־ווייס" אויפגעוויקלט ערשט אין יאָהאַנעסבורג: באַזונדערע טראַמווייען און אויטאָבוסן פאַר שוואַרצע; באַזונדערע קינאָס, באַזונדערע ווינדעס, אַפילו אין די הייזער, פאַבריקן און געשעפטן, וווּ זיי אַרבעטן ביי די שוואַרצסטע מלאכות (מיט ווייסער אַרבעט, ד"ה מיט פּאַכן — טאָרן זיך די שוואַרצע נישט פאַרנעמען). בעסער איז שוין יענע שוואַרצע מענער און פרויען, וואָס זענען באַדינער אין פּריוואַטע הייזער: פירן אויטאָמאָבילן, רוימען, קאָכן, וואַשן, סערווירן טישן און קריגן דערפאַר צוויי פונט אַ חודש (דער דורכ־

שניטלעכער פּאַרדינסט פֿון אַ ווייסן, איז זיבעציק־אַכציק פֿונט אַ חודש). זיי באַקומען אויך עסן, קליידונג און אַ וווינאָרט צוגעבויט ספּעציעל, אין הויף ביי דער זייט פֿונעם הויז ווו זיי דינען. זיי טאָרן זיך אָבער נישט ווייזן ביי נאַכט אין שטאָט — אָן אַ שריפֿטלעכער דערלויבעניש צו קאָנען עס אין גאַס באַווייזן דער פּאָליציי. דער פֿאַרבאָט נישט צו ווייזן זיך ביי נאַכט אין שטאָט, איז אַ סך עלטער פֿון די אָן אַ שיעור געזעצן קעגן די שוואַרצע, וואָס ס׳האָט לעצטנס אַרויסגעגעבן מאַלאַנס רעגירונג; ער איז כלומרשט אויסן, אַז די שוואַרצע זאָלן ביי נאַכט נישט באַאומרויִקן די ווייסע...

זעט מען טאַקע ביי נאַכט אין שטאָט זייער ווייניק שוואַרצע, אָבער מען זעט אויך ווייניקער ווייסע; אַ סך האָבן עס מיר געפּרוּווט דערקלערן דער־מיט, וואָס די ווייסע האָבן אייגענע אויטאָמאָבילן און דערפֿאַר גייען זיי נישט צו פֿוס; אַ סך אָבער, האָבן מיר דערקלערט, אַז מען האָט פּשוט מורא צו גיין ביי נאַכט, ווייל מען קאָן ווערן באַפֿאַלן, באַרויבט און אויך דערמאָר־דעט פֿון שוואַרצע. אין שטאָט אָדער הינטער דער שטאָט, וועט זיך נישט ווייזן אין גאַס אַ פֿרוי אַליין אָן אַ באַגלייטער און אַפֿילו נישט בלייבן אַליין ביי זיך אין הויז...

מיט וויפֿל יידן איך האָב גערעדט וועגן די שוואַרצע, האָבן זיי אַלע אויסגעדריקט זייער אומזיכערקייט און זאָרג פֿאַרן צאָרן פֿון די שוואַרצע, וואָס וועט בלי ספֿק פֿריִער אָדער שפּעטער קומען, און יעדער האָט צוגע־געבן, אַז זיי (די שוואַרצע), וועלן זיין גערעכט...

יאָהאַנעסבורג, 1951

# אין אַ גאָלדשאַכט

די שטאַרקסטע איבערלעבונגען, וואָס איך האָב געהאַט פון מיין נסיעה קיין דרום־אַפריקע, זענען געווען: דאָס אויפהייבן זיך צום ערשטן מאָל אין אַן עראָפּלאַן, קאַרגע אַכצן טויזנט פוס הויך און — דאָס אַראָפּלאָזן זיך מיט אַ ווינדע אַכט טויזנט פוס טיף אין אַ גאָלדשאַכט הינטער יאָהאַנעס־בורג. אויך פיזיש זענען ביידע איבערלעבונגען ענלעך איינע צו דער אַנ־דערער: אַ רוישן און אַ ווייטיק אין די אויערן און אַ שווערער אָטעם, וואָס קומט פון דער אַטמאָספערישער ענדערונג און שטאַרקן לופטדרוק אויבן אין דער הויך און אונטן אין דער טיף. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס אויבן אין די הימלען פילט מען זיך פריי, כאָטש מען זיצט אין עראָפּלאַן הערמעטיש פאַרמאַכט און מען קאָן זיך פריי נישט באַוועגן — בעת אונטן, אין דער טיף פון שאַכט, קאָן מען זיך פריי באַוועגן, אָבער מען האָט דאָס דערדריקנדיקע געפיל, אַז מען וועט שוין פון אונטן צוריק נישט אַרויס...



געווען זענען מיר אַ פינף און צוואַנציק עקסקורסאַנטן, דאָס רוב פון שיינעם מין, שילערינס פון אַן אַפריקאַנער הויכשול; עטלעכע יונגע באַ־גלייטער זייערע; עטלעכע לאַנג־איינגעזעסענע אַפריקאַנער תושבים, וואָס וואָלטן נישט געווען נאָך געזען אַזאַ אינטערעסאַנטע אונטערנעמונג ווי אַ גאָלדשאַכט — ווען נישט עטלעכע פרעמדע טוריסטן מיט מיר בתוכם: באַ־זוכער, וואָס ווילן זייער צייט ווי געהעריק אויסנוצן און זען אין משך פון וואָכן אָדער חדשים — וואָס די אַלט־איינגעזעסענע זעען נישט אין משך פון אַ סך יאָרן.

אינעם לוקסוס־אויטאָבוס, וואָס די געזעלשאַפט פון דער גאָלדשאַכט האָט נאָך אונדז געשיקט, באַלד אין דער פרי צו אונדזער זאַמלפונקט, האָט

מען אונדז שוין צוגעגרייט צו אָריענטירן זיך אויפצונעמען דאָס, וואָס איז אונדז פאַרגעשטאַנען צו זען בעת אונדזער „עקספּעדיציע": אַ באַאַמטער פון דער דאָזיקער גאָלד־קאָמפּאַניע האָט אונדז יעדן באַזונדער דערלאַנגט אַ ספּעציעל־געדרוקטע פיין־אַרויסגעגעבענע בראָשור מיט בילדער, דיאַ־גראַמעס, ציפערן און דערקלערונגען וועגן דער גאָלדשאַכט מיט אַלע אירע אָפּטיילונגען, קאָמבינאַטן און מאַשינען, וואָס מען וועט אונדז ווייזן אויבן אויף דער ערד און אונטן — אַכט טויזנט פוס די טיף.

אַ האַלבע שעה נאָכן אָפּפאָרן פון יאָהאַנעסבורג, זענען מיר אַרויף אויף די ערשטע שפּורן פון דער גאָלדשאַכט. פון ביידע זייטן שאָסיי — צוויי רייען אַלץ איינס געבויטע טונקל־רויטע הייזעלעך מיט קליינע גערטנדלעך אַרום: די וווינונגען פונעם גרויסן טעכנישן פּערסאָנאַל, באַאַמטע, ביוראָ־אַנגעשטעלטע און אויפזעער פון דער גאָלד־קאָמפּאַניע. אַרויספאָרנדיק פונעם באַוווינטן שטח, זענען מיר אַרויף אויף אַן אומבאַוווינטן זאַמדיקן שטח. און וואָס ווייטער אַריין — אַלץ מער זיך געבערגלט, אַלץ מער זיך אויפגעהויבן, ביז — מיר האָבן זיך, ווי מיט איין מאָל, דערזען אַרומגע־נומען פון גאָלדענע בערג זאַמד, וואָס איז אין משך פון אַ סך יאָרן אַרויס־געוואָרפן געוואָרן פון די טיפסטע טיפענישן פון דער ערד — ביים גראָבן און זוכן די שטיינער, וואָס האָבן גאָלדענע אָדערלעך...

ענדלעך זענען מיר צוגעקומען צו עפּעס אַזוינס, וואָס דערמאָנט אַ דעמאַרקאַציע־ליניע, מיט פאַרצוימונגען, טויערן און וואַכביידלעך, דורך וועלכע מיר זענען דורכגעפאָרן אומקאָנטראָלירט.

אונדזער מורה־דרך, אַ בלאָנדער אַפריקאַנער „יונג מיט ביינער", וואָס האָט אונדז אָפּגעוואָרט ביים אָנקומען און אונדז אויפגענומען מיט אַ וואַרע־מען „גוד מאָרנינג", האָט אונדז ראשית־כל אַריינגעפירט אין דער קאַנצע־לאַריע, וואָס איז געווען זייער גרויס און אָנגעשטעלט מיט טישן און אָפענע שענק מיט מוסטערן פון שטיינער און סלאָיעס זאַמד אויף עקספּערטיזע. איין טיש איז געווען אָנגעלייגט מיט שוואַרצע גומענע הוטן און ווייסע גומענע מאַנטלען — צוגעגרייט פאַר אונדז. אין דער דאָזיקער הלבשה, אין וועלכער מיר האָבן אויסגעזען ווי מענטשן אין אַן עקספּעדיציע אויפן אַרקטיק — האָט אונדז דער מדריך געפירט צו דער ווינדע, וואָס האָט

אונדז געדאַרפט אַראָפּלאָזן אַכט טויזנט פוס טיף אין בויך פון דער ערד. אויפן וועג צו דער ווינדע האָב איך ערשט געזען, אַז דער שטח פונעם גאָלדשאַכט האָט די גרויס פון אַ היפש שטעטל, וואָס איז „באַוווינט" פון בלויז שוואַרצהויטיקע, צווישן וועלכע עס וואַרפן זיך דורך אַ קליינע צאָל ווייסע, ווען די שוואַרצע זענען אונטערגעוואָרפן מיט אַ מיליטערישער דיסציפּלין.

מיר זענען איינגעשטיגן אין אַ ווינדע ווי אין אַ גרויסן אייזערנעם קאַסטן, וואָס האָט געהאַט אָפּטיילונגען אויף איבערן קאָפּ, און צוויי טירן, אויף אַריינצונעמען אין אים וואָס מער מענטשן מיט איין מאָל. בעתן אַראָפּלאָזן זיך, האָט זיך די ווינדע נישט געגליטשט גלייך און שטיל ווי אַ הויזווינדע, נאָר כסדר אָנגעקלאַפּט זיך אָן די קאַנטיקע שטיינערנע ווענט, אַקוראַט ווי אַ ליידיקער אָפּגעריסענער עמער אין אַ ברונעם — כאָטש געטראַסקעט האָט ער, און גרילצנדיק אונטערגעקרעכצט, ווי אַ צו שווערע משׂא. ערשט אין דער פינצטערער ווינדע, וואָס איז געווען באַלויכטן פון אַ קליין עלעקטריש לעמפּעלע, וואָס אונדזער מורה־דרך האָט געטראָגן ווי אַ לייכטנדיקן קנאָפּ אויפן סאַמע מיט פונעם גומענעם הוט — האָב איך ערשט געזען ווי אומבאַדינגט נויטיק עס איז געווען אָנצוטאָן גומענע מאַנטלען מיט גומענע הוטן: די ווענטלעך פון דער ווינדע זענען געווען אָנגענומען מיט פייכטקייט און נעץ, וואָס האָט געטריפט אויפן קאָפּ און זיך שטאַרק געלאָזט פילן אונטער די פיס.

אין משך פון קאַרגע צען מינוט זענען מיר אַראָפּ די ערשטע פיר טויזנט פוס. די ווינדע האָט זיך אָפּגעשטעלט; מיר זענען אויסגעשטיגן און זיך געפונען אין דער ערשטער אָפּטיילונג פונעם גאָלדענעם גיהנום; אַן אויסגעהאַקטער עלעקטריפיצירטער טונעל מיט שמאָלע באַנליניעס, וואָס האָבן זיך ערגעץ־ווו פאַרלוירן אין דער קרום; איבערן קאָפּ האָט זיך ווייט אַוועקגעצויגן אַ זייער ברייטע רער מיט קינסטלעכער לופט און נעבן איר — אַ רער פאַר וואַסער; אין די ווענט זענען געווען אויסגעהאַקט צעוואָרפענע דורכגענג, וואָס האָבן געפירט אין פאַרשידענע ריכטונגען; אויסגעהאַקט אין די שטיינערנע ווענט זענען אויך געווען ווינקלען מיט אינסטאַלירטע מאַשינען אויף צו טרייבן דאָס וואַסער, דאָס ליכט און די קינסטלעכע

לופט; אין דער וואַנט איז אויך געווען אַ גוט איינגעאָרדנטער מעדיציניש־ער ליפּפּונקט, ווו ס׳געפינט זיך שטענדיק אַ דאָקטאָר מיט סאַניטאַרן און — טראָגבערעטלעך...

אונדזער באַגלייטער, דער מורה־דרך, איז די גאַנצע צייט געווען זייער באַרעדעוודיק צו אונדז, איבערהויפּט צו די פרויען; געהאַלטן אין איין געבן דערקלערונגען און אָנווייזונגען, לסוף אונדז געהייסן איינשטייגן אין אַ פּאָר־מאַכטער וואַגאָנעטקע ווי אין אַ שטייג פאַר חיות; די טירן האָבן זיך היב־טער אונדז פאַרהאַקט, און מיר האָבן אין איר אַ פּאָר געטאָן מיט געבראַזג און אָפּהילך — אין דער טיף פון טונעל. אָפּגעפאָרן אַזוי ווידער אַ צען מינוט, זענען מיר צוגעקומען צו אַ צווייטער ווינדע, וואָס האָט אונדז, ווי די ערשטע, אַראָפּגעלאָזט נאָך פיר טויזנט פוס טיף, און מיר האָבן זיך ווידער געפונען אין אַ טונעל, נאָר אַ שמעלערן און אַ טונקעלערן; עס איז אין אים נישט נאָר געווען פייכט, נאָר ס׳איז פשוט גערונען וואַסער פון די ווענט, און אָפּגערונען אין ספּעציעל אויסגעהאַקטע רינשטאָקן איןביידע זייטן טונעל. אויך די לופט האָט זיך דאָ געביטן צום ערגערן, ממש נישט צו אָטעמען פון געדיכטקייט און היץ. צוליב דעם, וואָס מיר האָבן מיט אונדזער וועגווייזער זיך געדאַרפט אונטן אַוועקלאָזן אַ ווייטן „שפּאַציר" צו פוס, האָבן מיר אַראָפּגעוואָרפן פון זיך נישט נאָר די שווערע גומענע מאַנט־לען, נאָר אויך אונדזערע אייגענע רעקלעך, סוועדערס און וועסטן, און די האַלב־נאַקעטע שוואַרצהויטיקע שאַכטיאָרן האָבן עס ביי אונדז צוגענומען און אַוועקגעלייגט עס ביז צו אונדזער אומקערן זיך.

אַזוי גייענדיק נאָך אונדזער פירער מיט זיין לעמפּעלע פון פאָרנט און באַלויכטן פון נאָך צוויי לעמפּלעך פון צוויי שוואַרצע באַגלייטער פון הינטן — איז אונדז נישט איין מאָל באַפאַלן אַ שווייגעניש און אַ טיפע ערנסט, און כ׳וואָלט געשווירן, אַז אין יעדן איינעם פון אונדז האָט זיך דעמאָלט פאַרגנבעט אַ שטיקל געפיל פון פחד, און אַז יעדער איינער האָט אין זיין געשפּאַנטקייט פאַר דעם, וואָס אים שטייט נאָך פאָר צו זען — געטראַכט פון דעסטוועגן, אַז ער וואָלט שוין געוואָלט וואָס גיכער איבערקומען און צוריק אַרויס אויף דער פריי...

ענדלעך, זענען מיר צוגעקומען צו דעם, וואָס אונדזער מורה־דרך האָט אונדז געוואָלט ווייזן: דאָס אָרט ווו מען זוכט די שטיינער, וועלכע פאַרמאָגן דעם גאָלדענעם ניצוץ. אין אַ שטיינערנער וואַנט איז אונטן, צו פוסנס, געווען אויסגעהאַקט אַ פּאַרטיפונג ווי אין אַ גרויסן בעקעראויוון; די פּאַרטיפונג פון וואַנען ס׳האָט זיך געהערט אַ געדעמפט שטעפּעריי פון בויערס, איז געווען קאַרג באַלויכטן. אַז מיר האָבן זיך טיף אַראָפּגעבויגן צו קאָנען אין איר אַריינקוקן, האָבן מיר געזען אין איר פינף האַלב־נאַקעטע שוואַרצע גופים ליגן אויף די בייכער און בויערן די וואַנט. דאָס דאָזיקע איינציקע בילד בלויז, האָט אונדז קלאָר געמאַכט וועגן וואָס דער ווייסער אַפריקאַנער מורה־דרך האָט אונדז נישט דערציילט: פאַר וואָס די שוואַרצע גאָלד־זוכער לעבן נישט לאַנג...

נאָך פיר שעה אונטערערדישן „שפּאַציר“ האָט אונדז די זון אויסגעזען אַזוי בלענדיק און ניי, ווי מיר וואָלטן זי נישט געזען שוין פיר יאָר...

אין דער הויך האָט מען אונדז ווידער אַרומגעפירט און אונדז געוויזן די קאָמבינאַטן, ווו די שטיינער פון טויזנטער פוס די טיף — ווערן צעמאָלן אויף שטויב, געוואַשן און גערייניקט אין זיבן וואַסערן, און גייען דורך אַ זייער לאַנגן פּראָצעס — אויף אַרויסצוקריגן פון פינף טאָן שטיינער — פינף אָנסעס גאָלדשטויב. פון גאָלדשטויב ווערן אויסגעגאָסן טאָג־טעגלעך דרייסיק ציגל, פון פערציק פונט די וואָג יעדער, אין דער ווערט פון צוואַנציק טויזנט פונט שטערלינג אַ ציגל...

מען האָט אונדז אויך געוויזן דאָס לעבן פון די שוואַרצע; זייערע וווינונגען, מאָדערנע קיכן, עסזאַלן, בעדער, ספּאָרטפּלעצער, פאַרוויילונג־זאַלן, און אַלץ וואָס איז נייטיק פאַרן „גייסט“ און פאַרן קערפּער. נאָר איין „קלייניקייט“ גיט מען זיי נישט: די פרייהייט; דאָס רעכט אַרויסצוגיין אויף יענער זייט פונעם גאָלדענעם לאַגער — ווי לאַנג דער גאָלדענער שטויב האָט זיך זיי נאָך נישט אָנגעזעצט אויף די לונגען און זיי טויגן נאָך צו עפּעס...

יאָהאַנעסבורג, 1952

# אַפריקאַנער יידן
# און יידן אין אַפריקע

— „ווי גליכצט איר עפּעס אונדזער קאַנטרי?" (ווי געפעלט אייך, הייסט עס, אונדזער לאַנד) און ווי „גליכצט" איר דאָ אונדזערע יידן? — דאָס זע־נען די צוויי פראַגעס, וואָס כמעט יעדער אַפריקאַנער ייד מיט וועמען איך בין זיך צונויפגעקומען, האָט מיך געפרעגט און פרעגט זיי יעדן באַזוכער אין דרום־אַפריקע.

מיין ענטפער, אַז דאָס לאַנד געפעלט מיר, אַז ס'איז גרויס, שיין און רייך — הלוואי אויף ישׂראל געזאָגט — האָט די אַפריקאַנער יידן, וואָס „גלייכן" זייער „קאַנטרי" — געשמייכלט; נישט געשמייכלט האָט זיי נאָר, וואָס איך האָב צוגעגעבן, אַז כ'וואָלט זיך פון דעסטוועגן נישט געוועגן באַ־זעצט דאָ, ווייל איך וואָלט זיך נישט געקאָנט אויסלעבן בלויז פון גשמיות: פון זאַטע מאָלצייטן, „פּאַרטיס", קאָקטיילס, פּייפּערקלאָקס, ספּאָרט און על־כולם: קאָרטן.

און געזאָגט האָב איך זיי אויך, אַז די אַפריקאַנער יידן און אַפילו די אַפריקאַנער בכלל — זענען כמעט ווי אויסגעהוילט פון אַ גייסטיק קולטורעל לעבן, וואָס גאַנץ קליינע קרייזן באַמיִען זיך עס צו שאַפן, אָבער, מיט ווייניק דערפאָלג. און וואָלט למשל אין דרום־אַפריקע נישט עקזיסטירט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט אַלע אירע אינסטיטוציעס, און די יידישע קולטור־פעדעראַציע — ווי קליין און שוואַך זי איז — וואָלט אינעם אַפרי־קאַנער יידישן לעבן געווען אַ פולשטענדיקער גייסטיקער מדבר.

פון דעסטוועגן, זאָג איך, געפעלן מיר די אַפריקאַנער יידן בעסער ווי די יידן אין אַפריקע, ווי עס געפעלן מיר בעסער, למשל, די ארץ־ישׂראל־יידן ווי די יידן אין ארץ־ישׂראל.

היות, נישט אַלע וועמען איך האָב אַזוי געענטפערט אויף זייער צוויי־טער פראַגע, האָבן פאַרשטאַנען מיין ענטפער — וויל איך זיי דעם ענטפער נאָך אַ מאָל קלאָר מאַכן:

אַפריקער יידן מיין איך די יעניקע יידן, וואָס זענען קיין אַפריקע געקומען ווי די ערשטע „ביל״ויִצעס״, די „ראָבינזאָן קרוזאָס״ קיין ארץ־ישׂראל — כדי אין אומענדלעכער וויסטעניש און ווילדעניש, אין נאַקעטן מדבר — לעבן און שאַפן לעבן.

אַפריקאַנער יידן, מיין איך: די פּיאָנערן, וואָס האָבן אין פּאַרדזשונגלטן אַפריקע געהאָלפן לייגן דעם יסוד פאַר דעם היינטיקן רייך צעוואַקסענעם און צעבליטן אייראָפּעיִזירטן אַפריקע, ווו כמעט דער גאַנצער האַנדל מיט אַ גרויסן טייל פון דער אינדוסטריע ליגט אין יידישע הענט. און כאָטש די אַפריקאַנער יידן פון ליטע, לעטלאַנד און אַ קליינער טייל פון פּוילן, האָבן אויף דער פרעמדער ערד מיט אַ פרעמדער פאַר זיי שפּראַך און קולטור, פאַרלוירן מיט דער צייט זייער יידישן אייגנאַרט, זייער אייגענע שפּראַך און קולטור און אַפילו דעם יידישן פּרצוף — איז פון דעסטוועגן געבליבן ביי זיי די וואַרעמע בענקשאַפט נאָך אַן אמתן יידישן ייד פון זייער אַמאָ־ליקער היים, און אַ ליבע צו אַ ייד פון ישׂראל (ווי בכלל צו ישׂראל), פאַר וועלכן זיי, די אַפריקאַנער יידן אַליין, האָבן געגעבן און גיבן נאָך היינט צו טאָג מער געלט, ווי די יידן פון אַלע תפוצות צוזאַמען.

און נאָך אַ מעלה האָט דער אַפריקאַנער ייד (אויך דאָס מעג מען זיך ווינטשן אין ישׂראל): פּיעטעט צו אַ יידישן גייסטיק־שעפערישן מענטש, איבערהויפּט צו אַ יידישן שרייבער. כ׳וואָלט געקאָנט ברענגען זייער אַ סך פאַקטן, ווי אַזוי אַזעלכע צוריקגעשטאַנענע יידן, וואָס האָבן שוין לאַנג קיין בוך אין האַנט נישט גענומען, האָבן מיין באַזוך ביי זיי געהאַלטן פאַרן גרעסטן כבוד, וואָס מען קאָן זיי אָפּגעבן, און ווי אַזוי עס האָט זיי באַזיוו געפרייט צו האָבן מיין אונטערשריפט אויף מיין בוך, וואָס זיי האָבן גע־קויפט.

— מיר ווערן דאָ פאַרגרעבט — האָט זיך פאַר מיר אָפן מודה גע־ווען אַן אַלטער תושב אין מיוזענבערג. — איך לייען נישט קיין ביכער — האָט ער מיר געזאָגט, — נאָר אַ שרייבער האָב איך האָלד...

עס זענען וואָס אַן אמת פאַראַן אויך אַזעלכע אַפריקאַנער יידן, וואָס נישט נאָר זיי לייענען נישט קיין יידיש בוך, נאָר ווילן אים אַפילו נישט האָבן ביי זיך אין הויז. דאָס זענען אָבער אַזעלכע יידן, וואָס אויך אין זייערע

אַלטע היימען האָבן זיי נישט געלייענט און נישט גערעדט קיין יידיש און זיך אַפילו געשעמט מיט יידן און מיט דער אייגענער יידישער באָז...

וואָס שייך די יידן אין אַפריקע, די וואָס זענען געקומען אין לאַנד צום פאַרטיקן, צום גרייטן, ווי זאָגט מען — שאַרן גאָלד אין די גאַסן — האָבן זיי אין משך פון געציילטע יאָרן בלויז, פאַרלוירן דעם גאַנצן יידיש־קייט־באַגאַזש מיט אַלע זייַנע שפּראַך־ און קולטור־טראַדיציעס; נישט זיי האָבן אים פאַרלוירן, נייערט אים אַליין אַראָפּגעוואָרפן פון זיך, כדי זיך לייכטער צו מאַכן דעם לויף אויף צו דעריאָגן און איבעריאָגן די אַלטע, די אַפריקאַנער יידן, וואָס האָבן אָנגעהויבן פון שיכבענדלעך און דערגאַנגען ביז... דיאַמאַנטן־קעניגן.

ביי מיין גאַנצער סאָציאַליסטישער איינשטעלונג, וואָס איז קעגן קאַפּי־טאַליזם און קאַפּיטאַליסטן — געפעלן מיר די אַפריקאַנער יידן, די אמתע „אַל רייטניקעס" — בעסער פון די יידן אין אַפריקע. אַ גרויסער שאָד, וואָס די אַפריקאַנער יידן האָבן זייער גרויסע מי, פלייס און ענערגיע, וואָס איז אַ ברכה פאַר אַ לאַנד — נישט אינוועסטירט צוזאַמען מיט זייער קאַפּיטאַל — אין אויפבוי פון אייגענעם לאַנד — פאַר מדינת ישׂראל.

יאָהאַנעסבורג, 1952

# אין אַ שולע פאַר שוואַרצע קינדער

נישט ווייט פון יאָהאַנעסבורג, בסך־הכל זעקס־זיבן קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, צו פוסנס די דורכגעזיפּטע גאָלדענע זאַמדבערג, וואָס ליגן אויפגעשאָטן ביי די גאָלדשאַכטעס — ליגט איינס פון די אַזוי גערופענע „לאָקיישנס״ פאַר שוואַרצע — „מאַראַקאַ״. ציילן ציילט דער דאָזיקער מושב איבער צוויי צענדליק טויזנט נפשות — אַ באַפעלקערונג ווי אין אַ נישט איבעריק גרויסער שטאָט, וואָס זעט אָבער אויס גרויס און מאַכט דעם איינדרוק פון אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. שוין קילאָמעטערס ווייט זעט מען די בלעכערנע דעכער, וואָס ליגן נידעריק און ווײַס אָפּגעקאַלכט, ווי ס׳וואָלט אויף זיי געלעגן אַ שניי אין די הייסטע, זוניקסטע טעג...

די אמתע אָרעמקייט פון דעם „לאָקיישן״ וויקלט זיך ערשט פונאַנדער פאַר די אויגן, ווען מען קומט צו נאָענט צו אים און מען דערזעט די פאַרחושכטע, צעבראָכענע הייזקעס, געקלעפּטע פון ליים, אָדער געבויטע פון אַלטע צונויפגעשלעפּטע ציגל און שטיינער, פון שטיקער בלעך און אַלט צעפוילט האָלץ. דער „לאָקיישן״, צעשניטן אויף געסלעך, האָט אייגענע קרעמלעך וווּ מען פאַרקויפט ביסלעך שפּייז און גרינס, און קראָמען פון אָפּגענוצטע חפצים און מלבושים, אַריינגעבראַכטע דורך די שוואַרצע, וואָס אַרבעטן אין יאָהאַנעסבורג און וווינען אין דער דאָזיקער מלוכה פון בויט און אָרעמקייט.

„מאַראַקאַ״ האָט אויך אַן אייגענע אַדמיניסטראַציע, וואָס ווערט אָנגעפירט און שטייט אונטער דער קאָנטראָל פון ווייסע אַפריקאַנער און ענגלענדער.

די שולע פאַר שוואַרצע קינדער, וואָס איך האָב באַזוכט אין „מאַראַקאַ״, איז געשאַפן געוואָרן מיט דער איניציאַטיוו פון אַ קליינער גרופּע דעמאָקראַטיש־געשטימטע יידן, וועלכע נעמען זיך בכלל אָן די עוולות און דיסקרימינאַציע, וואָס ווערן מצד דער אַפריקאַנער רעגירונג באַגאַנגען קעגן

די שוואַרצע, די „גייטיווס״. אַחוץ אַ קליינעם ביישטייער מצד דער רעגי־רונג — ווערט די שולע אויסגעהאַלטן פון די געלטער, וואָס די גרופּע וויל־טעטיקע יידן און עטלעכע נישט־יידן זאַמלען צונויף צו דעם צוועק, און אויך אייגענע ביישטייערונגען מיט געלט, ביסלעך שפּייז, מילך און קליידונג.

ווען איך מיט מיין באַגלייטער (איינער פון די ווילטעטיקע) האָבן זיך מיט אויטאָמאָבילן דערנענטערט צום „לאָקיישן״, האָט ער מיר מיטן פינגער אָנגעוויזן אויף דער שול־געביידע וואָס איז געשטאַנען אין דער זייט, אַרויס־געריקט אויף אַ ליידיק פאַרוואָרלאָזט פעלד. ווען מיר זענען אויסגעשטיגן נעבן פאַראיינזאַמטן בוים פאַזע וועג, און געלאָזט זיך מיטן פעלד צו דער שולע — איז גראָד געווען די פאַרמיטאָג־הפסקה און מחנות שוואַרצע קינ־דער מיט שוואַרץ־געקרויזטע קעפּלעך, זענען ווי אַ צעשאָטענע שוואַרצע סטאַדע שאָף אַרומגעלאָפן איבערן נישט ריינעם פעלד מיט שטיינער, ציגל און אַלטע פאַרראָסטיקטע בלעכענע כּלים.

דערזעענדיק אונדז, די צוויי אָנקומענדיקע געסט, איז אונדז אַנטקעגן געגאַנגען אין אָפּגעטראָגענע אייראָפּעיִשע קליידער, אַ יונגער, אויסגע־דאַרטער שוואַרצער „גייטיוו״, וואָס האָט זיך זייער העפלעך און וואַרעם באַגריסט מיט מיין באַגלייטער, געגעבן אויך מיר די האַנט, און ס׳איז גע־ווען קענטיק, אַז ער איז זייער איבערגענומען מיט אונדזער באַזוך, איבער־הויפּט טאַקע מיט מיין באַגלייטער, וואָס איז, ווי איך האָב באַמערקט — זייער חשוב ביי אים, ווי דאָס קומען פון אַן אינספּעקטאָר — מחמת ער האָט דעם גרעסטן חלק אין העלפן אויפשטעלן די שולע און מיט דער כסדרדיקער זאָרג פאַר איר עקזיסטענץ.

בעת מיר זענען צוגעקומען צו דער אַזוי גערופענער שול־געביידע — אַן אַלטער פאַרלאָזענער חרובער בנין פון עטלעכע צימערן — זענען מיר געווען אַרומגערינגלט פון קאַרגע צוויי הונדערט שוואַרצע קינדער, וואָס זענען זיך צונויפגעלאָפן אויף בייז ווונדער, זיך געשטויסן כּדי בענטער צוצוקומען צו אונדז, און מיט בליאַסקענדיקע אויגן און גלאַנציקע שוואַרצע פּנימלעך מיט ברייטע נעזלעך — אונדז אַרומגעשמעקט און באַטראַכט פון אַלע זייטן...

דער שוואַרצער יונגערמאַן, וואָס איז פֿאַרוואַלטער און לערער פֿון דער שולע, האָט אונדז געפֿירט צו דער געביידע, כּדי אונדז צו ווייזן, וואָס מען האָט אויפֿגעטאָן, וואָס — פֿאַרריכט, אויסגעבעסערט און וואָס עס פֿעלט נאָך, אַז עס זאָל נישט אַריינרעגענען און אַריינבלאָזן דער ווינט... אויפֿן וועג האָט ער אונדז אויפֿמערקזאַם געמאַכט אויף דער גרויסער צאָל קינדער, וואָס געפֿינען זיך אין דרויסן, ווייל ס׳איז פֿאַר זיי נישטאָ קיין פּלאַץ אינעווייניק, און זיי מוזן דערפֿאַר לערנען אין דרויסן גרופּעסווייז, אויף דער אימפּראָוויזירטער טעראַסע און אויף דער ערד אַרום דער געביידע...

בעת מיר זענען צוגעקומען צו דער געביידע, זענען פֿאַר דער שוועל אונטער אַ בלעכן דעכל געזעסן אויף דער גאָלער ערד אין שטויב — אַ דרייסיק קינדער אין עלטער פֿון דריי ביז זעקס יאָר, וואָס מיט זיי האָט זיך פֿאַרנומען אַ ספּעציעלע פּרעבליסטין: אַ שוואַרצע אויסגעדאַרטע פֿרוי, אָנגעטאָן אין אַן אָפּגעטראָגן קאָלירט מענעריש רעקל און אין גרויסע מענערשיך.

אינעווייניק האָט אונדז דער פֿאַרוואַלטער געוויזן די „קלאַסן", וואָס האָבן נאָך קיין בענק נישט און די קינדער מוזן דערפֿאַר זיצן אויפֿן קויטיקן דיל; ער האָט אונדז אויך געוויזן די פֿאַר בענק וואָס מען האָט פֿון ערגעץ צונויפֿגעשטעלט און זיך געפֿרייט מיט דער דאָזיקער דערגרייכונג... אויף די בענק זענען בעת־מעשׂה געזעסן עטלעכע קינדער, יינגלעך און מיידלעך אין עלטער פֿון אַכט ביז צען יאָר, געהאַלטן העפֿטן אויף די קני און זיך באַמיט אָפּצושרייבן עפּעס פֿונעם לוח און, פֿון גרויס אָנשטרענגונג — גע־האַלטן די מיילער אָפֿן און ביי יעדן דריי מיטן בלייער — געדרייט אַהין און צוריק מיט דער צונג...

אין אַ צווייט פֿאַרחושכט צימער, אַ „העכערער" קלאַס פֿאַר דרייצן־פֿערצן־יאָריקע, האָבן מיר גראָד אָנגעטראָפֿן אויף אַ לעקציע, וואָס אַ יונגער שוואַרצער לערער האָט געהאַלטן וועגן היגיענע (אַ זאַך, וואָס איז אין די „לאָקיישנס" אוממעגלעך נאָכצוקומען צוליב דער מוראדיקער אָרעמקייט). בעת מיר זענען אַריינגעקומען אין די העכערע קלאַסן האָבן זיך די שילער אויפֿן ווונק פֿונעם לערער — אויפֿגעשטעלט און אונדז באַגריסט מיטן ענגלישן „וועלקאָם". בכלל האָבן די קינדער אַרויסגעוויזן גרויס געהאָרכ־

זאַמקייט און דיסציפּלין, וואָס מען מעג עס זיך ווינטשן פון די ווייסע קינ־דער אין די אייראָפּעיִשע שולעס און אַוודאי און אַוודאי — פון די קינדער אין ישׂראל...

איבערהויפּט האָבן זיי אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע דיסציפּלין בעתן זינגען. דער פאַרוואַלטער, וואָס איז אויך געווען זייער לערער פאַר גע־זאַנג, האָט צונויפּרופנדיק די קינדער אין זוניקן דרויסן פאַר דער שול־געביידע, זיי דערקלערט וועגן מיר, די געסט, זענען, און זיי געהייסן לכבוד אונדז עפּעס אויפזינגען. כהרף־עין האָבן זיך די קינדער צעשטעלט גרופּעס־ווייז און אין רייען און אויפן אָנווייז פונעם לערער, וואָס איז געשטאַנען ווי אַ פּאַסטעך צווישן שעפּסן, האָבן זיי אויפגעזונגען אַזוי, אַז איך האָב נישט געוווּסט, וואָס פריִער צו באַוווּנדערן, צי די פיינע טיפע שטימעלעך, צי די דיסציפּלין בעתן צונויפגיסן די שטימעלעך אין איין גאַנצקייט און האַרמאָניע. איבערהויפּט האָט מיך מיטן זינגען איבערראַשט די עלטערע גרופּע קינדער, די פערצן־פופצן־יאָריקע. בעת זייער זינגען האָב איך גע־טראַכט, אַז נישט אין איין אייראָפּעיִשער כאָר וואָלט זיי געדאַרפט הערן און עפּעס לערנען פון זיי, כאָטש אַזאַ געזאַנג לערנט מען זיך נישט אויס, ווייל עס ליגט אין דער נאַטור און אין כאַראַקטער פון אַ פאָלק.

יאָהאַנעסבורג, 1952

# תל־אביב אין דרום־אַפריקע

הייסן הייסט דאָס שטעטעלע מיוזענבערג, און ליגן ליגט עס דרייסיק קילאָמעטער פון דער עלטסטער דרום־אַפריקאַנישער שטאָט קייפּטאָן, ביים ברעג פונעם אינדישן אָקעאַן אין די „קייפּס״ — ווי מען רופט דאָ די וווּנדערלעך־שיינע בערגיקע געגנט, וואָס ציט זיך פונעם קייפּטאָנער ים־רינג, ביז צום אַטלאַנטישן אָקעאַן.

געקרוינט מיוזענבערג מיטן נאָמען תל־אביב האָבן די יעניקע דרום־אַפריקאַנער יידן, וואָס זענען שוין געווען אַ מאָל אָדער מער ווי אַ מאָל אינעם אמתן תל־אביב, אויפן תל־אביבער שפּת־הים אין די „גוטע״ צייטן, ווען די שטאָט האָט נאָך נישט געהאַט קיין קאַנאַליזאַציע, וואָס זאָל פּאַראומריייניקן דאָס וואַסער ביים ברעג ים און צונעמען ביי צענדליקער טויזנטער יידן די הנאה פון באָדן זיך און פון בראָטן און ברענען זיך אויף דער פּליאַזשע.

אויך אין מיוזענבערג באָדן זיך זומער טויזנטער יידן, וואָס קומען פון טויזנטער קילאָמעטער ווייט, כדי צו פאַרברענגען זייער „האָלידיי״. איבערהויפּט איז גרויס די צאָל באָדנדיקע יידן אין דער צווייטער העלפט פון שבתדיקן טאָג און אַ גאַנצן זונטיק, ווען מען איז פריי פון יעדער אַרבעט און באַשעפטיקונג. דעמאָלט לאָזט מען זיך אַראָפּ קיין מיוזענבערג מאַסנווייז, פון אַלע אַרומליגנדיקע שטעטעלעך, — איבערהויפּט פון דער גרויסער שטאָט קייפּטאָן, ווו די היץ גרייכט זייער אָפט איבער הונדערט גראַד פאַרענהייט, אַזוי, אַז ס׳איז פּשוט נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען.

פון דעסטוועגן, האָבן נאָך די אַפריקאַנער יידן, פאַרגלייכנדיק מיוזענבערג מיט תל־אביב, געדאַרפט צוגעבן, להבדיל, ווייל אין דער גרויס וואָלט מיוזענבערג געווען אַ תל־אביבער הינטערשטאָט, ווי רמת־גן, למשל, וואָס פאַרמאָגט אָבער נישט אַזאַ „ביטש״ (פּליאַזשע), וואָס מען זעט נישט, זאָגן די אַפריקאַנער יידן — אין דער גאַנצער וועלט. און אַפריקאַנער יידן זאָגן, מעגט איר זיי גלייבן, זיי ווייסן יאָ וואָס גוט איז און זיי קווועלן אָן נישט בלויז פונעם „ביטש״, נאָר אויך פון מיוזענבערגער ווינטל, וואָס האַלט אין

איין פעכערן פון די בערג; אַזאַ ווינטל — זאָגן די יידישע האָלאָדייניקעס — איז גאָר נישט צום באַצאָלן... איבערהויפּט זענען זיך מחיה מיטן ווינטל די עלטערע יידן, די טאַטעס מיט די מאַמעס, וועמען די קינדער שיקן זומערצייט אַרויס קיין מיוזענבערג, כדי צו כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט און זיך אונטערטונקען אַ מאָל אין ים, להבדיל ווי אין אַ מקווה...

פאַרשטייט זיך, אַז אין אַ שטעטל, ווו מען קומט זיך אָפּרוען, אַ צייט, פאַרברענגען און האָבן פאַרגעניגן פון גאָטס וועלט — ווערט דאָס גאַנצע שטעטל פול מיט אחינו בני ישראל, מחמת די האָטעלן זענען יידישע, נאָר מיט העברעיִשע נעמען, ווי: שרון, אביב, כרמל, ירושלים א.אַנד. געשריבן אָבער נישט מיט קיין העברעיִשע אותיות, נאָר מיט לאַטייניִשע און מיטן ענגלישן אויסלייג, ווייל ענגליש איז איינס פון די צוויי אָפיציעלע שפּראַכן אין דרום־אַפריקע, און ווייל עס פאַרבלאָנדזשען אַ מאָל קיין מיוזענבערג אַ פּאָר נישט־יידן, וואָס מאַכן אגב „שבת פּאַר זיך און באָדן זיך עטלעכע קילאָמעטער ווייטער פון יידן...

היות די צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן ווייסע אין דרום־אַפריקע זענען געשלאָגן מיט דער „חרפּה" פון עלף ביז פופצן מיליאָן שוואַרצהויטיקע און „קאָלירטע" — קאָן מען אין אַפריקאַנער תּל־אביב זען באָדן זיך אויך נישט קיין ווייסע. די שוואַרצע קומען נישט קיין מיוזענבערג מיט אייגענע, עלע־גאַנטע אויטאָמאָבילן ווי די ווייסע; זיי שטייען נישט איין אין די האָטעלן (זיי טאָרן מיט אייראָפּייער צוזאַמען נישט וווינען); דאָס זענען אין מיוזענבערג די שוואַרצע, וואָס אַרבעטן אַרום מיוזענבערג און אין די מיוזענ־בערגער האָטעלן און פּריוואַטע הייזער, פון וואַנען זיי כאַפּן זיך אין אַ פרייער שעה אַרויס און ווילן אויך געניסן אַ ביסל פונעם ים. אויך זיי, די שוואַרצע, באָדן זיך באַזונדער, אָבער נישט ווייל זיי ווילן (ווי עס ווילן עס די ענגלענדער און אַפריקאַנער) נאָר, ווייל זיי מוזן...

די מיוזענבערגער פּליאַזשע איז אַלזאָ אָן אַ גדר צעטיילט פאַר דריי נאַציאָנאַליטעטן, אויף דריי חלקים, איבער וועלכע עס דאָמינירט דער יידישער חלק, וואָס גיט דעם אויסערלעך נישט־יידישן שטעטל — אַ יידישן אינהאַלט, איבערהויפּט אין אַ פּרייטיק אויף דער נאַכט ווען פון די יידישע האָטעל־פענצטער הייבן אָן אַרויסצולייכטן די אָנגעצונדענע שבת־ליכט.

די אינטערעסאַנטסטע דערשיינונג אין מיוזענבערג איז אָבער דאָס, וואָס די הויפּט־שפּראַך אין איר איז, ווי אין תל־אביב — יידיש. עס רעדן אין מיוזענבערג יידיש אַפילו די יעניקע יידן, וואָס אין דער היים ביי זיך, אין די אַפריקאַנישע שטעט פון וואַנען זיי קומען, שעמען זיי זיך מיט יידיש און רעדן נאָר ענגליש, אַפילו ווען זיי קאָנען נישט קיין ענגליש. ווייזט אויס, אַז ווען מען דערזעט זיך אין דער פרעמד נאַקעט ווי דער קעניג קאָן נאַקעט זיין — הערט מען זיך אויף צו שעמען מיט אייגן פלייש און בלוט און מיט דער אייגענער שפּראַך.

ווי ווייט מיוזענבערג איז יידיש און יידישלעך אין סעזאָן פון די „האָ־לידייס", קאָן דינען פאָלגנדיקער כאַראַקטעריסטישער וויץ, וואָס געשאַפן האָבן אים די יידן פון מיוזענבערג.

אויף אַ ווענדונג פונעם דרום־אַפריקאַנער יידנטום צום פרעמיער־מי־ניסטער מאַלאַן, אז ער זאָל אונטערשטיצן די ישראל־פּאָליטיק, האָט מאַלאַן געענטפערט, אַז ער איז גרייט פאַר ישראל אַלץ צו טאָן, נאָר מיט איין תנאי: די יידן זאָלן אים דערפאַר צוריקגעבן מיוזענבערג...

מיוזענבערג, 1952

# דער פּאַטער פון די שוואַרצע

דאָ רעדט זיך נישט וועגן קיין עלטסטן, וועגן קיין „טשיף" פון וועלכן עס איז שבט פון די שוואַרצע, נאָר וועגן אַ גאַליציאַנער יידן פון קאָלאָמיי, מיטן נאָמען שאַודער, וואָס געפינט זיך שוין אין דרום־אַפריקע קיילעכדיקע פופציק יאָר און לעבט די גאַנצע צייט אין פּאָרט־עליזאַבעט, ווו ער איז געווען איינער פון די ערשטע און באַליבטסטע ראַטמענער פונעם ערשטן שטאָטראַט און געוואָרן דער „פּאַטער פון די שוואַרצע".

פאַרן פּאַטער זייערן האָבן שאַודערן געקרוינט די שוואַרצע פונעם דאָרטיקן „לאָקיישן". דעם טיטל „פּאַטער" האָבן זיי אים געגעבן דערפאַר וואָס ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר זייער רעכט ביי דער אַפריקאַנער רעגירונג, און דער עיקר: ווייל ער האָט אויף זיך גענומען די איניציאַטיוו צו שאַפן די נייטיקע מיטלען אויף אויסצובויען פאַר זיי מענטשלעכע וווי־נונגען.

מיטן זיבעציק־יאָריקן שאַודער, וואָס איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג זייער טעטיק אינעם יידישן און אויך נישט־יידישן אַפריקאַנישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט מען מיך צונויפגעפירט אין אַן אָפּגערעדטער שעה פאַר מיטאָג, ביי אים אין דער וווינונג, אין אַ הויז ווי אַן אַלטער שלאָס, אין אַ גאָרטן, ווייט פון שטאָטישן רויש און טומל. עס עפנט די טיר אַ שוואַרצע, אַ באַדי־נערין, וואָס פירט מיך מיט מיינע צוויי באַגלייטער אַריין אין אַ זייער גרויסן און זייער הויכן טונקל געהאַלטענעם זאַל, ווי אין אַן אַלט נישט־יידיש געבעטהויז. אויף איינעם פון די געבעטע נידעריקע שטולן, וואָס זע־נען געשטאַנען אַרום נידעריק, קליינע טישעלעך אויף אָוועקצושטעלן כיבוד, איז געזעסן דער קאָלאָמייער זיבעציק־יאָריקער ייד שאַודער, אַ שלאַנקער מיט נאָך נישט קיין גאַנץ גראָען קאָפּ, און מיט אַ לענגלעך פריש אַריס־טאָקראַטיש פּנים. וויסנדיק אַז שאַודער איז שוין אין אַפריקע פופציק יאָר, האָב איך אים ראשית כל אַ פרעג געטאָן צי כ'קען מיט אים רעדן יידיש, אָדער כ'וועל דאַרפן צו אים אַ „דאָלמעטש".

— וואָס הייסט? — האָט ער אַ דערשטוינטער געענטפערט — אַוודאי אויף יידיש! מיין יידיש — האָט ער מיר באַמערקט — איז וואָס אַן אמת שוין נישט אַזאַ ריינער יידיש פון אַמאָל, אָבער, עד רעד נאָך און פאַר־שטיי זייער גוט...

אין דער אמתן האָב איך שאַודערן געשטעלט בלויז געציילטע פראַ־געס, וואָס מיך האָט אינטערעסירט צו וויסן, נאָר גערעדט האָט די גאַנצע צייט שאַודער אַליין; גערעדט זייער לעבעדיק, דערציילט זכרונות פון קאָלאָמיי, פון זיינע ערשטע יאָרן אין אַפריקע, און — אַרויף אויף דער טעמע ישראל און ציוניזם.

— כ׳בין געווען ביי אייך אין ישראל — גיט שאַודער אַ זאָג מיט אַ ביסל אַ געררייצטער אויפגעהויבענער שטים. — עס געפעלט מיר נישט אייערווירטשאַפט! כ׳האָב עס שוין נישט איינעם פון ישראל געזאָגט און וואָלט עס געזאָגט אייער בן־גוריונען אַליין, ווען ער וויל מיך הערן...

וועגן דער ווירטשאַפט אין ישראל און וועגן ווירטשאַפט בכלל, האָט מיר שאַודער אַנטוויקלט אַ טעאָריע פון וועלכער כ׳האָב ווייניק־וואָס פאַרשטאַנען, אָבער זי גערן אויסגעהערט צוליב דער וואַרעמקייט און תמי־מות, וואָס האָט געשלאָגן פון אים און פון זיינע רייד.

נאָכן ענדיקן דאָס געמיטלעכע טיי־טרינקען, האָט שאַודער מיט מיר אָפּגערעדט אַרויסצופאָרן מיט מיר אין זיין „מדינה״ פון די שוואַרצע, אין „ניובריטן״, און ווייזן מיר דאָרטן זיינע אויפטוען.

אין זעלבן טאָג, וואָס איך מיט נאָך עטלעכע מענטשן זענען אַרויסגע־פאָרן מיט שאַודערן אין זיין „קאַר״ צו באַזוכן דעם „לאָקיישן״ פון די שוואַרצע, איז מיר פאַרגעשטאַנען נאָך אַ סורפּריז: ביי די שוואַרצע איז גראָד אין דעם טאָג פאָרגעקומען דער טראַדיציאָנעלער טאַנץ־פרימאָרגן פון זייערע שבטים, אַ ספּעקטאַקל, וואָס ציט צו אַ חוץ די שוואַרצע — טויזנטער ווייסע פון פּאָרט־עליזאַבעט. געפאָרן בסך־הכל עטלעכע מייל, האָט מיר שאַודער, וואָס האָט אַליין געפירט זיין „קאַר״, אַ ווייז געטאָן: איר זעט די רייען נייע פיין־געבויטע הייזלעך אַרומגענומען מיט שטיקלעך גערטנדלעך? דאָס איז מיין אַרבעט, דאָס האָבן זיי מיר צו פאַרדאַנקען.

ווען שאַודער האָט אָפּגעשטעלט זיין אויטאָמאָביל און מיר זענען אַרויס מיט אים, צו באַטראַכטן די ערשטע פּאָר הייזלעך פון דער גאָענט — האָבן מיר זיך אַלע געפונען אַרומגערינגלט פון אַ געזעמל שוואַרצע מענער, פרויען און קינדער, וואָס אַלע האָבן זיי זיך פאַרנייגט פאַר שאַודערן, זיך באַגריסט מיט אים, און מיט גרויס יראת הכבוד און דאַנקבאַרקייט אים אָנ־גערופן ביי זיין נאָמען און ביים טיטל: פאָטער. שאַודער האָט כמעט מיט זיי אַלעמען גערעדט, זיך נאָכגעפרעגט ווי עס ווינט זיך זיי און צי זיי זענען צופרידן. באַקומענדיק פון זיי די פאָר נייטיקע אינפאָרמאַציעס — צוגעפאָרן מיט אונדז צום פלאַץ, ווו ס'האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן די טענץ. די שוואַרצע פאָליציי מיט די שוואַרצע אָרדנער האָבן דערזעענדיק אָנקומען שאַודערן, זיך אַ צערוק געטאָן, זיך פאַרנייגט פאַר אים, געמאַכט פאַר אים אַ וואַרע און געלאָפן פאָרויס, — אָנזאָגן, אַז דער „פאָטער" שאַו־דער קומט אָן, מען זאָל צוגרייטן פאַר אים דעם בכבודיקסטן פלאַץ.

אין זכות פון שאַודערן, וואָס איז געזעסן ווי אַ נשיא, האָבן אויך גע־נאָסן מיר, זיינע באַגלייטער.

וועגן דעם „אַמפיטעאַטער" ביי די שוואַרצע און דער עיקר: וועגן דעם ספּעקטאַקל פון די טענץ פון די שבטים — איז כדאי באַזונדער צו שרייבן, און כ'וועל עס אויך טאָן ביי דער ערשטער געלעגנהייט. כ'האָב נאָר געוואָלט דערציילן וועגן דעם ווייסן זיבעציק־יאָריקן קאָלאָמייער ייד, וואָס איז ביי די שוואַרצע פון „ניו־בריטן" געוואָרן זייער פאָטער, און קאָן זיך נאָך דערדינען ביי זיי צו דער ראַנג פון אַ גאָט...

אגב, איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אויף מיין קבלת־פּנים אין פּאָרט־עליזאַבעט, איז שאַודער געווען דער ערן־פּאָרזיצער און האָט נאָך פופציק יאָר רעדן נאָר ענגליש — מיך באַגריסט אין אַ גאַנץ קאָרעקטן גאַליציאַ־נער יידיש.

יאָהאַנעסבורג, 1952

# צוליב סילוועסטער און... שיך

אין מיינע עטלעכע קורצע און אויך ווייטע רייזעס, האָב איך אין יעדן לאַנד, אויף וויפל ס׳איז מיר נאָר מעגלעך געווען — אויסגעמיטן צו ווינען אין האָטעלן אין וועלכע כ׳האָב זיך נישט געקאָנט פאַרשטענדיקן אויף מיין שפּראַך — אויף יידיש. נישט אַלע מאָל האָט זיך מיר אָבער איינגעגעבן צו געפינען אַ פּאַסיק ווינאָרט און בלית ברירה האָב איך געמוזט אַריינגיין אין אַ האָטעל אין וועלכן כ׳בין, נישט קענענדיק די צוויי וועלט־שפּראַכן: ענגליש און פראַנצויזיש — אַרומגעגאַנגען אַ שטומער צווישן די האָטעל־שכנים.

אין דער אמתן איז מיין גוט אָדער שלעכט זיך פילן אין אַ האָטעל, געווען אָפּהענגיק נישט נאָר פון דער שפּראַך וועלכע מען האָט אין אים גערעדט, נאָר פון דער האָטעל־אַטמאָספער, וואָס די האָטעלגעסט האָבן געשאַפן.

צוליב אַזאַ נישט־געוווּנטשענער אַטמאָספער מצד די האָטעלגעסט, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען אַ גרויסע צאָל פון אַחינו בני ישראל, און צוליב אַ מעשה מיט שיך — בין איך באַלד אויפן צווייטן טאָג אַנטלאָפן פונעם גרעסטן און שענסטן האָטעל, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דער שטאָט פּאָרט־עליזאַבעט — אין דרום־אַפריקע.

אַריינגעפירט אין האָטעל „עליזאַבעט" האָבן מיך מיינע גאַסטגעבער פון דער דאָרטיקער יידישער קולטור־פעדעראַציע, וואָס האָט דערביי געהאַט די בעסטע כוונה — געוואָלט דערמיט מיר אָפּגעבן כבוד — איינ־צושטיין מיט די חשובסטע און רייכסטע מענטשן, וואָס פלעגן דאָרט זיין זייער אָפטע געסט.

— אַריין אין האָטעל בין איך פונקט אַ טאָג פאַרן פייערן סילוועסטער — ווען דער גאַנצער פּערסאָנאַל ווייסע און שוואַרצע באַדינערינס האָבן פיי־

בערהאַפּט אַרומגעשמייעט איבער די לאַנגע קאָרידאָרן און צימערן, געגעבן אײנער דעם אַנדערן אָנווייזונגען וואָס און ווי צו טאָן, אַז די סילוועסטער־פייערונג זאָל זיין וואָס אימפּאָזאַנטער.

די ערשטע וואָס האָבן זיך שוין מיט אַ טאָג פריִער פאַר דער פייערונג אויסגעסטראָיעט מיט קאָלירטע פּאַפּירענע מיצלעך, זענען געווען („זאָל עס נישט אויסגערעדט זיין") — די פון די „אַחינו בני ישראל", וואָס נישט אײנער פון זיי האָט אויפן וועג „ביז צו דער קרעטשמע" — געכאַפּט שוין אויף אַ גוטן טרונק און, אַרומגעגאַנגען ווי אויף אַ שיף אין אַ שטורעם...

דערזען וואָס עס גרייט זיך אויף אַ גאַנצער נאַכט — האָב איך באַלד אין דער פרי זיך טעלעפאָניש פאַרבונדן מיט אײנעם פון מײנע גאַסטגעבער און אים געבעטן ער זאָל זיך אויף מיר מרחם זיין — געפינען פאַר מיר אַ פּריוואַט צימער. און מיין ווונטש איז דערפילט געוואָרן: נאָך אין זעל־ביקן טאָג, פאַר מיטאָג, איז געקומען צו מיר מיין „רעטער" און מיך באַפרייט פון דער „גאָלדענער שטייג".

וואָס איז געווען מיט די שיך? — איז די מעשה אַזוי:

באַלד אין מיין ערשטער נאַכט אין האָטעל „עליזאַבעט", ווען כ'האָב, ווי עס טרעפט זיך מיט יעדן לעבעדיקן מענטש — געדאַרפט אין מיטן דער נאַכט אַרויסגיין אין קאָרידאָר, האָב איך דערזען, אַז ווי לאַנג דער קאָרידאָר האָט זיך געצויגן, זענען ביי ביידע זייטן טירן געשטאַנען מיט די נעז פאָרויס — צוויי לאַנגע רייען שיך — ווי וואַרטנדיק אויף אַ באַפעל אָפּצו־מאַרשירן אויף פּאַראַד... די אײנציקע טיר, ביי וועלכער ס'זענען נישט געשטאַנען קיין שיך, איז געווען מיין טיר.

ס'איז נאָך געווען זייער פרי, האָבן מיך אויפגעוועקט עטלעכע זייער דינע פינגערקלעפּ אין דער טיר. אויף מיין „קאָם אין", האָט זיך די טיר זייער לאַנגזאַם געעפנט און ס'האָט זיך נישט דרייסט אַריינגעשטעלט אײ־נער פון דער גרויסער צאָל שוואַרצע באַדינער. מיט שטומע, פרעגנדיקע בליקן האָט ער געקוקט אויף מיר און פון מיר — אויף מײנע שיך, וואָס האָבן אָפּערגעקוקט פון אונטער מיין בעט. פון זיין קוקן האָב איך פאַר־שטאַנען, אַז ער פרעגט ביי מיר הלמאַי איך האָב נישט אַרויסגעשטעלט מײנע שיך צום פּוצן. כדי קלאָר צו מאַכן אים פאַר וואָס איך האָב עס נישט

געטאָן, האָב איך, נישט קאָנענדיק רעדן מיט אים — אַפּערגענומען מיין האַנט פון אונטער דער קאָלדרע, זי אויסגעצויגן און פונעם טישל נעבן מיין בעט — אַרויסגערוקט דעם שופלאָד און אַרויסנעמענדיק פון אים אַ באַרשט — געטאָן מיט איר אַ ווייז אויף מיר און עטלעכע מאָל אַ פּיר געטאָן מיט איר אַהין און צוריק — ער זאָל אויף שטום־לשון פאַרשטיין, אַז איך פּוץ אַליין מיר אויס די שיך...

אַז כ׳בין אויף צו מאָרגנס, ביים פאַרלאָזן דעם האָטעל, דורכגעגאַנגען דעם לאַנגן קאָרידאָר, האָבן, וויפל שוואַרצע באַדינער עס זענען מיר אַנט־קעגן געקומען — זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעדרייט זיך נאָכצוקוקן דעם „וויסן״, וואָס פּוצט אַליין זיך די שיך...

יאָהאַנעסבורג, 1952

# אַ גוטער ווייסער

כדי צו באַקענען פון דער נאָענט דאָס לעבן פון די אַפריקאַנער שוואַרצע אין דרום־אַפריקע, האָב איך, זייענדיק אין יאָהאַנעסבורג, אויסגענוצט די געלעגנהייט פון באַפריינדן זיך מיט איינעם פון די ליטווישע יידן, אַן אַל־טער תושב אין דרום־אַפריקע. דער ייד, וואָס האָט זיין נישקשהדיקע פרנסה געצויגן פון דעם, וואָס ער האָט בשותפות מיט אַ נישט־ייד, אַ בור, געהאַט אַ גרויסן אויטאָבוס, מיט וועלכן זיי פלעגן פינף קילאָמעטער הינטער יאָ־האַנעסבורג, אין אַן אַזוי גערופענעם "לאָקיישן" פאַר שוואַרצע — פירן די שוואַרצע אַרבעטער צו זייערע אַרבעט־פלעצער און צוריק.

כ׳האָב מיט מיין פריינד, דעם באַזיצער פונעם אויטאָבוס, אָפּגעמאַכט, אַז ווען ער וועט נאָר קאָנען, זאָל ער מיך אַרויסנעמען אַהין אין „לאָקיישן" און איך וועל פון זיין גאַראַזש זיך אַרומקוקן און זיך צוקוקן צו אַ „לעבן", וואָס איז מיר געווען באַקאַנט נאָר פון דער ליטעראַטור.

באַשרייבן דאָס לעבן, אַפילו נאָר פון דער איינער נעגערישער אָרט־שאַפט, פינף קילאָמעטער פון דער שטאָט פון גאָלד — פון יאָהאַנעסבורג — דאַרף מען פאַרמאָגן דעם כוח און די רוטין פון אַ בעלעטריסט, אויף וואָס איך פרעטענדיר נישט. פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב פון מיין אָבסערוואַ־ציע־פונקט, פונעם גאַראַזש, געזען — וויל איך איבערגעבן נאָר איין פאַקט, וואָס וואַרפט אַ מוראדיק ליכט אויפן פינצטערן פאָן פון דער הערשנדיקער אונטערדריקונג לגבי דעם נעגערטום — מצד די ווייסע — אין הסכם מיט דער „אַפּאַרטהייד"־פּאָליטיק פון דער דרום־אַפריקאַנישער רעגירונג.

און אָט איז דער פאַקט, וואָס איז גלייכצייטיק אַ בילד, וואָס שטייט מיר כסדר פאַר די אויגן:

אין אַ זייער הייסן זומערטאָג, בעת כ׳בין געזעסן ביי מיין פריינד אין גאַראַזש און מיר ביידע האָבן זייער גוט אונטערגעשוויצט, האָט ער עמעצן

אַ רוף געטאָן פון דרויסן ווי דער אויטאָבוס זיינער איז געשטאַנען אונטער־געשפּאַרט אויף אַ הייבער; אויפן רוף פון מיין יאָהאַנעסבורגער פריינד, האָט זיך פון הינטער די רעדער פון אויטאָבוס אַפּערגעריטשט אַ פּופּצן־יאָריק נעגער־ייִנגל, און דער ייִדישער „באָס״ זיינער האָט, ווי דער שטייגער איז פון אַ „באָס״ — אים באַפעלעריש אַ זאָג געטאָן: גיב אַ לויף נאָך עטלעכע פלעשער „קאָקאָ קאָלאַ״, נאָר אויף איין פוס!

ווי אַ בליץ איז דאָס נעגער־ייִנגל נעלם געוואָרן. וואָהין ער איז געלאָפן נאָך „קאָקאָ קאָלאַ״, איז מיר ערשט קלאָר געוואָרן נאָך דעם ווי ער איז אין אַ האַלבער שעה אַרום געקומען צו לויפן ווי אַ פאַרסאָפּעט פערדל, פון וועלכן ס׳האָט זיך געגאָסן דער שווייס וואָס האָט זיך ביי אים צונויפגעגאָסן מיט דער פעטקייט פונעם אייל צו די רעדער און מיטן גלאַנץ פון זיינע שוואַרצע אויגן...

— גיט אים אויך אַ טרונק — זאָג איך צו מיין פריינד, ווען ער האָט געהאַט אָנגעגאָסן נאָר צוויי גלעזער, פאַר מיר און פאַר זיך.

ווען ס׳נעגער־ייִנגל האָט אַ דאַנק מיר באַקומען דאָס גלאָז ״קאָקאָ קאָלאַ״, האָט ער טרינקענדיק זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו מיר, מיך באַטראַכט מיט אַ צופרידענעם ברייטן שמייכל און אויסטרינקענדיק — געזאָגט מיר: טענק יו, סער.

— וואָס שמייכלסטו אַזוי נאַרישעוואַטע צום סער? (צו מיר, הייסט עס)

— האָסט דען פאַרשטאַנען וואָס דער סער האָט געזאָגט? — האָט אים געפרעגט דער באַלעבאָס.

— יאָ, כ׳האָב געזען וואָס דער סער האָט געזאָגט... ער האָט מיר געהייסן געבן אַ טרונק.

שוין ביים אַרויסגיין פונעם גאַראַזש, האָט זיך דאָס נעגערישע בחורל נאָך אַ מאָל אויסגעדרייט מיטן פּנים צו מיר, און אָנווייזנדיק מיט אַ פינגער אויף מיר — זיך אָנגענומען מיט מוט און הויך אַ זאָג געטאָן צו זיין באַלעבאָס: אָט דער ווייסער, איז אַ גוטער ווייסער...

יאָהאַנעסבורג, 1952

# אין לאַנד פון אַלע מעגלעכקייטן

אין די יאָרן ווען איך האָב נאָך אַמעריקע נישט געזען אַפילו אין חלום, האָב איך שוין פון באַשרייבונגען און פון הערן געוווּסט, אַז אַמעריקע איז דאָס לאַנד פון אַלע מעגלעכקייטן; אַז אין אַמעריקע קאָן אַ שניידער־יינגל דערגיין צו ווערן פרעזידענט אין די יוניאָנס; אַז אַ ייִד, וואָס טראָגט נישט קיין באָרד און פאַרשטייט אַפילו נישט קיין פירוש המילים — אויב ער פאַרמאָגט נאָר אַ שטיקל שטים — קאָן ער ווערן אַ חזן, אַ מוהל, אַ שוחט, אָדער אַלע דריי זאַכן צוזאַמען; אַז אַן אָרטאָדאָקסישער רב זאָל, למשל, ווערן אַ טשיף ראַבאַי ביי די הייגטיקע „היפּיס״, וואָס טראָגן אויף די לאַצן בלעכענע אָפּצייכנס מיט דער אויפשריפט: „גאָט לעבט נאָך אינעם ווייסן הויז״... און אַנדערע אַפּיקורסישע און גאָט־לעסטערנדיקע אויפשריפטן. געוווּסט האָב איך, אַז אין אַמעריקע קאָן אַ צייטונג־פאַרקויפער אָדער שיכפּוצער דערגיין צו דער עשירות פון אַ ראָקעפעלער אָדער צו וועלכן עס איז אַנדערן מיליאָנער; אַז אַמעריקע, ווי אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, פאַרמאָגט אַ סך אָרעמקייט־קוואַרטאַלן, וואָס זענען באַוווינט פון די, וואָס לעבן על־פּי־רוב פון סאָציאַלער הילף און פון אַ סך, וואָס לעבן — ווייסט איין גאָט, פון וואָס!... איך האָב אָבער נישט געוווּסט, אַז דאָס רייכסטע, זאַטסטע לאַנד אין דער וועלט — וואָס שפּייזט אַ האַלבע וועלט — זאָל פאַרמאָגן ביי זיך אין לאַנד, מיליאָנען נויט־באַדערפטיקע, פאַרביטערטע און רעוואָלטירנדיקע, וואָס באַשטייען נישט נאָר פון שוואַרצע, וואָס קעמפן פאַר זייערע עלעמענטאַרע רעכט.

איך האָב אויך נישט פאַרשטאַנען ווי עס איז מעגלעך, אַז אַמעריקע, דאָס לאַנד, וואָס די גרויסע רוסישע אימפּעריע וויל עס עקאָנאָמיש, טעכניש און נאָך מער — מיליטעריש איבעריאָגן, כדי צו זיין שטאַרקער פון אַמעריקע; דאָס לאַנד, וואָס שיקט אירע זין טויזנטער מייל ווייט פון דער היים — קעמפן אין דער פרעמד קעגן קאָמוניזם — זאָל ביי זיך אין לאַנד נישט קאָנען

אונטערדריקן די „ראַיאָטן" — ווי עס הייסן אין אַמעריקע די אומרוען פון די נעגער, וואָס פּלינדערן און רויבן, צינדן אונטער נישט נאָר איינצלנע הייזער, נאָר לאָזן גאַנצע שטעטלעך אַוועק מיטן פייער, אַזוי, אַז דער שוואַרצער רויך דערגייט אַזש ביז צום „ווייסן הויז" אין וואַשינגטאָן...

ווי אַ סך מיליאָנען אַמעריקאַנער, האָב איך זיך, צו מיין גליק, אויך נישט געפונען, בעת מעשה, אין די ברענענדיקע שטעטלעך ווו עס זענען פאָרגעקומען די „ראַיאָטן"; איך האָב זיי, בעת מעשה, געזען נאָר אויפן טעלעוויזיע־קאַסטן — ווי עס האָבן זיי געזען מיליאָנען אַמעריקאַנער, וואָס זענען ביי זיך אין די באַקוועמע היימען געזעסן אויף די געבעטע שטולן, אָדער געלעגן אויסגעצויגן אויף די שוואמען־ווייכע טעפּיכער און געקוקט ווי אויף אַ ספּעקטאַקל — ווי צעווילדעוועטע מחנות נעגער רויבן פון די ברענענדיקע קראָמען און טראָגן דאָס רויב אַוועק פאַר די אויגן פון הונדערטער גוט באַוואָפנטע פּאָליציי און מיליטער, וואָס האָט געהאַט (איין גאָט ווייסט פאַר וואָס) — אַ באַפעל נישט אָנצווענדן צו פיל כוח קעגן די אונטערצינדער און רויבער.

עס זענען, וואָס אַן אמת, געפאַלן טויט עטלעכע צענדליק נעגער; זיי זענען אָבער געפאַלן פון די הענט פון די ווייסע, וואָס האָבן זיך פאַרטיידיקט מיט געווער און, פון קוילן פון די פּאָליציאַנטן, וואָס זענען דירעקט אַטאַקירט געוואָרן פון די נעגער.

אין די טעג פון די גרויסע אומרוען איז מיר קלאָר געוואָרן הלמאַי די ווייסע אין אַמעריקע האָבן אָנגעהויבן רעדן צו זייערע נעכטיקע קנעכט, די שוואַרצע — ווי דורך אַ זיידן טיכל... פאַר וואָס מען האָט אין דער אַכט־מיליאָניק באַווינטער שטאָט ניו־יאָרק איינמאָנטירט שפּיגלען אין די וויגדעס — כדי צו זען בעת זיי עפענען זיך — צי שטייט נישט אין זיי עמעץ, אַן אומגעוווּנטשענער...

פאַר וואָס מען זעצט זיך נישט געדן אַוועק אין גרעסטן, שענסטן ניו־יאָרקער פּאַרק, אין סענטער־פּאַרק — תחילת אָוונט.

פאַר וואָס מען האָט ביי נאַכט מורא אַריינצוגיין אַליין אין יענער גאַס, וואָס פאַרמאָגט נישט אַזאַ פאַרבלענדנדיק ליכט פון לאָמפּן און רעקלאַמעס, ווי דער „טיים־סקווער".

פֿאַר וואָס די זאַטע אַמעריקאַנער האָבן אָנגעהויבן קוקן אַזוי ערנסט און מיט זאָרג פֿאַר זייער מאָרגן...

איך וואָלט געקאָנט דערמאָנען נאָך אַ סך פֿון דעם, וואָס מיר איז קלאָר געוואָרן — און נאָך מער פֿון דעם, וואָס מיר איז פֿונעם אַמעריקאַנער לעבן און פֿון די אַמעריקאַנער פּראָבלעמען נישט קלאָר געוואָרן — מחמת צוויי חדשים איז ווייט נישט גענוג אויף צו קענען אַמעריקע, און נישט אַלע מאָל זעט „אַ גאַסט אויף אַ ווייל", וואָס עס ליגט אויף אַ מייל...

ניו־יאָרק, 1968

# „היפיס"

יעדע גרויסע שטאָט אין אַ לאַנד פאַרמאָגט אַזאַ גאַס אָדער קוואַרטאַל, וואָס געווינט אַ וועלט־פּאָפּולאַריטעט, נישט אַזוי צוליב איר היסטאָרישן באַדייט, ווי צוליב איר אייגנאַרטיקייט, מיט וועלכער די גאַס אָדער קוואַר־טאַל טיילט זיך אויס פון אַ סך אַנדערע גאַסן און געגנטן און איז אַ צוציִונג נישט נאָר פאַר דער נייגעריקייט פון טוריסטן, נייערט אויך פאַר די תושבים פון דער שטאָט.

אַזאַ איז דער „גריניטש־ווילעדזש" אינעם אַלטן טייל פון דער גרוי־סער שטאָט ניו־יאָרק, עס איז נישט קיין נאָמען פון אַ גאַס, נאָר פון אַ קוואַרטאַל מיט גאַסן און געסלעך, וואָס צעלויפן זיך אַרום אַ גרויסן סקווער: דער וואַשינגטאָן־סקווער.

„גריניטש־ווילעדזש", וואָס דערמאָנט ביי נאַכט דעם „מאָנפּאַרנאַס" און „מאָנמאַרטר" אין פּאַריז און די דיזנגוף אין אַ שבת־צונאַכט אין תל־אביב — האָט זיך אין די לעצטע יאָרן באַזונדער באַרימט געמאַכט צוליב די „היפּיס", וואָס האָבן פאַרלייגט אין אים זייערע נעסטן...

וועגן די „היפּיס", וואָס האָבן מיט זייער הילוך ווייט איבערגעשטיגן זייערע פאָרגייער, די ביטניקעס — האָט מען שוין אַ סך געשריבן אָבער — נישט קלאָר געמאַכט זייער „אידייע" — מחמת זיי ווייסן נאָך אַליין נישט, וואָס זיי ווילן. איינס איז אָבער זיכער: די היפּי־יוגנט איז אַ פּראָדוקט פון אונדזער צייט; אַ פּראָדוקט פון אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט מיט אירע קאָנווענציאָנעל־אָנגענומענע ליגנס — אַוועקגענומען ביי דער יוגנט יעדן גלויבן אין עפּעס העכערס, שענערס און ריינערס פון דעם, וואָס זי זעט אַרום זיך...

דאָס אַרומגיין פון די „היפּיס" אין אַ הילוך, ווי אין אַ קאַרנאַוואַל פון וואַגאַבונדן, איז בלי ספק אַ להכעיס און אַ פּראָטעסט קעגן אונדזער היינ־טיקער געזעלשאַפט.

די „היפּיס" רעקרוטירן זיך דאָס רוב פון נישט פאַרמעגלעכע היימען, ביי עלטערן פונעם מיטלקלאַס. עס זענען אָבער פאַראַנען צווישן זיי אַ גרויסע צאָל יוגנטלעכע אויך פון רייכע היימען, פון וואַנען ס'האָט זיי אַרויסגעיאָגט די לאַנגווייל פון די אינהאַלטלאָזע, סנאָבישע סאַלאָנען און די מלחמה מיט די עלטערן, וואָס פאַרשטייען זיי נישט און באַמיִען זיך נישט זיי צו פאַרשטיין.

די היפּי־יוגנט, וואָס באַשטייט דאָס רוב פון שטודירנדיקע — פאַר־מאָגט אַ היפּשע צאָל אינטעליגענץ, וואָס פירט אויך צווישן זיך אַ קולטור־אַרבעט. האַלטן רעפעראַטן איבער קונסט און פּאָליטיק; גיבן פאַרשטעלונ־גען פון אייגענע פּיעסן און גיבן אויך אַרויס אַן אייגענע צייטשריפט „ראַט", מיט וועלכער זיי באַקענען די עפנטלעכקייט מיט זייער תורה, וואָס איז אַ צונויפשמעלץ פון אַנאַרכיזם מיט... בודיזם.

דער גרעסטער יאַריד פון די „היפּיס" איז אין אַ זונטיקדיקן טאָג אָדער אין אַ טאָג, ווען עס פאַלט אויס אַ חגא; אין אַזאַ טאָג ראַיעט מיט זיי דער „גריניטש־ווילעדזש", ווי אַ בינשטאָק; זיי פּאַראַדירן אַרום נישט־געוואַשענע און נישט־צעקעמטע — אין אַלטע, שוין לאַנג אָפּגעדינטע בגדים ווי פון אַ טעאַטער־רעקוויזיט און עס איז אָפט מאָל נישט לייכט אין זיי צו דערקענען ווער פון די „היפּיס" איז פון מין זכר און ווער — מין נקבה. אַלע טראָגן זיי הויזן און לאַנגע האָר; די בחורים טראָגן אויך אויע־רינגלעך, בראַסלעטן, שנירן קרעלן, קייטן באַהאָנגענע ווי מיט קמעות, און אויב עס איז נאָך ווייניק — טראָגן זיי אין די לאַצן גרויסע קאָלירטע בלע־כענע קנעפּ מיט אָפּגעדרוקטע פּאַראָלן און לעסטערונגען על ה' ועל משיחו...

ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז דאָס טראָגן שנורן קרעלן, פּאַטשערקעס און קייטן, וואָס זענען באַהאָנגען מיט מעטאַלענע סימבאָלישע אָפּדרוקן, איז אויך געוואָרן דאָס צירונג ביי אַ גרויסן טייל „סאָלידע" אַמעריקאַנער מענער פון אַלע קאָלירן, וואָס האָבן די דאָזיקע מאָדע איבערגענומען פון די „ביטניקעס" און „היפּיס".

די ענגערע צוזאַמענקומען פון די „היפּיס" קומען פאָר אין די גערט־נער און סקווערן, איבערהויפּט אין די סקווערן פון „גריניטש־ווילעדזש", ווו זיי זיצן נישט נאָר אויף די בענק און אויף די ביסלעך גראָזן, נאָר אויך

אויף דער נאַקעטער ערד, וואָס איז אָנגעוואָרפן מיט פּאַפּירן און אָפּפאַל און — פאַרברענגען זייער צייט מיט שמועסן, וואָס ווערן פאַרטרונקען מיטן בי־טערן טראָפּן און פאַררייכערט מיט אָפּיום, כאַשיש און מיט אַנדערע נאַר־קאָטישע מיטלען צום פאַרגעסן זיך. זעלטן, אַז עמעץ פון די „היפּיס" זאָל אין אַ חגא־טאָג זיין ניכטער. ווי אין לעטאַרג — וויגן זיי זיך שטייענדיק, גייענדיק און זיצנדיק — אַ בחור מיט אַ מיידל, אַ מיידל מיט אַ בחור; האַלטן די אויגן אָפן און זעען, דאַכט זיך, קיינעם נישט און גאָר נישט, נאָר הערן זיך איין צום געברום פון אַ גיטאַרע, אויף וועלכער זייערער אַן אייגענער שפּילט געדעמפּט צו — בעת זיי טראָגן זיך באַרוישטע אַריבער אין אַ וועלט, וואָס פאַר ניכטערע איז זי פרעמד...

ניו־יאָרק, 1968

# אויף אַ סדר אין יאָהאַנעסבורג

אַז מען איז אין דער פרעמד, צווישן ווייניק יידן, נוצט מען אויס יעדע געלעגנהייט, כדי צו טרעפן זיך מיט זיי וואָס מער, און מען לאָזט זיך איינלאַדן אויף יידישע אַסיפות, שמחות, סעודות, און דער עיקר — צו טראַדיציאָנעלע יידישע יום־טוב־פייערונגען.

געפינענדיק זיך פסח אין יאָהאַנעסבורג, האָב איך דערפאַר גערן אָנגענומען די איינלאַדונג צו זיין אויפן סדר ביי די קינדער פון יאָהאַנעסבורגער יתומים־הויז.

געגאַנגען צום סדר בין איך מיט אַ העברעיִשן לערער פון יתומים־הויז; געגאַנגען תחילת אָוונט, כדי צו זיין אויך אין שול בעת די קינדער וועלן אין זייער ספּעציעל געבויטער שול דאַווענען מנחה־מעריב. די קינדער אין עלטער פון זעקס־זיבן ביז צוועלף־דרייצן און אויך די איינגעלאַדענע געסט, האָב איך שוין געטראָפן אין דער יום־טובדיקער העל־באַלויכטענער שול; די מיידלעך, אין איינפאַרביקע בלאָע קליידלעך מיט ווייסע קעלנערלעך, און די יינגלעך, אין טונקעלע מלבושימלעך, אויך מיט ווייסע קעלנערלעך און קראַוואַטלעך און מיט קליינע יאַרמולקעלעך, אויסגעניייטע מיט זילבערנע מגן־דודלעך און מיט „ציון און ירושלים״. דער שליח־ציבור זייערע, דער חזן, איז געווען דער לייטער און דער דאָקטאָר פון יתומים־הויז. דאָס דאַווענען האָט ער אַדורכגעפירט אויפן שטייגער פון די אמעריקאַנער חזנים פון די רעפאָרם־שולן: יעדן פּסוק פאַרטייטשט אויף ענגליש, כדי די קינדער זאָלן פאַרשטיין פירוש המילות... איין מעלה האָבן אָבער יאָ די דאָזיקע חזנים: זיי מאַכן עס בקיצור, ווייל זיי מיינען „בישט די הגדה, נאָר די קניידלעך״ און — מען האָט זיך אַרויסגעלאָזט צום עסזאַל, ווו די טישן — אויסגעשטעלטע און געדעקטע לויטן גאַנצן „שולחן ערוך״ פון אַ סדר — האָבן געוואַרט אויף אונדז מיט יום־טובדיקע מאכלים אויף שטרענג־כשרע כלים פון וועלכע ס׳האָט אַפילו געמעגט עסן דער יאָהאַנעסבורגער טשיף־ראַבאַי אַליין...

דאָס דורכפירן די סדר־צערעמאָניע, איז אויך געלעגן אין די הענט פונעם לייטער, וואָס האָט, ווייזט אויס, געהאַט שוין אויף דעם אַ חזקה. אָנגעהויבן האָט ער מיט אַ באַגריסונג לכבוד מיר, דעם גאַסט פון ישראל; ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַרן גאַנצן עולם; דערקלערט די קינדער ווער און וואָס איך בין, און דערביי אַוועקגעלייגט אַ לעקציע וועגן דעם, אַז ס'איז אַמאָל „געווען" אַ יידישע שפּראַך מיט אַ יידישער ליטעראַטור פון וועלכער איך בין איינער פון די „לעצטע מאָהיקאַנער"... דער חשובער דאָקטאָר, וואָס לויט זיין יידיש ((וואָס ער האָט גערעדט נאָר מיט מיר), האָט ער געדאַרפט זיין אַ גאַליציאַנער — האָט זיין „וויסנשאַפטלעכע" לעקציע וועגן יידיש געהאַלטן אין ענגליש, — די איינציקע שפּראַך אויף וועלכער די יידישע יוגנט אין דרום־אַפריקע איז געוואָרן דערצויגן.

מיט אַ סך מער אינטערעס, ווי צו דער לעקציע וועגן יידיש, האָבן סיי די קינדער און סיי די דערוואַקסענע — זיך צוגעהערט צו דער רעדע (אויך אין ענגליש) פון אַ צווייטן „מחנך", וואָס האָט זיך גראָד געהאַט אומגעקערט פון אַ רייזע אין אַמעריקע און דערציילט וועגן... דעם טויט פונעם באַרימטן פילם־סטאַר, וואָס איז געשטאָרבן גראָד אין יענער צייט ווען ער, דער מחנך, איז דאָרט געווען און געקאָנט דערפאַר זיין ביי דער לוויה...

ענדלעך האָט מען זיך גענומען אויך צו דער הגדה, און די קינדער האָבן, צו מיין גרויסער איבערראַשונג, אויפגעזונגען דעם „עבדים היינו" — מיטן ניגון פון „התקוה"... מיין בייזיצנדיקער, דער העברעיִשער לערער, האָט באַמערקט מיין פאַרוווּנדערונג און מיט אַ שמייכל מיר אַ זאָג געטאָן אויפן אויער: אַזוי זאָגט מען ביי אונדז „עבדים היינו", איר וועט נאָך הערן שענערס...

אויך די הגדה האָט דער לייטער איבערגעזעצט פּסוק ביי פּסוק אויף ענגליש, און די קינדער האָבן הויך, כמעט שרייענדיק, נאָכגעזאָגט מיט אַ געזאַנג, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ זייער לאַנגע, ביז גאָר לעכערלעך־קאָמישע פּאָפּורי פון העברעיִשע, יידישע, ענגלישע און רוסישע מאָטיוון, וואָס צום שטאַרקסטן האָט זיך געהערט פון זיי דאָס באַקאַנטע רוסישע וואָלגע־ליד „עי אוכניעם"...

דעם עונג־יום־טוב האָב איך פאַרענדיקט דעם לעצטן טאָג פּסח אין איינער פון די יאָהאַנעסבורגער גרויסע שולן: די ברעמאַ־שול. געגאַנגען בין איך הערן אין איר דעם דאָרט באַליבטן חזן מאַנדעל, וואָס איז עטלעכע מאָל דאָרט אויפגעטראָטן אויף מיינע ליטעראַרישע אָוונטן און באַוויזן, אַז ער איז אויסער אַ פיינער חזן — אַ זייער שיינער און געשמאַקער זינ־גער פון קלאַסישע און יידישע פאָלקסלידער. אַז דער חזן מאַנדעל האָט פון באַלעמער־אַראָפּ געזען מיך אַריינקומען — האָט ער, ווי איך האָב באַמערקט, צוגערופן צו זיך דעם שמש, אים געזאָגט עפּעס אויפן אויער און דער שמש האָט פון דער ווייט אויף מיר אַ קוק געטאָן ווי ער וואָלט נישט געגלויבט זיינע אויגן...

נאָך קריאת התורה האָט דער בעל־דרשן, דער ראַבאַי, אָנגעהויבן זיין טראַדיציאָנעלע דרשה, בזה הלשון: רבותי, צוליב דעם חשובן גאַסט, וואָס מיר האָבן דאָ פון ישראל, וועל איך דאָס מאָל רעדן יידיש, און זאָל דער גאַסט נאָך זיין אומקערן זיך צוריק קיין תל־אביב, נישט זאָגן דאָרט, אַז ער איז געווען אין אַ קלויסטער...

נאָכן דאָזיקן אַריינפיר, האָט אויך דער ראַבאַי, ווי דאָס האָט געטאָן דער דאָקטאָר אין יתומים־הויז — געגומען ווייזן פאַר מיר זיין בקיאות נישט נאָר אין הימלזאַכן, נאָר אויך אין דער געשיכטע פונעם אונטערגע־גאַנגענעם יידיש. אויך פונעם ראַבאַיס רייד האָט זיך באַקומען אַן איינדרוק, אַז איך, דער גאַסט, דער יידישער שרייבער, בין נישט מער ווי עפּעס אַ פּרעהיסטאָריש איבערבלייבעכץ פון אַ יידיש־תקופה... דער אויספיר פון דער דאָזיקער יידיש־לעקציע איז געווען בערך אוסישקינס, נאָר אַ ביסעלע אַנ־דערש: עברית או אנגלית.

אגב, איז דער זאַפטיקער, קערנדיקער יידיש אינעם מויל פון פאַרענג־לישטן ראַבאַי, געווען די שטאַרקסטע אָפּלייקענונג, אַז יידיש לעבט נישט מער...

# אויף אַ יידישן בית־עולם אין ניו־יאָרק

ווי דאָס יידיש־געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן אין ניו־יאָרק און אין אַמעריקע בכלל — אַזוי איז אויך אַ יידיש בית־עולם אין אַמעריקע צעפּערטלט און צעטיילט לויט אָרגאַניזאַציעס, לאַנדסמאַנשאַפטן, יוניאָנס, ברענטשעס, און אַפילו ספּאָרטקלובן צו וועלכע די, וואָס ליגן דאָרט, האָבןביים לעבן „באַלאַנגט". דערפאַר זענען אין די אַלייען און „גאַסן" פון אַזאַ בית־עולם צעשטעלט טויערן פון צווויי אייזערנע שטאַנגען, וואָס טראָגן אויף זיך שוואַרצע שילדן מיט גאָלדענע אָדער זילבערנע אויפשריפטן, וואָס ווייזן צו וועמען יעדער חלק בית־עולם געהערט...

דעם 18טן יוני, צו דער ערשטער יאָרצייט נאָכן דיכטער א. גלאַנץ־לעיעלעס, האָב איך צו דער אַנטהילונג פון דער מצבה אויף זיין קבר — אויסגענוצט די געלעגנהייט צו באַזוכן אויך די קברים פון יענע שרייבער, וועלכע כ'האָב געקענט נישט נאָר פון זייערע שאַפונגען, נאָר אויך פון מיינע פערזענלעכע באַגעגענישן מיט זיי, נישט אין אַמעריקע, נאָר אין אייראָפּע.

איידער איך גיי איבער צום אַלגעמיינעם איינדרוק פון מיין בית־עולם־באַזוך, געפין איך פאַר נייטיק צו מאַכן אויפמערקזאַם אויף אַ זייער פאַר־דריסלעכן פאַקט, וואָס זאָגט עדות וועגן די „קאָלעגיאַלע" באַציִונגען צווישן די אַמעריקאַנער יידישע שרייבער און קולטור־טרעגער.

ביי דער אַנטהילונג פון גלאַנץ־לעיעלעסעס מצבה זענען נישט געווען קיין צוויי מנינים מענטשן. ס'איז באַזונדער שטאַרק קענטיק געווען די אָפּוועזנהייט פון די שרייבער, אַפילו פון די, וואָס האָבן מיט גלאַנצן מיט־געאַרבעט יאָרן־לאַנג אין איין צייטונג.

די קעלט, וואָס האָט אין אַ זוניקן, וואַרעמען יוני־טאָג געווייעט אַרום דער אַנטהילונג פון דער גלאַנץ־לעיעלעס־מצבה, האָט נאָך טרויעריקער געמאַכט די בית־עולם־אַטמאָספער און נאָך דערדריקנדיקער געווירקט אויף דער אַלמנה פונעם דיכטער.



דעם באַזוך אויפֿן ניו־יאָרקער יידישן בית־עולם האָב איך געמאַכט נישט אַליין, נאָר אין באַגלייטונג פֿון אַ ניו־יאָרקער תושב, אַ באַקאַנטער טעאַטער־מענטש און רעציטאַטאָר, משה פּערענסאָן.

צוליב דער מוסטערהאַפֿטער אָרדענונג אויף אַן אַמעריקאַנער בית־עולם און אַ דאַנק דער ספּעציעלער בית־עולם־מאַפּע, וואָס מיין באַגלייטער פּערענסאָן האָט אַרויסגענומען פֿון דער בית־עולם־אַדמיניסטראַציע, האָבן מיר נישט לאַנג געדאַרפֿט זוכן און מיר האָבן, פֿאַרנדיק די גאַנצע צייט מיט אַן אויטאָמאָביל איבער די גוט געפֿלאַסטערטע בית־עולם־וועגן — לייכט געפֿונען די „אַדרעסן"... נישט ווייניק האָט אונדז אויך אַרויסגעהאָלפֿן דאָס, וואָס כמעט אַלע יידישע שרייבער, וואָס ליגן דאָרט, פֿאַרנעמען די „מזרח־וואַנט" און „ווינען" אין אַזאַ ענגער שכנות, וואָס וואָלט ביים לעבן נישט מעגלעך געווען... ס'איז געווען גענוג, כ'זאָל שטייענדיק ביי לייוויקס קבר, לייכט אַ דריי טאָן מיטן קאָפּ אויף רעכטס — מיינע אויגן זאָלן זיך מיט אַ מאָל אָנשלאָגן אָן דער מצבה פֿון דניאל טשאַרני, און באַלד פֿון לינקס — אָן דער מצבה פֿון ש. ניגער און אַ שפּאַן ווייטער — פֿון וולאַדעקן און הינטער מיר — די מצבה פֿונעם ערשטן רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פֿון דעם אַמעריקאַנער „פֿאָרווערטס" — אב. קאַהאַן, און נאָענט ביי אים: די מצבות פֿון יוסף אָפּאַטאָשו, דוד איגנאַטאָוו, מאַני לייב, זישע לאַנדוי און אַ סך גוט־באַקאַנטע נעמען — אויסגעהאַקטע און אויסגעקריצטע אויף שטיינער פֿון מצבות נאָך דעם גרעסטן יידיש־ליטעראַרישן צענטער אין אַמעריקע — אָנהייבנדיק פֿון מאָריס ראָזענפֿעלד און ענדיקנדיק מיט די „יונגע".

אַזעלכע יידישע בית־עולמס, אויף וועלכע עס רוען די שעפֿער פֿון איבער צוויי דורות יידישע ליטעראַטור און קולטור, פֿאַרמאָגט אַמעריקע — נישט איינעם. פֿאַר מיר איז אָבער גענוג געווען דער איינער וואָס כ'האָב געזען — איך זאָל פֿון אים אַרויסגיין מיט אַ געפֿיל ווי פֿון אַ גרויסן אָפּגעשטאָרבענעם פּרדס, וואָס האָט ווו־נישט־ווו געלאָזט נאָך זיך עטלעכע פּרוכטבאַרעביימער — לזכר זיין אַמאָליקער בליצייט.



נאָך אַ לענגערן פאַרהאַלטן זיך ביים קבר פון גרעסטן יידישן דיכטער פון מיין צייט — ביי לייוויקן — האָב איך מיט עטלעכע מינוט שפּעטער, זיך געפונען ביים קבר פון אונדזער געניאַלן שלום־עליכם; ביי אַן איינ־פאַכער שוואַרצער מצבה — באַשריבן פון פאָרנט און פון הינטן מיט דער עפּיטאַפּיע פון שלום־עליכמס באַקאַנטע צוואה; פון פאָרנט — אין אָרי־גינאַל, אויף יידיש, ווי אַלע מצבות פון די יידישע שרייבער און פון הינטן, ווי אויף אַ פּלייצע — אויף העברעיִש (צוגעשריבן מיט אַ צייט שפּעטער), כדי נישט איבערצולאָזן שלום־עליכמען אין גאַנצן ביי די יידישיסטן...

די העברעיִשע צושריפט אויף שלום־עליכמס מצבה און די יידישע אויפשריפטן אויף די מצבות פון אַלע יידישע שרייבער אויף אַ ניו־יאָרקער בית־עולם, האָבן ביי מיר אויפגעוועקט אַ שאלה: וואָס, למשל, וואָלט גע־ווען ווען שלום־עליכם וואָלט געשטאָרבן נישט אין ניו־יאָרק, נאָר אין ישראל, ווו מען קאָן נישט (לויט אַ נישט געשריבענעם געזעץ) אויפשרייבן אויף אַ מצבה א יידיש וואָרט, און אַ יידישער שרייבער, וואָס האָט ביי זיין לעבן נישט געשריבן קיין העברעיִש — ווערט בעל כרחו אַ סופר — אויך אויף זיין מצבה, אויף וועלכער דער נאָמען זיינער ווערט געגעבן נישט מיטן יידישן אויסלייג, נאָר מיטן העברעיִשן.

צי וואָלט טאַקע מעגלעך געווען, אַז אויף שלום־עליכמס מצבה אין ישראל זאָל זיין צוואה ווערן אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות אויף יידיש, ווי אין דעם נישט־יידישן לאַנד אַמעריקע, אָדער — עס וואָלט, חלילה, געקומען צוליב דעם צו אַ בירגערקריג?...

ניו־יאָרק, 1968

# אלמנות און גרושות אין אַמעריקע

יעדער מענטש (און אפשר נישט יעדער?...) ווייסט, אַז פריִער אָדער שפּעטער מוז ער שטאַרבן. אַמעריקע איז אָבער אַ לאַנד, ווו מענער שטאַרבן על־פּי־רוב פריִער פאַר די פרויען און זעלטן שפּעטער...

בלויז פון איינס פון די קאָאָפּעראַטיווע הייזער אין ניו־יאָרק, ווו מיר איז אויסגעקומען צו וווינען בעת מיין באַזוך אין אַמעריקע, זענען פון קאַרגע דריי הונדערט נפשות אינעם הויז — געווען אַרום זיבעציק פּראָצענט פרויען, וואָס דער רוב פון זיי זענען גרושות און נאָך מער — אַלמנות.

ווי איך האָב שוין באַמערקט, איז דאָס נאָר אין איין הויז פון הונדערטער אַזעלכע קאָאָפּעראַטיווע הייזער, ווו ס'וווינען אויך צו טויזנט און עטלעכע טויזנט נפשות אין איין הויז. אגב — וווינען אין אַזעלכע הייזערבלאָקן, וואָס האָבן העכער צוואַנציק שטאָק, נאָר אומפאַרמעגלעכע, על־פּי־רוב — „ריטאַיערטע", פּענסיאָנירטע, הייסט עס, עלטערע מענטשן.

פאַר וואָס די שטערבלעכקייט פון די מענער אין אַמעריקע איז גרעסער פון דער שטערבלעכקייט ביי פרויען, האָט מען מיר „אויפגעקלערט", אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס אין אַמעריקע גייען די פרויען „אין די הויזן" און די מענער זענען זייערע פאַנטאָפל... איז: ווי לאַנג קאָנען אויסהאַלטן פאַנטאָפל?

שטאַרק קלאָר איז מיר פון דער אויפקלערונג נישט געוואָרן, נאָר אַ שטיק אמת ליגט, מיין איך, דערין — ווען עס רעדט זיך וועגן פרויען, וואָס זענען אַ העלפט אָדער נאָך ווינציקער פון אַ העלפט אַלט פון זייערע מענער, אָבער בשום אופן נישט פון מאַן און פרוי, וואָס זענען בערך אין זעלבן עלטער און פון זעלבן קלאַס און שטאַנד.

אויסצוגעפינען די פאַקטישע סיבה פון דער גרויסער מענער־שטערבלעכקייט אין אַמעריקע, לאָז איך איבער פאַר סאָציאָלאָגן אָדער מעדיקער.

איך שטעל בלויז פעסט אַ פאַקט מיט וועלכן כ׳האָב אַמעריקע נישט אַנט־דעקט.

אַז אַ לאַנד האָט אַזאַ איבערפלוס פון פרויען, ווי אַמעריקע האָט — קומט במילא אויס צו פאַרקערן מער צווישן פרויען, ווי צווישן מענער.

אויך מיר איז אין אַמעריקע אויסגעקומען (גאָר נישט צוליב ראָמאַנ־טישע סיבות) צו פאַרקערן מערסטנס אין געזעלשאַפט פון פרויען, וואָס דער רוב פון זיי זענען געווען אַלמנות. ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט, זענען אין אַמעריקע פאַראַן אויך נישט ווייניק גרושות און אויך די דער־שיינונג איז נישט אַזוי צוליב ראָמאַנטישע סיבות, נישט אַזוי צוליב פּאָע־זיע, ווי צוליב פּראָזע...

אויב אין דער גאַנצער וועלט איז אַ טשעקביכל ביים היינטיקן טאָג — דאָס בעסטע ביכל, איז אַ טשעקביכל אין אַמעריקע — אַ „בעסטסעלער״ און אַ מאַן פאַר אַ פרוי — אַ פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט, וואָס, נאָך איר באַנקראָט, בלייבט איבער אַ גרושה...

מען דאַרף אויך נישט פאַרגעסן, אַז אויסער די צוויי פון מיר דער־מאָנטע קאַטעגאָריעס איינזאַמע פרויען, גרושות און אַלמנות, איז אין אַמעריקע, ווי אין דער גאַנצער וועלט, פאַראַן נאָך אַ דריטע קאַטעגאָריע פרויען, וואָס זייער צאָל איז נישט אַזוי גרויס ווי די צאָל פון די ערשטע צוויי קאַטעגאָריעס, אָבער — זייער אַנזעעוודיק. איך מיין דאָ יענע פרויען, וואָס האָבן קיין מאָל נישט חתונה געהאַט און געבליבן אַלטע מיידן. צוליב דעם, וואָס די דאָזיקע קאַטעגאָריע פרויען איז נישט קיין ספּעציפיש־אַמע־ריקאַנער דערשיינונג, וועל איך דאָ נישט פרווון זוכן די סיבות פון זייער אַלט־מוידישקייט און וועל אויסמיידן צו באַרירן די אינטימסטע, ווייטיק־לעכסטע סטרונע ביי די אומגליקלעכסטע פון די פרויען...

נאָר — לאָמיר צוריקגיין צו די אַלמנות, צווישן וועלכע איך האָב, אגב, זייער אַ סך אַלטע און ניי־צוגעקומענע פריינדינס; איך מיין דאָ, די גרויסע צאָל אַלמנות נאָך די פאַרשטאָרבענע יידישע שרייבער אין אַמע־ריקע. איך האָב זיי געטראָפן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, דער עיקר — אויף מיינע ליטעראַרישע אויפטריטן, צו וועלכע זיי האָבן מיר געברענגט די ביכער פון זייערע פאַרשטאָרבענע מענער. כ׳האָב זיך אויך געטראָפן

מיט עטלעכע שרייבער־פּרויען, וואָס האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זייער אַלמנהשאַפט: חתונה געהאַט, און אין די זיבעציקער — געוואָרן צוריק יונג...

פאַר פּחד פאַר דער עלטער און נאָך מער — פאַר פּחד פאַר דער איינזאַמקייט אויף דער עלטער — חלומען אַלע אַלמנות, ווי אַלט זיי זאָלן נישט זיין — וועגן חתונה־האָבן — אויב עס זאָל זיך נאָר מאַכן אַ פּאַסיקער שידוך... כדי דעם חלום צו פאַרווירקלעכן — גייען די אַלמנות שטענדיק אַרום אין זייערע יום־טובדיקע קליידער און נישט איינע פון זיי „שטייט" טאַקע אין שידוכים...

כדי צו אילוסטרירן די טראַגישע איינזאַמקייט פון אַמעריקאַנער פרויען, וואָס האָבן קיין מאָל נישט חתונה־געהאַט און פון אַזעלכע, וואָס זענען געבליבן גרושות אָדער אַלמנות, וועל איך ברענגען פאָלגנדיק כאַראַקטעריסטיש בילד:

בעת כ'בין איין מאָל, ווי יעדן טאָג, אַראָפּגעגאַנגען פון מיין וווינונג, אַרויסצונעמען בריוו פון מיין פּאָסטקעסטל, האָט אַן איינזאַמע פרוי אין די פריִע זעכציקער, אויפגעשלאָסן איר פּאָסטקעסטל, וואָס איז געווען ליידיק, און כ'האָב געהערט ווי זי האָט אין דער שטיל צו זיך אַ זאָג געטאָן: אַז מען שרייבט זיך אַליין נישט קיין בריוו — פון וועמען זאָל מען קריגן?...

ניו־יאָרק, 1968

## מ׳לויפט

אַז כ׳בין אין יאָר 1951 געקומען קיין דרום־אַפריקע און אַ דאָרטיקער ייד האָט מיר געזאָגט: „איך גיי צו איזראַעל״, האָב איך, נישט קענענדיק קיין ענגליש און דעם ענגלישן רעדנאַרט — געפרעגט ביים ייד: ווי אַזוי וועט איר עס גיין קיין ישׂראל? און, פאַר וואָס זאָלט איר גיין, אַז איר קאָנט פאָרן אָדער פליִען?...

כ׳האָב זיך עס דערמאָנט אין שייכות מיט די קומענדיקע וואַלן צו אַ נייער רעגירונג אין אַמעריקע.

שוין וואָכן לאַנג, ווי איך הער פון די אַמעריקאַנער יידן און לייען אין די אַמעריקאַנער יידישע צייטונגען וועגן דעם, ווער פון דער אַמעריקאַנער פראָמינענץ לויפט, וויל לויפן, וועט לויפן אָדער נישט לויפן, אַרויסצו־שטעלן זיין קאַנדידאַטור.

ווי כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז אַן אַפריקאַנער אָדער אַמעריקאַנער ייד „גייט״ אַפילו, ווען ער פאָרט אָדער פליט ערגעץ — אַזוי האָב איך אויך נישט געוווּסט, אַז ווען איינער שטעלט אַרויס אָדער האָט בדעה אַרויסצו־שטעלן זיין קאַנדידאַטור, הייסט עס ביי די אַמעריקאַנער, אַז ער „לויפט״

— האָב איך ביי אַן אַמעריקאַנער ייד, וואָס איז געזעסן נעבן מיר אין אַ „סעלפסערוויז״ און געגעסן — אַ פרעג געטאָן אין שפּאַס: — וואָס פאַראַ מאָדנע טבע איז עס ביי אייך, אַמעריקאַנער, אַז דאָרט ווו איר דאַרפט פאָרן אָדער פליִען — גייט איר, און דאָרט, ווו איר קאָנט גיין — לויפט איר?...

דער ייד האָט זיך, משמעות, נישט געכאַפּט אויף מיין הלצה און גע־ענטפערט: וואָס הייסט פאַר וואָס מיר לויפן? ווייסט איר נישט, אַז „טאַים איז מאַני?״ — לויפט מען!

— ניין, נישט דאָס האָב איך געפרעגט — זאָג איך און איך חזר אים איבער דאָס זעלבע, נאָר אַ ביסל אַנדערש:

— וואָס איז, פרעג איך, דאָס לויפעניש, וואָס מען לויפט ביי אייך — צו ווערן פּרעזידענט, גאָווערנאָר, צי פּרעמיער אָדער סענאַטאָר? וואָס, אימשטיינס געזאָגט, איז עס פּאַראַ „דזשאָב״, אַז אַזאַ מאַן קאָן נישט אַליין, אָן אַ צוואַנציק שומרים פון „עפּ־בי־אַי״, אַריינגיין אַפילו טאָן אַ מענטש־לעך באַדערפעניש...

דער אַמעריקאַנער ייד האָט מיט אַ שמייכל שוין, אַ קוק געטאָן אויף מיר דורך די גראָבע ברילנגלעזער, מיך אַ ווײַלע באַטראַכט, ווי ער וואָלט דערזען אין מיר דעם אמתן „כעוורעמאַן״, דעם ריכטיקן „באַי״. — איך זע, זאָגט ער, אַז כאָטש איר זייט דאָ אַ „וויזיטער״, פאַרשטייט איר אונדזערע „ביזנעס״; נישטאָ וואָס מקנא צו זיין אונדזערע גאָווערנאָרס, סענאַטאָרן און אַפילו דעם פּרעזידענט אַליין; אַ לאַנד, ווו יעדער בויטשיק קאָן זיך קויפן אַ „פּיסטויל״ אָדער אַ ביקס און שיסן, איר פאַרשטייט? איז נישט בעסער, אַז איך זיץ מיר אין מיין „סטאָר״ אָט דאָ נישט ווייט, אַ „סטאָר״, נישט ווי „מעיסיס״, וואָס פאַרנעמט דעם פראָנט פון דריי גאַסן אין אַ „בילדינג״ פון פערצן „פלאָרס״ — פון דעסטוועגן קאָנט איר ביי מיר קריגן, וואָס אין די „מעיסיס״ וועט איר פאַר קיין שום געלט נישט קריגן: איבערגעטראָגענע „סוטס״ און איבערגעלאַנגענע שיך, וואָס עס קויפן ביי מיר זייער אַ סך שוואַרצע און אויך די ווייסע, די מיט די לאַנגע האָר און ווילדע בערד, די „היפּיס״, ווי מען רופט זיי ביי אונדז.

געזען, אַז דער אַמעריקאַנער פאַרנעמט זיך נאָך אַ סך צו רעדן מיט מיר וועגן זיינע „ביזנעס״, האָב איך אים אַ פרעג געטאָן: זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווו נעמט איר עס אַזוי פיל צייט אויף צו זיצן מיט מיר אין מיטן העלן טאָג און שמועסן?

ער האָט מיר אָנגעהויבן דערקלערן עס, נאָר איך האָב שוין נישט געהערט, נישט געהאַט שוין מער קיין געדולד צו אים; כ׳האָב אויף גיך אַ קוק געטאָן אויף מיין זייגער און אים אַ זאָג געטאָן: איר האָט שוין, אַפּנים, פאַרגעסן, אַז „טאַים איז מאַני״, איך מוז שוין לויפן, „גוד באַי״! און — איך בין געלאָפן...

ניו־יאָרק, 1968

# יידיש אין אַמעריקע

בעת מיין איצטיקן, ערשטן באַזוך אין אַמעריקע, האָב איך, וואָס אַן אמת, נישט געזען, ליידער, אַפילו אַ דריטל פון דעם גרויסן, רייכן און אינ־טערעסאַנטן לאַנד. נאָר היות די ניין־מיליאָניקע שטאָט ניו־יאָרק איז די מעטראָפּאָליע נישט נאָר פון אַמעריקאַנער האַנדל און אינדוסטריע, נאָר אויך די מעטראָפּאָליע פון דער אַמעריקאַנער קולטור, קונסט און ליטעראַ־טור (אַריינגערעכנט אויך די יידישע — שטיץ איך זיך מיט מיינע דערפאַ־רונגען וועגן דער מערכה פון יידיש אין אַמעריקע — אויף ניו־יאָרק, וואָס איז מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק געוועזן דער גרעסטער יידישער ליטעראַרישער צענטער.

אַז איך זאָג: געוועזן — מיינט עס זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז ס׳איז מער נישטאָ, אָדער כמעט נישטאָ און, דאָס וואָס איז נאָך געבליבן נאָכן אויסשטאַרבן פונעם שענסטן דור יידישע שרייבער און קולטור־טוער, זענען בלויז בלאַסע שפּורן פון אַ בליִענדיקער תקופה פאַר יידיש אין אַמעריקע.

ווען מען נעמט אַ שבת־יומטובדיקן „פאָרווערטס״ אָדער „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״ און מען כאַפּט אַ קוק אויף דער גרויסער צאָל מודעות וועגן יידי־שע פאַראַנשטאַלטונגען, וואָס עס פירן דורך פּאַרטייאישע און אומפּאַרטיי־אישע אָרגאַניזאַציעס, פראָפ.־פאַראיינען, ברענטשעס, לאַנדסמאַנשאַפטן און פרויען־קרייזן — ווערט אַזש ליכטיק אין די אויגן און וואַרעם אויף דער נשמה און דו זאָגסט צו זיך: „לא אַלמן ישראל״, יידיש גייט נאָך ווייט נישט אונטער.

דאָס זעלבע געפיל האָט מען אויך, ווען מען זעט ווי אַזוי אַ יידישער עולם נעמט אויף אַ גאַסט, אַ יידישן שרייבער, אָדער אַ גאַסט, אַ יידישן זינגער אָדער רעציטאַטאָר; וויפל פאַראינטערעסירטקייט און דאַנקבאַרקייט מען דריקט זיי אויס, בעת מען קומט זיי הערן. איז דאָך די קשיה: אויב ס׳איז אַזוי גוט, טאָ פאַר וואָס איז אַזוי שלעכט? — איז דער תירוץ, אַז

יידיש אין אַמעריקע „לעבט״, ווי יידיש אין ישׂראל — פון געסט; עס איז אַ שבת־יומטובדיקער ענין און נישט קיין וואָכעדיק טעגלעך ברויט...

אַפילו ביי דעם רוב פון די, וואָס פאַרנעמען זיך מיטן צוגרייטן און דורכפירן די יידיש־יום־טובים, האָב איך זעלטן ווו און זעלטן ווען געהערט רעדן יידיש. איבערהויפּט איז אַ זעלטנקייט יידיש אין די מיילער פון די באַאַמטינס און פונקציאָנערינס פון די יידישע קולטור־אינסטיטוציעס. איך האָב זיך נאָר „געטרייסט״ וואָס אויך אין די ציוניסטישע אינסטיטוציעס רעדט מען נישט קיין העברעיִש, נאָר ענגליש. אַפילו דעם טראַדיציאָנעלן סדר, דעם צווייטן טאָג פסח, האָבן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס דורכגעפירט אויף ענגליש און אים געכשרט מיט אַ טראָפּן העברעיִש — אין קעגנזאַץ צום ערשטן סדר, וואָס דער אַרבעטער־רינג האָט דורכגעפירט אין יידיש מיט אַ טראָפּן ענגליש.

למען האמת שטעל איך פעסט, אַז דאָרט ווו מען טרעפט זיך מיט די אַרבעטער־רינג־קרייזן — ווייזט נאָך יידיש אין אַמעריקע אַרויס שטאַרקע סימנים פון לעבן. ליידער, זענען די דאָזיקע קרייזן זייער קליין און אָרעם אין פאַרגלייך מיט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. ס׳פאַרנעמען זיך מיט יידיש אויך די לינקע קרייזן, די, וואָס רופן זיך פּראָגרעסיווע: די קאָמוניסטן, וועמענס יידיש־אונטערנעמונגען ציִען צו גאַנץ גרויסע מאַסן צווישן וועלכע מען טרעפט זייער פיל באַלעבאַטישע, פאַרמעגלעכע יידן, וואָס שטיצן איר די קאָמוניסטן, אי די ציוניסטן און — קויפן מיט געלט זיך אויס פונעם קאָמוניזם און פונעם ציוניזם...

ווי איך האָב שוין פריִער געזאָגט, לעבט יידיש אין אַמעריקע פון געסט, וואָס באַלעבן די גאַסטגעבער און אויך דעם עולם, וואָס קומט זיי אָפּגעבן כבוד און... געניסן פון זייערע אויפטריטן אין יידיש.

פון מיינע צוזאַמענקומען מיט די אַמעריקאַנער יידיש־אָפּנעמער וועל איך בלויז דערמאָנען צוויי קולטור־אונטערנעמונגען, וואָס האָבן אויף מיר איבערגעלאָזט אַ באַזונדערן אָנגענעמען רושם: דער קבלת־פּנים, וואָס עס האָבן אין „אַטראַן־הויז״ איינגעאָרדנט פאַר מיר — דער יידישער קולטור־קאָנגרעס צוזאַמען מיטן יידישן פען־קלוב און, אַן אָוונט, וואָס עס האָט פאַר מיר איינגעאָרדנט דער בונדישער יוגנט־קעמפּ „המשך״.

ווי די אָרגאַניזאַטאָרן און אויך די אָנוועזנדיקע אויפֿן קבלת־פּנים האָבן מיר געזאָגט, געדענקען זיי שוין נישט די צייט, ווען אין „אַטראַן־הויז" זאָל אויף אַן אָוונט קומען אַזאַ גרויסער עולם, און דער עיקר: ס'זאָל אויף אַן אָוונט זיין אַזאַ געהויבענע, יום־טובדיקע שטימונג. דער דערפֿאָלג מיינעם אויפֿן קבלת־פּנים און אויך אַ סך אַנדערע אויפֿטריטן האָב איך, אין אַ גרויסער מאָס, צו פֿאַרדאַנקען מיין ישׂראלדיקייט און מיין ליד „זאָל זיין", וואָס איז ביי די אַמעריקאַנער נישט פֿאַרענגלישטע יידן פּאָפּולער געוואָרן אַ סך, אַ סך יאָרן פֿאַר מיין קומען קיין אַמעריקע.

דערמאָנענדיק מיינע ליטעראַרישע אויפֿטריטן אין אַמעריקע איז כדאַי צו באַמערקן, אַז אויף אַלע אונטערנעמונגען, וואָס די יידישע קולטור־אינסטיטוציעס האָבן דורכגעפֿירט לכבוד מיר, האָט מען כמעט נישט געזען די יידישע שרייבער. מיטן גלאַנץ פֿון זייער אָפּוועזנהייט האָבן זיי מיך דערמאָנט אָן די שרייבער אין ישׂראל: זיי קומען נאָר אויף יענע פֿאַראַנשטאַלטונגען אויף וועלכע זיי דאַרפֿן זיך באַטייליקן...

פֿון דעסטוועגן האָב איך זיך פֿערזענלעך געטראָפֿן און פֿאַרבראַכט מיט נישט ווייניק יידישע שרייבער, איבערהויפּט מיט יענע, מיט וועמען עס בינדן מיך צענדליקער יאָרן פֿריינדשאַפֿט נאָך פֿון די אַמאָליקע היימען אין פּוילן.

איך קער זיך אום צו מיין באַזוך אינעם זומערקעמפּ „המשך", וואָס איז אַ קעמפּ פֿאַר יוגנט, וועמענס הויפּטשפּראַך איז די שפּראַך פֿון דער גאַנצער אַמעריקאַנער יוגנט: די שפּראַך פֿונעם לאַנד, די שפּראַך פֿון דער שולע און די שפּראַך פֿון דער גאַס: ענגליש, און נישט ווי ביי דער גאַנצער אַמעריקאַנער יידישער יוגנט — אַ צוגאָב יידיש פֿון די יידישע אָוונטשולן און, פֿון די בונדישע היימען, ווו מען רעדט נאָך יידיש. אגב, איז מיר, ליי־דער„ נישט אויסגעקומען צו זען די יידישע פֿאָלקסשולן בעת אַ יידיש־לעקציע. איך האָב זיי צופֿעליק געזען גראָד אין די טעג און אין די שעהען, ווען מען האָט אין זיי נישט געלערנט; געזען הייסט עס, זייער איינריכטונג, וואָס האָט מיט דעם „פֿאַרנעם" מיך דערמאָנט אָן די יידישע נאָכמיטאָג־שולן ביים אַרבעטער־רינג אין תל־אביב, חיפה און באר־שבע, ווו זיי ווערן נישט נאָר נישט געשטיצט פֿון וועלכע ס'איז קולטור־פֿאָנדן אין ישׂראל,

נאָר זיי ווערן פולשטענדיק נעגירט פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט — אַריינגערעכנט אויך דעם יידישן ליטעראַטן־פּאַראַיין.

כ׳זאָל זאָגן, אַז דאָס יידישע לשון ביי די דאָזיקע יוגנטלעכע קלינגט אַזוי גוט און ריין — וואָלט געווען נישט ריכטיק. ווי קאָן מען פאַרלאַנגען ביי זיי אַ קאָרעקטן יידיש, אַז דריי פערטל פונעם טאָג גיבן זיי אַוועק דער שולע און דער היים און, בסך־הכל עטלעכע שעה אין דער וואָך — דער יידישער אָוונטשול ? !

פון דעסטוועגן האָט מיך די יוגנט אין „המשך״ איבערראַשט מיט זייער יידיש — בעתן רעציטירן און זינגען מיינע לידער, וואָס זיי האָבן אַליין איבערגעזעצט אויך אויף ענגליש פאַר יענע, וואָס האָבן קיין יידיש נישט פאַרשטאַנען. נאָך מער האָט מיך איבערראַשט דער מאָנטאַזש, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון מיינע לידער און, אים סצעניש אויסגעשפּילט מיט גרויס פאַרשטענדעניש.

טראָץ דעם, וואָס איך האָב באַזוכט אויך דעם קעמפּ „אונדזער קעמפּ״ פונעם אַרבעטער־פאַרבאַנד ; קעמפּ „בויבעריק״ און קעמפּ „אַרבעטער־רינג״ ווו מען האָט מיך איינגעלאַדן אויפצוטרעטן מיט יידיש — שטעל איך זיך מער אָפּ אויפן קעמפּ „המשך״, ווייל אין די אַנדערע קעמפּס נעמט די יוגנט נישט קיין אָנטייל אין אַ יידישער אימפּרעזע, מחמת מען האַלט זיי, איבער־הויפּט שפּראַכלעך און קולטורעל, איזאָלירט פון די דערוואַקסענע, וואָס האָבן נאָך סענטימענטן פאַר יידיש.

אַז מיט יידיש אין אַמעריקע איז נישט פריילעך, זאָגט שוין דאָס אַליין, וואָס אין משך פון מיין זיין דאָרט העכער פיר חדשים צייט, האָב איך נישט געהערט קיין יידיש רעדן נישט אין גאַס, נישט אויף קיין אויטאָ און אין דער אונטערגרונט־באַן, די „סאַבוויי״. דאָס איינציקע אָרט, ווו איך האָב עפּנטלעך און אויף אַ קול געהערט רעדן יידיש, איז געווען אין ירושלים דניו־יאָרק — אין ברוקלין, אין דער געגנט פון די סאַטמאַרער חסידים. און נאָך אַ בולטער, טרויעריקער אמת :

ווייענדיק די גאַנצע צייט אין איינעם פון די ניו־יאָרקער צוואַנציק־שטאָקיקע קאָאָפּעראַטיווע הייזער, האָב איך פון די עטלעכע הונדערט על־טערע יידישע איינוווינער, נישט נאָר, נישט געהערט רעדן קיין יידיש, נאָר

נישט געזען קיין איינעם פון זיי לייענען אַ יידישע צייטונג — בעת זיי זיצן אין דרויסן אין די סקווערן פאַר די הייזער און לייענען די ענגלישע פּרעסע. אַז איך בין נישט קיין אַמעריקאַנער, האָבן זיי דערקענט אין דער יידישער צייטונג מיט וועלכער איך בין יעדן טאָג פאַר זיי פאַרבייגעגאַנגען...

אַז כ׳האָב פאַר מענטשן, וואָס שטייען נאָענט צו די יידישע קולטור־קרייזן, אויסגעדריקט מיין אומצופרידנקייט מיטן מצב פון יידיש אין אַמע־ריקע, האָבן זיי די שולד אַרויפגעוואָרפן אויף די יידישע שרייבער וועמען ס׳איז, אויסער דאָס אַרויסגעבן זייערע ביכער, קיין מאָל נישט אָנגעגאַנגען די צוקונפט פון יידיש, נישט געזאָרגט דערפאַר אַז זייערע אייגענע קינדער זאָלן קאָנען לייענען זייערע שאַפונגען — נישט אין קיין ענגלישער איבער־זעצונג, נאָר אין יידיש.

אַגב, האָב איך די זעלבע באַשולדיקונג געהערט אַ מאָל אויך קעגן די יידישע שרייבער אין ישׂראל. מען האָט אַפילו באַשולדיקט (און מיט רעכט) אַ געוויסע ארץ־ישׂראל־פּאַרטיי, וואָס האָט געקעמפט פאַר די רעכט פון יידיש, אָבער נישט געטראַכט פון עפענען יידישע פאָלקסשולן אָדער אַ יידישן קינדער־גאָרטן, אַפילו פאַר דער היפשער צאָל קינדער פון די אייגע־נע פּאַרטיי־חברים...

פאַרגלייכט מען אָבער דעם היינטיקן מצב פון יידיש אין ישׂראל מיטן מצב פון יידיש ביי זעקס מיליאָן יידן אין אַמעריקע — איז די מערכה אין ישׂראל ממש אַן „אידעאַלע״.

ניו־יאָרק, 1968

# אינהאַלט

## פאַרצייכענונגען



## נסיעות

## דערשינענע ביכער פונעם זעלבן מחבר:

**אין זוניקן לאַנד**

(פּאַלעסטינע-לידער) פאַרלאַג „נייע קולטור״, וואַרשע, 1927.

**רויט אויף שוואַרץ**

(לידער) פאַרלאַג „נייע קולטור״, וואַרשע, 1929.

**גאָלדענע זאַמדן**

(פּאַלעסטינע-לידער) פאַרלאַג „אייגנס״, וואַרשע, 1932.

**סערגיי יעסענין**

(געקליבענע לידער) פאַרלאַג „אייגנס״, וואַרשע, 1933.

**אונטער פייער**

(לידער) פאַרלאַג „אייגנס״, תל-אביב, 1939.

**מן הטנא**

הוצא על-ידי הוועדה להוצאת כתבי המשורר, תל-אביב, תש״ב.

**געקליבענע לידער**

(פון היים, בונט, קריג און חורבן), איקוף-פאַרלאַג, ניו-יאָרק, 1947.

**אַן עלנד הויז**

(דערציילונגען) פאַרלאַג „קליינביבליאָטעק״, תל-אביב, 1950.

**פרוכט פון ווינט**

(געקליבענע לידער), אַרויסגעגעבן פונעם י. פּאַפּיערניקאָוו-קאָמיטעט ביי דער יידישער קולטור-פעדעראַציע, יאָהאַנעסבורג, 1952.

**מיין שיר השירים**

(לידער פון ליבשאַפט) פאַרלאַג „ניי-לעבן״, תל-אביב, 1953.

**היימישע און נאָענטע**

(דערמאָנונגען) פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל-אביב, 1959.

**די זון הינטער מיר**

(לידער), פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל-אביב, 1961.

**פרי גני**

(שירים) הוצאת ספרים „מנורה״, תל-אביב, 1962.

**פון צווייטן בראשית**

(לידער און פּאָעמען) אַרויסגעגעבן פונעם י. פּאַפּיערניקאָוו-קאָמיטעט ביים יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן-פאַראיין אין ישראל, פאַרלאַג י. ל. פרץ, 1964.



**מיין שיר השירים**

(לידער פון ליבשאַפט) צווייטע, פאַרגרעסערטע אויפלאַגע, פאַרלאַג „המנוררה״, תל-אביב, 1966.

**איבער חורבות**

פאַרלאַג „המנורה״, תל-אביב, 1967.

**אין ליכט פון פאַרגאַנג**

(לידער) פאַרלאַג „המנורה״, תשכ״ט - 1969.

**סערגיי יעסענין**

(געקליבענע לידער) צווייטע, פאַרגרעסערטע אויפלאַגע,
פאַרלאַג „המנורה״, תל-אביב, תש״ל - 1970.

**בשערי הקשת**

(שירים) איבערגעזעצט פון שלמה שנהוד, הוצאת „המנורה״, תל-אביב, תשל״א - 1971.

**ירושלים אין יידישן ליד**

(אַנטאָלאָגיע), פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל-אביב, תשל״ג - 1973.